יעקב זינגער

# דראַמאַטישע שריפטן

פון יידישן לעבן מעבר לים

פארלאג
י.ל. פרץ
ביבליאטעק
תל-אביב, ישראל

1960

יעקב זינגער
דראמאטישע שריפטן
פארלאג י. ל. פרץ ־ ביבליאטעק, תל־אביב, רח׳ אלנבי 31
Publishing by I. L. PERETZ LIBRARY
31, Allenby Str., Tel. - Aviv, Israel

JACOB SINGER
Dramatishe Shriftn
12 Selected Play's
Abaut yiddish Life Abroad



נדפס בישראל
Printed in Israel 1960

דאס בילד פון מחבר געמאלן פון ארטיסט ב. מלחי.

דפוס "מגן", ת"א, רח׳ בני־ברק 20, טל׳ 32978

# אינהאלט

## עטלעכע ווערטער פון מחבר

די 12 דראמאטישע אַרבעטן אין דעם בוך זענען נישט אויסגעשטעלט לויט דעם סדר ווי זיי זענען אָנגעשריבן געוואָרן, נאָר מער-ווייניק — לויט דער טעמאַטיק. בלויז פאַר אינפאָר־מאַציע-וועגן גיב איך אָן צום סוף פון יעדער אַרבעט די צייט, ווען זי איז ארויס פון מיין פען.

אַזוי וועט איר באַמערקן, אַז דער ערשטער איינאַקטער „דעם רבינס קאַנטשיק", איז אָנגעשריבן געוואָרן אין דעם יאָר 1948 און באַהאַנדלט איין ווינקעלע פון דעם יידישן לעבן אין דעם נאַציאָנעלן גיהנום, און דער צווייטער — „אין דעם נייעם לאַנד", וואָס ווייזט אויך איין ווינקעלע פון דעם יידישן לעבן אויף דער נייער, אַמעריקאַנער ערד, איז גאָר אָנגעשריבן אין יאָר 1938 — און דאָך שטייען זיי ביידע אין דער זעלבער אָפּטיילונג. די סיבה איז, וואָס איך וויל דאָ ציען אַ קליינעם פּאַראַלעל, ווי אַזוי פעלקער האָבן זיך באַצויגן צו יידן אויף צוויי באַזונדערע קאָנטינענטן און אין באַזונדערע צייטן.

אין דעם צווייטן טייל זענען אַריין זיבן איינאַקטערס: אליהו הנביא, יורשים, זייער צווייטע יוגנט, די אומעטיקע עלטער, דער בראַסלעט, אויפן שוועל, עראָפּלאַן-בילעטן פאַר צוויי. די אַלע פאַרנעמען זיך מיט פאַמיליע-פּראָבלעמען און זענען אָנגעשריבן געוואָרן אין פאַרשידענע צייטן.

אין דער דריטער גרופּע זענען פאַראַן 3 אַרבעטן: דער אַראַנזשיר-קאָמיטעט, נישטאָ קיין פּאָרזיצער, דער באַנקעט. זיי זענען געבויט אויף סאָציאַל-יידישע טעמעס אין אַמעריקע. מיר דאַכט זיך, אַז זיי וואָלטן געקאָנט האָבן פאָרגעקומען אין אַנדערע לענדער אויך.

***

מיין האַרציקן דאַנק צו אַלע פריינד, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט דאָס דערשיינען פון דעם דאָזיקן בוך. צום ערשטן, דער סעקרעטאַרין פון קאָמיטעט — **פערל פעדער; זלמן יעפּרוי־קין,** דעם בילדונגס־דירעקטאָר פון דעם אַרבעטער־רינג; **דוד גאלדמאַן,** דעם סעקרעטאר פון קאַליפאָרניער דיסטריקט פון אַרב.—רינג. **הערשל קאַזאַק, משה און בלומע שטיינבערג** פון 605, אַרב.—רינג; דעם פאַרוואַלטער פון „פאָרווערטס": **לואי סיגאַל,** דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דעם נ.א.פ. און **חיה ניומאַן,** די סעקרעטאַרין פון דעם שלום עליכם־צווייג פון פאַרבאַנד; **מעקס דייוויס,** פאָרזיצער פון דעם „מלאַוועך־אָפּאַטאָשו" פאַריין און אַלע אַנדערע, געטרייע פריינד, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון פאַרשפרייטן דאָס בוך. אויך דער פאַרוואַל־טונג פון דעם י. ל. פרץ־פאַרלאַג אין ישראל פאַר איר אחריות־דיקער זאָרג, אַז דאָס דאָזיקע בוך זאָל דערשיינען עסטעטיש און מיט געשמאַק.

**יעקב זינגער**

## פערזאָנען:

**שרה׳ע ברענער,** אַ יידישער פּאָליציאַנט אין געטאָ,
ארום 23 יאָר אַלט.

**ריווע׳לע,** זיין ווייב, 28 יאָר אַלט.

**אהרן מינץ,** אַ באַלעבאַטישער ייד אין שטאָט, 48 יאָר אַלט.

**זישע,** זיין ברודער, 38 יאָר אַלט.

**פייגעלע מאיר לאַזערס,** אַ מיידעלע פון אַ יאָר 11.

**א פּוילישער שייגעץ,** 17 יאָר אַלט.

**ערשטער ס. ס. מאַן.**

**צווייטער ס. ס. מאַן.**

אַ שײן אױסמעבלירט צימער. פֿון דער רעכטער זײט אַ טיר װאָס פֿירט אַרױס אין גאַס, נעבן װעלכער עס שטײט אַ שטול. אױף דער צענטער װאַנט — פֿענצטער און משפּחה בילדער. פֿון דער לינקער זײט אױף דער זעלבער װאַנט — אַ טיר װאָס פֿירט אין די אַנדערע צימערן. בײ דער לינקער װאַנט שטײט אַ קאָמאָד, איבער װעלכער עס הענגט אַ שפּיגל. אױף דער קאָמאָד ליגן בערשטלעך און קעמלעך און אױך פּרױאַישע טואַלעט. נעענטער צום קאָמאָד שטײט אַ גרעסערער טיש צום עסן. אין אַ זײט שטײט אַ קלײן טישל מיט דרײ שטולן. אין זאַל איז אױך פֿאַראַן אַ קאַנאַפּע און געבעטע שטולן.

דער זאַל איז נישט שטאַרק באַלױכטן. עס איז אָװנט. שײע ברענער זיצט בײם טישל, מיט דער פּלײצע צום שפּיגל. ער איז אָנגעטאָן אין אַ העמד, הױזן און שטיװל. ער איז פֿאַרטיפֿט אין רײניקן אַ רעװאָלװער. ריװעלע מאַכט צורעכט איר טואַלעט אַנטקעגן דעם שפּיגל. זי רעדט אַרײן אין דעם שפּיגל.

ריװעלע:

**װאָס װעט דאָס הײנט זײן אין קאַבאַרעט, אַז מען דאַרף זיך אױספּוצן?**

שײע:

רעדט אַרײן אין דעם רעװאָלװער. **װאָס װײס איך? אַלע װעלן זײן, דאַרפֿן מיר אױך זײן.**

ריװעלע:

**װידער די שיקסעס מיט די גראָבע לידקעס? ס'איז מיר שױן נישט גוט צו קוקן אױף זײ.**

שײע:

אין דער זעלבע פּאָזע. **װער הײסט דיר קוקן אױף זײ?**

ריוועלע:

אויף וועמען דען זאָל איך קוקן? אויף די שיכורע כלאָפּעס, וואָס פרעסן מיך אויף מיט די אויגן זאָל איך קוקן?

שייע:

וואָס אַרט דיך? זאָל זיי אַרויסקריכן די אויגן.

ריוועלע:

דרייט זיך אויס מיט אַ שמייכל. וואָלט כאָטש איינער געווען אַ שיינער. בלויז כלאָפּעס!...

שייע:

דרייט זיך אויס. סאַרקאַסטיש. אָאָאָ... דאָס פאַרדריסט דיך?! גיי איך שוין באַשטעלן פאַר דיר שיינע שיכורים לאַכט. צופרידן? דו גיב נאָר איין פּיפּס, וועל איך אַלץ טאָן פאַר דיר. בלויז איין פּיפּס... פאַרטיפט זיך צוריק אין זיין אַרבעט.

ריוועלע:

ברוגזלעך. הייבסט שוין ווידער אָן מיט דיינע חכמות? מען קאָן קיינמאָל צו דיר נישט אַרויסרעדן קיין וואָרט. אַלץ מאַכסטו צו קליינ־געלט.

שייע:

נו, מילא, איז נישט קיין שפּאַס. וועגן וואָס ווילסטו דאָס אַזוי רעדן היינט?

ריוועלע:

דערנענטערט זיך צו אים. הערסט, שייע, איך טראַכט, אַז גאָט וועט העלפן, עס וועט אַזוי גיין נאָך עטלעכע חדשים, וועלן מיר קאָנען פאָרן קיין פּאַריז, צי קיין...

שייע:

בייז. רעדט אַריין אין דעם רעוואָלווער. אוודאי! די גאַנצע וועלט וועלן מיר קאָנען אויספאָרן! ווי פּריצים וועלן מיר פאָרן. אין דער ערד אַריין וועלן מיר פאָרן, זאָג איך דיר. אין דער ערד אַריין...

ריוועלע:

שמייכלט. דעמאָנסטרירט פאַר אים אַ פּאָר אוירינגלעך. זעסט, היינט איז דאָ געווען די זאמסקיס יינגסטער זון...

שייע:

לייגט אַוועק די אַרבעט. קוקט פאַרוווּנדערט. **פאַרוואָס האָט דער גימנאַזיסט דיר געבּרענגט בריליאַנטענע אוירינגלעך?**

ריוועלע:

קאָקעטיש. דעמאָנסטרירט די אוירינגלעך פאַר זיינע אויגן. **איך האָב גאָרנישט געוווּסט אַז דו ביסט אייפערזיכטיק?**

שייע:

ביין און מיט חשד. **פאַרוואָס האָט ער דיר געגעבן בריליאַנטענע אוירינגלעך, פרעג איך?**

ריוועלע:

גיט זיך אַ זעץ אַוועק ביי אים אויפן שויס. **זע, ווי ער האָט זיך דערשראָקן! זעסט, דאָס זענען זיין מוטערס אוירינגלעך.**

שייע:

שטופט איר אָפּ פון זיך. **דו פאַררעד מיר נישט די ציין! בחינם גיט מען נישט אַזעלכע זאַכן.**

ריוועלע:

ברוגזלעך, צעפּיעשטשעט. **אַז דו ביסט אויפגעקאָכט...**

שייע:

גיט זיך אַ שטעל אויף. אַ קלאַפּ אין טיש. **איך האָב דיך עפּעס געפרעגט?!**

ריוועלע:

זעצט זיך אויף אַ שטול אַנטקעגן אים. **ער וויל, אַז איך זאָל דיך בעטן, דו זאָלסט קריגן אַ שטעלע פאַר אים אויף דער פאַבריק.**

שייע:

**זעצט זיך אַ ביסעלע באַרויקט צוריק צו זיין אַרבעט. בורטשעט. און דו?...**

ריוועלע:

**איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל רעדן מיט דיר.**

שייע:

**דו הער מיר אויף צו נאַראָיען געשעפטן. איך האָב אַזוי אויך גענוג צרות.**

ריוועלע:

איך זאָג דיר, עס איז אַ רחמנות: אַזאַ יונגן, אַזאַ שיינעם, אַזאַ איידעלן סטודענט זאָל מען „אויסזידלען".

שייע:

וואָס וועט ער טאָן אויף דער פאַבריק? ער קאָן דאָך אפילו אַ קאַץ דעם עק נישט פאַרבינדן. אַלע זיינע יאָרן געווען אַ סטודענט אין די שקאָלעס.

ריוועלע:

וועט ער אויסקערן די פּאָדלאָגע. ער וועט שוין עפּעס טאָן. אַבי ער זאָל בלייבן לעבן.

שייע:

דו זוך מיר נישט קיין צרות און זוך זיך נישט קיין צרות.

ריוועלע:

ווער זוכט זיך צרות? פאַרקערט, איך וויל מיר זאָלן זיך פאַר־זאָרגן...

שייע:

היינטיקע צייטן קאָן זיך קיינער מיט גאָרנישט פאַרזאָרגן.

ריוועלע:

באַוווּנדערט די אויריינגלעך. אָבער אַזעלכע טייערע אויריינגלעך?...

שייע:

קריך נישט מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט אַריין. מען טשעפּעט דיך נישט — זאָג „גם זו לטובה."

ריוועלע:

אַזעלכע געשעפטן מאַכן זיך נישט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק.

שייע:

דרייט זיך אויס צו איר. עסן האָסטו, און אַ שטוב אויך, וואָס נאָך ווילסטו? אַנדערע מענטשן וואָלטן זיך געוווּנטשן צו זיין אויף דיין אָרט. אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן, נישט ערגער.

ריוועלע:

פאַלט אַריין אין די רייד, אויפגעקאָכט. אַנדערע מענטשן, זאָגסטו?

אַן אַנדערער אויף דיין אָרט, וואָלט שוין געוווּסט וואָס צו טאָן! איציק דער קאַפּאָ זשעברעוועט געלט פון אַלע זייטן. און כאַצקל, און זאַנוול, און...

שייע :

אויפגערעגט. וואָס האָסטו זיך היינט צוגעטשעפּעט ווי אַ פּיאַווקע? וואָס גריזשעסטו מיך, וואָס? ווייניק צרות און האַרצווייטיק האָב איך אַ גאַנצן טאָג?...

ריוועלע :

נו, גוט. איך וועל דיר שוין גאָרנישט זאָגן. ווען ס'איז צי איך וועל דיר זאָגן איין וואָרט. פון היינט אָן קאָנסטו אַליין טאָן, וואָס דו ווילסט. איך וועל דיר גאָרנישט זאָגן...

שייע :

קאָנסטו מיר גאָרנישט זאָגן. ס'איז נישט ווי מען האָט געטראַכט. אַלץ האָט זיך געביטן.

ריוועלע :

וואָס האָסטו דאָס אַזוינס אויסגעטראַכט?...

שייע :

מען האָט געמיינט, אַז מען וועט זיין אַ פּאָליציאַנט, וועט זיין פּרנסה און מען וועט נישט טשעפּען. אָבער איצט? הייבט די אַקסלען און זיפצט.

ריוועלע :

וואָס איצט?

שייע :

איצט קוקט מען אויף אונדז... גיט אַ מאַך מיט דער האַנט ווי אַ רעזיגנירטער. גאָרנישט.

ריוועלע :

דערפאַר זאָג איך דאָך: מען דאַרף זיך פאַרזאָרגן אין די 7 פעטע יאָר אויף די 7 מאָגערע.

שייע :

היינטיקע צייטן קאָן זיך קיינער מיט גאָרנישט באַוואָרענען. קיי־

נער ווייסט נישט וועמענס מאָרגן עס איז. מען שמועסט, אַז ווען זיי וועלן זיך אָפּפאַרטיקן מיט די יידן, וועלן זיי זיך נעמען צו די יידישע פּאָליציאַנטן.

ריוועלע:

כאַצקל און זאַנוול האָבן דערווייל אַלעמען אין דער ערד.

שייע:

אַז מען וועט זיי כאַפּן, וועלן זיי פליען קיין אָשוויץ גלייך מיט אַלעמען.

ריוועלע:

אָבער דערווייל?...

שייע:

דערווייל? דערווייל פיל איך, ווי עפּעס הענגט אין דער לופטן.

ריוועלע:

אויפגעקאָכט אוי, אוי, קיינער פילט נישט, נאָר ער.

שייע:

גיט זיך אַ שטעל אויף אין כעס. גייט איבערן צימער אַן אויפגערעגטער. דו הער מיר אויף צו נאַראָיען געשעפטן! דער געסטאַפּאָ־אַגענט האַלט אונדז אַלעמען אויפן אויג! טאָמער וועט מען מיך נאָך איינמאָל מסרן, אַז איך פיר אַרויס יידן אויף דער אַרישער זייט, בין איך אויס! פאַרשטייסט?!... אויס! גייט איבערן צימער אומרויק.

ריוועלע:

גיט זיך אַ שטעל אויף. איך קאָן מיט דיר היינט נישט רעדן. דו ביסט היינט אַהיימגעקומען ווי אַן אָנגעבלאָזענער באַלאָן. איך וועל אַריינגיין וואַשן דאָס געפעס. אָפּ.

שייע:

גייט הין און צוריק אַן אויפגערעגטער. רעדט צו זיך אַליין. געשעפטן נאַראַיעט זי מיר! כהאָב מיינע אייגענע צרות...שרייט אַריין אין דער קיך. לאָז איבער די טעפּ, מירן פאַרשפּעטיקן אין קאַבאַרעט! עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין דער טיר. ער כאַפּט דעם רעוואָלווער און באַהאַלט אים ערגעץ. עס הערט זיך נאָך אַ קלאַפּ. ער שרייט אַריין אין דער קיך. ריווטשע, עמעצער קלאַפּט אין דער טיר!...

ריוועלע:

פון יענער זייט. **כ'האָב נאָסע הענט!** עס הערט זיך נאָך אַ קלאַפּ.

שייע:

שרייט אַריין צו איר. **גיי עפן די טיר! מען קלאַפּט דאָך!** ער טוט דערוויל אָן דעם מונדיר. אויף זיין אַרבל איז צוגענייט אַ ווייסער מגן־דוד.

**ריוועלע:**

קומט אַריין, ווישנדיק די הענט אין פאַרטעך. **זעסט דאָך, אַז איך האָב נאָסע הענט. האָסט דאָך אַליין געקאָנט גיין עפענען די טיר!**

זי גייט עפענען די טיר. שייע מאַכט זיך גלייך די קליידער און די האָר נעבן שפּיגל. ריוועלע קומט צוריק, און מיט איר — צוויי חשובֿע יידן פון שטאָט, אהרן און זיין ברודער זישע מינץ. אהרן איז אַ הדרת־פּנימדיקער ייד מיט אַ שיינער באָרד און זישע איז אַ ראַזירטער. זיי בלייבן שטיין הכנעהדיק נעבן דער טיר. שייע בלייבט שטיין אין דער צווייטער זייט פון זאַל, אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, אַזוי, אַז ער זעט איצט אויס אַ ביסל העכער. ער פּרובירט זיך האַלטן שטאָלץ, אָבער עס קומט אַרויס נישט נאַטירלעך. אין זיינע רייד וואַרפט ער אויך פון צייט צו צייט אַריין אַ דייטשמעריש וואָרט, כדי צו האָבן מער אָנזען.

אהרן:

**שייע, מיר זענען געקומען צו אייך מיט אַ בקשה.**

שייע:

פאַרדרייכערט און בלאָזט דעם רויך. **יאַאַאָ! וואָס ווינטשן די הערן?...**

אהרן:

**מיר ווייסן, אַז איר פירט די יידן יעדן אינדערפרי צו דער אַרבעט.**

**שייע:**

בלאָזט דעם רויך. **יאַוואָל...**

אהרן:

**האָבן מיר אייך געוואָלט בעטן, אַז איר זאָלט אונדז העלפן אַרויס־ראַטעווען דעם טאַטן.**

זישע:

**אין דעם זכות, וועט איר, פּאַניע ברענער...**

שייע:

גיט זיך אַ כאַפּ. איז נישט אינעמס פאטער, רב יאָסעלע מינץ, דער שניט סוחר? זיי שאָקלען מיט די קעפּ אויף יאָ. ער איז דאָך פאַר־געסטערן געווען אויפן וואָקזאַל?!

אהרן:

זיפצט. יאָ. ער איז שוין אפילו געווען אויפן לאַסט־אויטאָ. נאָר דאַנקען גאָט, ביי דער באַן האָט זיך אונדז איינגעגעבן אים אָפּצוראַטעווען.

ריוועלע:

ווייזט אויף שטולן. זיצט, רב אהרן. זיצט, רב זישע. זיי זעצן זיך. זי זעצט זיך אויך.

זישע:

ווי נאָר ער וועט בשלום אַריבערקומען דעם טויער, וועט דאָרט וואַרטן אויף אים אַ באַקאַנטער קריסט... עס איז שטיל.

אהרן:

מיר פאַרלאַנגען חלילה נישט אומזיסט.

ריוועלע:

צו שייען, מיט אַ שמייכל. אָפּראַטעווען אַ שיינעם יידן... וועסטו פאַרדינען אַ מצוה.

שייע:

צעקנייטשט דעם פּאַפּיראָס. מיטאַמאָל. איך וויל מער נישט טאָן קיין מצוות. גענוג געטאָן מצוות!

ריוועלע:

הערסט דאָך, זיי ווילן דיר באַצאָלן.

שייע:

איך האָב אין דער ערד זייער געלט! איך דאַרף נישט זייער געלט!

זישע:

נו, וועלן מיר אייך געבן צירונג. מירן אַלץ טאָן, וואָס איר וועט הייסן.

אהרן:

אויב ער זאָל דאַרפן ליגן אין דעם נאַסן קעלער נאָך אַ פּאָר טעג,

וועט ער דאָס נישט אויסהאַלטן. מירן טאָן, וואָס איר וועט הייסן. מירן אים צופירן צום טויער. מירן אפילו...

שייע:

פאַלט אַריין אין די רייד. איך קאָן ניקס מאַכן...

זישע:

אַז די טייוואָלים זאָלן אים נאָך איין מאָל כאַפּן איז חס ושלום...

פאַרשטעלט דאָס מויל מיט דער האַנט. עס איז שטיל. אַלע קוקן אויף שייען. הער ברענער, האָט גאָט אין האַרצן...

אהרן:

מירן אייך גוט באַצאָלן. אפילו איצט שוין. עס איז שטיל אַ ווייל. אַז מ׳גיט אַ קוק אויפן טאַטן ווערט דאָס האַרץ צעריסן. איר וואָלט אים נישט דערקענט...

שייע:

גיט זיך אַ דריי אויס און מאַכט מיט די הענט. איך קאָן גאָרנישט טאָן! גייט! זיי בלייבן זיצן. איר הערט? גייט האָב איך געזאָגט!

ריוועלע:

וואָס שרייסטו? וואָס געוואַלדעוועסטו, ווי אַ געקוילעטער האָן? האָסט געזען אַ שרייען!?

שייע:

דו מיש זיך נישט! נישט דיינע געשעפטן! דערנענטערט זיך צו די ברידער. גייט, האָב איך געזאָגט! זיי שטעלן זיך אויף.

זישע:

צו ריוועלען. אין אַ נאַסן קעלער ליגט ער. שוין צוויי טעג ווי דער טאַטע האָט נישט געהאַט אין מויל. עס איז אַ צער צוצוקוקן צו זיינע יסורים.

אהרן:

נעמט אַרויס פון דער קעשענע טעלעכע קליינע שאַכטעלעך און לייגט זיי אַוועק אויפן טיש. מיר וועלן אייך אַלץ געבן, אַבי דער טאַטע זאָל זיין פון יענער זייט טויער.

ריוועלע:

דערזעענדיק די שאַכטלעך, גלאָצט זי אויס די אויגן. **פאַר בלויז אַריבערפירן דעם טויער, דאָס אַלץ?... נישט מער?...**

זישע:

**און דאָרט וועט וואַרטן אויף אים...**

שייע:

גיט אַ געשריי. **און מיין לעבן איז גאָרנישט?! איר טראַכט נאָר וועגן זיך. יעדער איינער טראַכט נאָר וועגן זיך אַליין. און ווער וועט טראַכטן וועגן מיר, רב אהרן? איך בין ביי אייך גאָרנישט?! דער דייטש לאָזט נישט אָפּ פון די אויגן** קריצט מיט די ציין. **אַ כאָלערע זאָל זיי כאַפּן!**

ריוועלע:

**פונדעסטוועגן, קאָן מען דאָך איין מענטשן אַריבערפירן דעם...**

שייע:

**מען קאָן גאָרנישט!** ער גיט אַ שאַר אַרונטער די שאַכטלעך פון טיש. אהרן בייגט זיך איין און נעמט זיי צוזאַמען.

זישע:

שרעקלעך אין כעס. **דו האָסט נישט קיין יידיש האַרץ, שייע! אַ מערדער ביסטו!** דערנענטערט זיך צו דער טיר. **דו ביסט נאָך נישט פאַרטיק, שייעלע! איר וועט נאָך ברענען. הער ברענער! ברענען וועט איר ווי...** ער גיט אַ לויף אַרויס.

אהרן:

דערנענטערט זיך צו שייען, מיט אַ זיפץ. **ראַטעווען אַ מענטשן פון טויט איז אַ גרויסע מצווה, בפרט אַ ייד אַ זקן, אַ בן תורה...**

שייע:

**איך ווייס! איך ווייס! איך ווייס אַלצדינג! איך ווייס אפילו, אַז דער פרעזידענט פון דעם „יודענראַט" פירט אונדז אַלעמען צו דער שחיטה מיט זיין סעלעקציע... וואָס קאָן איך אָבער טאָן?!** קלאַפּט זיך אין האַרץ אַריין. **איך, אַ פּראָסטער חי־וקיים...**

אהרן:

**ראַטעווען אפילו איין יידן איז היינטיקע צייט אַ גרויסע זאַך.**

שייע:

**איך האָב געהאָלפן, ווען איך האָב געקאָנט! איך האָב מיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום זאַך.** ווייזט אויפן ווייב. **זי איז מיין עדות. איך האָב אפילו געהאָלפן געפינען „מעלינעס״ אויף דער אַרישער זייט. איצט, רב אהרן,** ווייזט אויף זיך אַליין. **ווייל איך ראַטעווען דעם יידן. אַלע ווען אומקומען, רב אהרן. מיר צאַפּלען זיך צווישן פייער און בלוט, צאַפּלען מיר... יעדער איינער וויל איצט ראַטעווען זיין אייגענע** פעל! גייט איבערן צימער פאַרצווייפלט. **עס איז דאָך שוין אויס וועלט, אַז דער יודענראַט גיט באַפעלן ווען צו כאַפּן...**

אהרן:

גייט אים נאָך. **שייע, איצט איז נישט די צייט צו מאַכן חשבונות אָדער אויסרעכענען יענעמס חטאים. עס איז גאָטס שטראָף...**

שייע:

**איך קאָן מיך נישט צערייסן! איך בין אויך אַ ייד. איך וויל אויך לעבן! כאָטש איך בין אַן „אוזשענדניק״ אין דער פּאָטשט און שרייב אום שבת, בין איך נאָך אַלץ אַ ייד!**

אהרן:

**דאָס זאָג איך דאָך:** זיפצט. **מען זאָל נישט געפרוווט ווערן מיט וואָס מען קאָן געשטראָפט ווערן...** רעדט צו שייעס פּלייצע. **וואָס וועט זיין, שייע? וואָס זאָגסטו?...**

שייע:

גיט זיך אַ דריי אויס מיט כעס. **זישע זאָגט, אַז איך וועל ברענען, האאא? אַ מערדער בין איך, האאַ?...** נאָך נענטער צו אהרנען. **ווען די מאַמע מיינע איז אַריינגעקומען צו אייער מאַמען פאַרקויפן איר אַ הון צי אַ ביסל אויבס, האָט זי געטאַפּט און געטאַפּט און אַרויסגע־שיקט די מאַמע מיינע מיט גאָרנישט. איך בין אַ מערדער, האאַא?... אייער מאַמע האָט זי אפילו נישט געלאָזן אָנוואַרעמען די געפרוירענע פינגער און איך בין אַ מערדער!... ווען ציביה די דינסט האָט געטראָגן דעם ממזר, האָט אייער מאַמע זי אַרויסגעטריבן פון הויז!** שרייט. **אייער ממזר איז דאָס געווען! יאָ, אייער ממזר!** מיט האַרץ. **דריי טעג שפּעטער האָט מען די מויד געפונען אַן אויסגעשפּיגענע פון דער ווייסל...**

זישע:

גיט אַ קום אַריין. **אהרן!...** ער וויל ווייטער רעדן.

שייע:

שרייט און ווייזט אויף זישען. זיין ממזר איז דאָס געוועז, רב אהרן! איך ווייס! די שטאָט ווייסט. אַלע ווייסן, אַז דאָס איז געוועזן זישעס ממזר! לאַכט מיט ביטערקייט. איצט רופט מען מיך הער ברע־נער. און אַזוי וואָס בין איך געוועזן? און אַזוי ווי האָט מען מיך גע־רופן? שייעלע גוי! שייעלע ניקס! די היטלעך זאָלט איר אַראָפּנעמען! דאַטש זאָלט איר שפּרעכן! יאַוואָל, דאַטש! האַבן זי פאַרשטאַנען?! דאַטש זאָלן זי רעדן צו שייעלע ניקס! גייט הין און צוריק אָן אויפ־רעגטער און אויסגעשעפּט.

ריוועלע:

צו די צוויי ברידער. ער איז היינט אַהיימגעקומען אָן אויפגעע־רעגטער. מען קאָן צו אים קיין וואָרט נישט אַרויסרעדן. לאָזט עס איבער פאַר מיר... זאָגט מיר, וואָס האָט איר אין די שאַכטעלעך?

אהרן:

מיר האָבן דאָ מיט זיך דער מאַמעס צירונג.

שייע:

ווי ער וואָלט געהערט וואָס זיי רעדן. איך וועל נישט נעמען קיין איין זלאָטע. איך וועל גאָרנישט טאָן. אייער מאַמע איז נישט געוועזן בעסער. מיט חוזק. אַ גאַנצע רביצן איז זי דאָך געוועזן די מאַמע אייערע...

זישע:

גאָט זאָל דיך נישט שטראָפן פאַר דיינע מעשים, שייעלע... געדענק!...

אהרן:

גיט אים אַ צי פאַרן אַרבל, אַז ער זאָל שווייגן. איך ווייס, איך ווייס, שייע. איר לעקט דאָרט קיינער נישט קיין האָניק. זיפצט. וואָס זאָל מען אָבער טאָן? מסתמא איז אונדז אַזוי באַשערט. מיר זענען זינדיק, שטראָפט אונדז גאָט. הייבט אָן גיין. זישע שטייט שוין ביי דער טיר.

שייע:

מיט ווייטיק דערנענטערט זיך צו אהרנען. איך ווייס ווי זישע וואָלט געהאַנדלט. איך ווייס ווי אייער מאַמע האָט געהאַנדלט. ווי וואָלט איר אָבער געהאַנדלט, ווען איר זענט אויף מיין אָרט? האַ?...

ריוועלע:

שטופּט אַרויס ביידע ברידער דורך דער טיר און בעת מעשה רעדט זי צו זיי. ווען ער וועט זיך באַרויקן, וועל איך אייך לאָזן וויסן. אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט. ביידע אָפּ.

שייע:

זעצט זיך ביים טישל מיט אַן אָראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. דאָס בלוט צאַפּט מען פון דיר. דער דייטש מאָרדעט וואָס דו ביסט אַ ייד און דאָ מאָנט מען פון דיר, ווייל דו ביסט אַ ייד! וואָס וויל מען פון מיר? איך בין נישט קיין מלאך, איך בין נישט מער ווי אַ מענטש! קלאַפּט זיך איין האַרצן מיט ביידע פויסטן. שייעלע ניקס איז אויך אַ מענטש. שייעלע ניקס וויל אויך לעבן. ריוועלע קרוין, היינטיקע צייטן וועט דיר קיי־נער נישט העלפן, אויב דו אַליין וועסט זיך נישט העלפן!...

ריוועלע:

דערפאַר זאָג איך דאָך, נעם אַז מען גיט דיר. יעדער איינער פאַר זיך. קיין גאָלדענע מצבה וועט מען דיר אַלצאיינס נישט שטעלן. זי זעצט זיך אַנטקעגן אים.

שייע:

מיט געבעט. דו פאַרשטייסט, ריוועלע, איך וויל איבערקומען די שווערע צייטן. עס וועט דאָך אייביק אַזוי נישט זיין. דער דייטש וועט דאָך איינעמען אַ מיאוסע משונה. מיט מיין איינשטעלן זיך פאַר דעם אַלטן וועל איך נאָך ערגער מאַכן. וואָס איז, עס איז מיר ניחא צו זיין אַ פּאָליציאַנט? דאָס איז געווען דער בעסטער אויסוועג. איידער שלעפּן אַ ריקשע, צי ליגן ערגעץ אין אַ „מעלינע", צי גאָר ווערן געטריבן פון די „שמאַלצאָווניקעס." עס איז שטיל אַ ווייל. זי זיצט און קוקט אויף אים מיט באַדויערן. הלוואי וואָלט איך געווען אַוועק מיט יעבקלען אין וואַלד אַריין...

ריוועלע:

מיטאַמאָל, סימפּאַטיש. זע שייע, דעם סטודענט אויף דער פאַבריק ווילסטו נישט נעמען. דעם אַלטן אריבערפירן דעם טויער ווילסטו אויך נישט. איך קאָן דיך היינט נישט פאַרשטיין.

שייע:

ווי אַ שפּין האָבן זיי פאַרוואָרפן די נעץ קעגן דער שוואַכער פליג

גיט זיך אַ שטעל אויף. **אַ בראַנד אין זייערע ביינער אַריין!** צו ריווען, ווייזט אויפן האַרצן. **וואָס דאָ טוט זיך, ווייסט...**

ריוועלע:

האָט מער נישט קיין געדולד אויסצוהערן זיינע רייד. גיט זיך אַ שטעל אויף. **וואָס דאָ? וואָס שמאָ?... מאַך זיך נישט תמעוואַטע! איך וויל, אַז דו זאָלסט דעם אַלטן אַריבערפירן די ראַגאַטקע און דעם סטו־דענט זאָלסטו אַריינגעמען אין דער פאַבריק! דו הערסט?!** עס איז שטיל אַ ווייל. **דו הערסט?! אויפן וועג צום קאַבאַרעט וועל איך אַריינ־גיין זאָגן רב אהרנען...**

שייע:

קוקט אויף איר ווילד. **פון היינט אָן טו איך גאָרנישט! איך וועל דאָס נישט טאָן!**

ריוועלע:

**דו וועסט שוין יאָ טאָן ביי מיר!**

שייע:

שקאַציש. **און אַז נישט, וואָס וועסטו מיר טאָן?**

ריוועלע:

**איך וועל דיר לאָזן וויסן מיט דער פּאָטשט, צי מיט אַ טעלעגראַמע. זיי מיר נישט אַזאַ קנאַקער. זיי האָבן געגנוג. איידער עס זאָל אַריינפאַלן צו דעם דייטש, איז גלייכער, אַז מיר זאָלן דאָס האָבן. עס וועט צונוץ קומען.**

שייע:

**ווי צו זיך אַליין. איך וועל נישט איינשטעלן מיין לעבן צוליב דעם אַלטן תרח. קום, מירן גיין אין קאַבאַרעט.**

ריוועלע:

**איך וועל נישט גיין, ביז דו וועסט מיר נישט צוזאָגן...**

שייע:

**איך זאָג גאָרנישט צו. גיי, טו זיך אָן. עס ווערט שפּעט.**

ריוועלע:

מיט גוטן. **און כאַצקל און זאנוול זאָלן זיך אָנשטאָפּן... נעם**

בעסער דאָס צירונג. עס וועט הייסן, אַז דו האָסט געראַטעוועט אַ גוטן יידן און דו וועסט זיין אַ פיינער מאַן. זי הייבט אָנטאָן דעם הוט פאַרן שפיגל.

שייע:

זאָג מיר, וויפל איז דער שיעור אָנצוקלייבן שמאָכטעס? ביסט זיכער אַז דו וועסט דאָס אַלץ קאָנען דערשלעפן קיין פאַריז?

ריוועלע:

דאַרפסט זיך גאָרנישט זאָרגן וועגן דעם. אַז מירן נישט קאָנען. וועלן מיר דינגען אַ טרעגער. צוריקגעשמועסט, רב אהרנס און רב זישעס טעכטער האָבן מער. ס'איז גאָרנישט אַזוי פיל...

ביי די לעצטע ווערטער גיט אַ קום אַריין אַ דערשראָקן מיידעלע פון אַ יאָר עלף. זי איז אָפּגעריסן, פאַרשמאַכט און מיט צעפּאַטלטע האָר. אירע שוואַרצע אויגן שטאַרן אַרויס אומשולדיק. ווי נאָר זי איז אַריינגעקומען האָט זי זיך געגעבן אַ זעץ אַוועק אויף דער שטול, וואָס שטייט נעבן דער טיר. זי פאַרלייגט די הענטלעך אויף דער שויס און הייבט אָן קוקן אויף שייען און אויף ריוועלען. יענע זענען געבליבן דערשטוינט און גענומען קוקן אויפן גאַסט מיט פאַרווונדערונג. שייע דערנענטערט זיך צום מיידעלע מיט זיכערע טריט און בלייבט שטיין אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג אַנטקעגן איבער איר. דאָס מיידעלע באַוועגט זיך נישט. זי קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין.

שייע:

האָסט עפּעס געוואָלט, מיידעלע?

פייגעלע:

אָן שום באַוועגונג. ניין, איך וויל גאָרנישט.

שייע:

נאָך וואָס ביסטו געקומען?

פייגעלע:

באַהאַלטן זיך.

שייע:

באַהאַלטן זיך פון וועמען?

פייגעלע:

פון די שקצים. איך האָב געזען, אַז דאָ איז ליכטיק און די טיר איז אָפן, בין איך אַהער געקומען.

שייע:

וואָס האָבן די שקצים געוואָלט פון דיר?

פייגעלע:

איך ווייס נישט. עס איז נישט שיין צו רעדן וועגן דעם...

שייע:

און ווו דיין היים איז, ווייסטו?

פייגעלע:

איך האָב נישט קיין היים. פאַראַכטאָגן איז די מאַמע געשטאָרבן. אייערנעכטן האָט מען דעם טאַטן מיט די ברידער אַוועקגעטריבן צוזאַמען מיט נאָך יידן צום באַן. מער האָב איך זיי נישט געזען.

שייע:

און ווו ביסטו געווען ווען מען האָט זיי אַלעמען גענומען?

פייגעלע:

איך בין אַוועקגעלאָפן אין פעלד אַריין זיך באַהאַלטן.

שייע:

און די גאַנצע צייט געלעגן אין פעלד?

פייגעלע:

יאָ. ביז די שקצים האָבן זיך אָנגעהויבן טשעפען צו מיר.

שייע:

דו ווייסט כאָטש אין וועמענס שטוב דו ביסט אַריינגעקומען?

פייגעלע:

ניין.

שייע:

און וועמענס דו ביסט, ווייסטו יאָ?

פייגעלע:

יאָ.

ריוועלע:

**זע נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס גענומען אויסטענהן מיט איר!**

שייע:

**לאָז רעדן צו אַ מענטשן! דו זעסט דאָך אַז איך רעד צו אַ פּאַניעג־קע!...**צום מיידעלע. **אמת, דו ביסט אַ פּאַניענקע?..** זי ענטפערט נישט נאָר קוקט אים גלייך אין פּנים אַריין. **און ווי דיין טאַטע האָט געהייסן, געדענקסטו נאָך?**

פייגעלע:

**יאָ.**

שייע:

**נו, טאַקע, ווי האָט ער געהייסן? אפשר זישע מינץ? האַאַאַ?...**

פייגעלע:

**ניין.**

שייע:

**נו, האָב איך נישט געטראָפן. אפשר קאָנסטו מיר זאָגן ווי ער האָט געהייסן?**

פייגעלע:

**מאיר לאָזער דער מלמד.**

שייע:

בלייבט שטיין פאַרגליווערט. **וואָס האָסטו געזאָגט?! מאיר לאָזער דער מלמד?!** זי שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. **ריוועלע, האָסט געהערט, דאָס איז דאָך מאיר לאָזער דעם מלמדס...**

ריוועלע:

פאַלט אַריין אין די רייד. **אַ גליק האָט דיך געטראָפן, די קאַץ איז געלעגן געוואָרן.**

שייע:

נאָך אַלץ פאַרטשמעלעט. צום מיידעלע. **און דיינע ברידער חיים און עזרא?** זי ענטפערט נישט.

ריוועלע:

**עס ווערט דאָך שפּעט. דו האָסט דאָך געוואָלט גיין אין קאַבאַרעט.**

שייע:

**ריוועלע, ער איז דאָך געווען מיין רבי!... מיין רבי!** מיט כעס. **אַ בראַנד זאָל זיי אַריין אין די געדערעם, די היצלעס! מיין רבי...** גייט איבערן צימער אַן אויפגערעגטער. **האָבן זיי שוין רב מאיר לאָזערן אויך ליקווידירט... אַ בראָך אין זייערע ביינער אַריין...**

ריוועלע:

איז שוין אַנגעטאָן, גרייט צום גיין. **שייע, עס ווערט שפעט.**

שייע:

ווי ער וואָלט געיאָמערט. קלאַפּט זיך מיט די פויסטן אין האַרצן אַריין. מיין רבי!... **אַזאַ טייערער מענטש געווען... אַזאַ שטילע טויב... קיין פליג אויף דער וואַנט נישט געטשעפּעט... ריוועלע, מיין רבי... דו הערסט? מיין רבי... ער האָט אַמאָל געהאַט געזאָגט מיין מאַמען, אַז איך האָב אַ גוטן קאָפּ. איך האָב געקאָנט ווערן אַ רב... צו אַלדי שוואַרץ יאָר, בין איך געוואָרן אַן „אוזשענדניק" אויף דער פּאַטשט... אַזאַ טייערער רבי געווען... אוי, פלעגט ער דערלאַנגען מיטן פּאַסיק... אַלע האָבן געציטערט פאַרן רבינס קאַנטשיק...** קוקט אויפן קינד מיט באַדויערן. **אוי, איז דאָס געווען אַ טייערער רבי...**

ריוועלע:

זיצט אויף אַ שפּיץ שטול אומגעדולדיק. **זייער גוט, וואָלסטו געווען אַ רבי. אַ טייערער צדיק וואָלסטו געווען...** גייט צום מיידעלע. **און דו, מיידעלע, גיי דיר פון וואַנען דו ביסט געקומען.** פייגעלע שטעלט זיך אויף צום גיין.

שייע:

מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, צו ריוועלע. **דעם רבינס קינד, אַ קיי־לעכדיקע יתומה איבערלאָזן צו די היצלעס?!**

ריוועלע:

**זי איז נישט די איינציקע ביי גאָט. אַלע יידן זענען הפקר. אַלע יידישע מיידלעך ווערן איצט געשלעפּט פון די היצלעס.**

שייע:

גיט אַ געשריי, אַז ריוועלע דערשרעקט זיך אַזש. **דאָס קינד וועט דאָ זיין! דו הערסט?! דאָ!...**

ריוועלע:

**איצט זע איך, אַז דו ביסט טאַקע אויף אַן אמת משוגע. וואַרפסט אַוועק ברויט און דו הייבסט אויף שטיינער. זאָל איך שוין אַזוי לעבן, ווי דו ביסט אויף אַן אמת אַראָפּ פון זינען.**

שייע:

באַפעלעריש. **מער וויל איך וועגן דעם נישט הערן! האָסטו פאַר־שטאַנען?!** קיין איין וואָרט נישט. **ביז מיר וועלן נישט האָבן** קיין **אייגענע וועסטו דערוויילן כאָוועגן מיין רבינס קינד! אַזוי וועט זיין!** צום קינד, גוטמוטיק. **אוי, פלעגט דער טאַטע דיינער דערלאַנגען מיטן קאַנטשיק... אַ טייערער רבי געווען... אַ גוטער רבי...** צו ריוועלע. **גיי, ברענג אַריין עפּעס עסן פאַרן קינד. ס׳קינד איז נעבעך הונגעריק...**

ריוועלע:

גייט אין קיך אַריין, אַ ברוגזע. **אויף מיינע שונאים...**

שייע נעמט דאָס קינד און זעצט איר אַוועק אויפן גרויסן טיש, וואָס איז נענטער צו דער קאָמאָדע. ער נעמט אַ האַנטעך און אַ קעמל און הייבט אָן אַרומוואַשן דעם קינדס פנים און פאַרקעמט איר די האָר. די אייגעלעך הייבן אָן גלאַנצן און עס באַווייזט זיך אַ שמייכל אויף איר אויסגעצערטן פנימל. שייע איז זייער פריילעך און אויפגע־לייגט. ער שפּיגלט זיך אין דעם קינד און ברומט אונטער אַ ניגון. אין דעם מאָמענט קומט אַריין ריוועלע מיט אַ שטיקל ברויט און אַן עפּל. ער גיט אַ כאַפּ דאָס עסן פון זיין ווייבס האַנט און דערלאַנגט דאָס דעם קינד. זי כאַפּט זיך גיך צום עסן און ער שטייט און קוקט אויף דעם קינד מיט רחמנות, אַז ער ווישט אַוועק אַ טרער פון אַן אויג. ריוועלע שטייט און וווּנדערט זיך. אויך זי ווישט אירע אויגן.

שייע:

**ווי רופט מען דיך?**

פייגעלע:

**פייגעלע.**

שייע:

מיט פרייד. **פייגעלע, האַ?... זייער אַ שיינער נאָמען. דאָס פייגעלע איז נעבעך שטאַרק הונגעריק.**

ריוועלע:

האָט דערזען שטעקן אין דעם קינדס האָר איר קאַם, גיט זי אים אַ צי אַרויס. צו שייען. **האָסט שוין נישט געהאַט קיין אַנדערע זאַך, ווי נעמען מיין בעסטן קאַם?** זי ווישט אָרום דעם קאַם מיטן האַנטעך און נעמט אַן אנדער קעמל פון דער קאָמאָד. שטופט אַוועק שייען פון קינד און נעמט קעמען דעם קינדס האָר. **גיי, גיי, אַ מאַן ווייסט נישט ווי צו קעמען אַ קינדס האָר.**

שייע:

שפיגלט זיך נאָך אַלץ אין דעם קינד. הערט אפילו נישט וואָס דאָס ווייב זאָגט. **זעסט, אַז אַנדערער מענטש...** צום קינד. **זאָלסט זיך נישט שעמען. זאָלסט גאָרנישט מורא האָבן. וואָס דו ווּעסט ווּעלן, ווּעסטו קריגן. דיין טאַטע איז געווען אַ גוטער רבי...** גיט אַ טו אויס זיין רעקל. צום ווייב. **מיר גייען היינט אין ערגעץ נישט. גיי, מאַך פאַרן קינד אַ געלעגער...**

ריוועלע:

טוט, נישט ווילנדיק. אויס דעם הוט **דאָס קינד האָט מער מזל. אַלעמען פאַרטריבן...**

שייע:

הערט נישט וואָס זי זאָגט. **הערסט ריוועלע, אַז דאָס פייגעלע וועט זיך אויסבאָדן און אויסשלאָפן...** דערזעט ווי ריוועלע שטייט און קוקט אויף אים מיט ליבע. **ביסט נאָך דאָ?! איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז זאָלסט גיין מאַכן אַ געלעגער פאַרן קינד...**

ריוועלע:

**איך גיי, איך גיי. זע נאָר, ווי די ליבע צום קינד האָט זיך ביי אים צעברענט...** גלעט דעם קינדס קעפּל. **איך האָב געמיינט, אַז ער וויל גאָרנישט האָבן קיין קינדער...**

אין דעם מאָמענט, ווי ריוועלע קלייבט זיך אַריינגיין אין צווייטן צימער, דערהערט זיך אַ שטאַרקער טומל פון גאַס, וואָס ווערט וואָס אַמאָל נענטער און נענטער. דאָס קינד גיט זיך אינסטינקטיוו אַ שטעל אויף, אַ דערשראָקענע. דער עפּל בלייבט איר שטעקן צווישן די ציין. שייע און ריוועלע זענען פאַרגליווערט. זיי קוקן זיך איבער און אין דער זעלבער צייט וואַרפן זיי בליקן אי צו דעם קינד און אויך צו דער טיר.

ריוועלע:

**איך וועל גיין זען, וואָס דאָרטן איז.**

שייע:

**דו זיי מיטן קינד.**

ער טוט אָן געשווינד דאָס רעקל און לויפט אַרויס. אין דער רגע צעוויינט זיך דאָס קינד זייער שטאַרק. ריוועלע גייט פּאַמעלעך צו צו איר. זי בלייבט אָבער שטיין אַ ביסעלע פון דער ווייטנס, קוקט אויפן קינד מיט באַדויערן, זיפצט אוןווישט די אויגן. אַ לענגערע פּאַוזע...

ריוועלע:

**אַ יתומה, נעבעך, אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען. אַ קיילעכיקע יתומה נעבעך... הפקר...** כליפּעט שטילערהייט. **אַ פייגעלע אין וואַלד האָט דאָך אויך אַ נעסט...** דערנענטערט זיך צום קינד און הייבט אָן ווישן דעם קינדס אויגן. **נו, וויין נישט...**

פייגעלע:

**איך האָב מורא.**

ריוועלע:

דורך טרערן. **וואָס האָסטו מורא, נאַרעלע? עס וועט דיר גאָרנישט געשען. עס דעם עפּל, עס.** ווישט די אייגענע אויגן. **איך האָב גאָרנישט געוווסט, אַז ער האָט אַזוי שטאַרק ליב אַ קינד...**

שייע:

גיט אַ קום אַריין אַ פאַרסאַפּעטער. **די הינט גייען אַהער!**

ריוועלע:

גיט זיך אַ שטעל אויף אַ דערשראָקענע. **צו אונדז?! נאָכוואָס גייען זיי צו אונדז?**

שייע:

מאַכט זיך גלייך דאָס רעקל, די האָר און דעם באַנד אויפן אַרבל. **איך ווייס נאָכוואָס זיי גייען? אפשר גייען זיי נאָך שבת־אויבס. פון וואַנען זאָל איך וויסן נאָכוואָס זיי גייען?**

ריוועלע:

ווייזט אויפן קינד וואָס שטייט דערשראָקן אין אַ זייט. **אפשר גייען זיי צוליב איר?**

שייע:

**פון וואַנען זאָל איך וויסן? דו זיי נאָר רויק. מאַך זיך גאָרנישט וויסנדיק.** פאַרטראַכט זיך. **נעם דאָס קינד און באַהאַלט עס הינטערן אַלמער, הינטער די מלבושים. דו זאָלסט אָבער זיין רויק, הערסט? אַז זיי וועלן זען אַז איך וווין דאָ, וועלן זיי מסתמא באַלד אַוועקגיין.**

ריוועלע:

נעמט דאָס קינד פאַרן הענטל און הייבט אָן גיין. **עס זאָל נאָר נישט קומען קיין אומגליק אויף אונדז צוליב איר.**

שייע:

**דו ווייסט דאָך נישט צוליב וואָס זיי קומען, און שוין שרעקסטו דאָס קינד.**

ריוועלע גייט אָפּ מיטן קינד אין דעם צווייטן צימער אַריין. שייע פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס, ווי ער וואָלט זיך אָנגענומען מיט מוט. ער איז אָבער צעטראָגן. ער גייט הין און צוריק איבערן צימער, בלאָזט דעם רויך, קוקט דורכן פענצטער. דער גאַנג אינדרויסן דערנענטערט זיך און עס הערן זיך בייזע ווערטער: „דאָנערוועטער, פאַרפלוכטער יודע, דאָ מיינע הערן, נישט ווייט, אין דיזן הויז״, און נאָך אַזעלכע אויסדרוקן. ריוועלע קומט אַריין און זעצט זיך אַוועק עפּעס נייען. מיטאַמאָל גיט אַ פאַל אַריין אַ שייגעץ פון אַ יאָר 17. ער איז פאַרשוויצט און סאָפּעט שטאַרק. נאָך אים קומען אַריין צוויי געשטאַפּאָ־אַגענטן, שייע הייבט אויף די האַנט און גיט עפּעס אַ מורמל. די אַגענטן ענטפערן נישט אויף זיין באַגריסונג. זיי בלייבן שטיין ביי דער טיר און קוקן פון אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן געזוכט געהיימע סחורה. נאָך ביי דער טיר, רעדט דער שייגעץ אַ פאַרסאָפּעטער צו די אַגענטן.

שייגעץ:

**היער, מיינען הערן. אין דיזן הויז. יאַוואָל. איך האָב אַליין געזען, מיט מיינע אייגענע אויגן!** צלמט זיך. **זאָל מיך יעזוס באַשיצן ווי עס איז וואָר!...**

ערשטער אגענט:

צו שייען. **איז דאָס וואָר?!**

שייע:

נעמט זיך אָן מיט מוט. **וואָס, מיינע הויך־געשעצטע הערן?**

צווייטער אגענט :

מיט רוגזה. דומער יודע, פאַרשטייסט נישט וואָס מען רעדט צו דיר? איז דאָ אַרייגעקומען אַ יידישע מויד ?!

ערשטער אגענט :

האָסטו ערגעץ פאַרשטעקט אַ יידיש מיידעלע ?...

שייע :

איך בין ערשט איצט אַריינגעקומען, מיינע הויך־געשעצטע הערן. איך ווייס נישט. איך האָב קיין מיידל דאָ נישט געזען.

שייגעץ :

צו די אַגענטן. ער צלמט זיך בעת מעשה. יאָ!... איך שווער ביי יעזוס מאַריאַ... ווייזט אויף שייען. ער זאָגט ליגן. מיר האָבן דאָס מיידל געוואָלט נעמען אין וואַלד אַריין, האָט זי זיך אַרויסגעריסן פון אונדזערע הענט און דאָ אַריינגעלאָפן. צלמט זיך. איך וועל דעם הער קיין ליגן נישט זאָגן. איך וועל די הויך־געשעצטע הערן קיין ליגן נישט זאָגן. ער זוכט מיט זיינע בליקן פון אַלע זייטן אין צימער.

ערשטער אגענט :

צו ריוועלע. האָסטו געזען אַ יידישקע אַריינקומען אין דעם הויז צו דיר ?

ריוועלע :

מיט אַ געמאַכטן שמייכל. איך וועל קיין יידישקע אין מיין הויז נישט אַריינלאָזן. זי ווייזט אויף שייען. דאָס זעען דאָך מיינע הויך־געשעצטע איידעלע הערן. מיר האָבן ערשט איצט געזאָלט גיין אין קאַבאַרעט.

שייגעץ :

מען דאַרף זוכן, מיינע הערן. זוכן דאַרף מען. וויסן זי, מיינע הערן, ווייזט אויף שייען. אַ פּאָליציאַנט, אָבער דאָך אַ שמוציקער ייד. וויסן זי, ווען מיינע פריינד זענען געגאַנגען מעלדן אין פּאָליציי־אַמט, האָב איך דאָ, נעבן דעם הויז געהיט, אַז די יידישקע זאָל אַרויסקומען. זי איז אָבער נישט אַרויסגעקומען. איך האָב בלויז געזען דעם יידן אַרויסקומען.

שייע :

מיינע ליבע הערן, איך ווייס נישט וואָס ער פּלאַפּלט, דער יונג.

שייגעץ:

**מען דאַרף זוכן, יאַוואָל. זוכן...**

ערשטער אגענט:

אויפהייבנדיק די נאהייקע צו שייען. **זאָג, האָסט ערגעץ פאַר־שטעקט די יידישקע?!**

צווייטער אגענט:

**ווו האָסטו פאַרשטעקט די יידישע מויד?!**

**שייע:**

ווייזט אויף די שטולן. **זיצן זי, מיינע הויך־געשעצטע איידעלע הערן. וואָס ווען די גנעדיקע הערן טרינקען?** זיי ענטפערן נישט און בלייבן אויף זייערע ערטער.

צווייטער אגענט:

**זאָפאָרט די יידישקע אַהערברענגען!**

שייע:

**מיינע הערן זעען דאָך אַליין...**

צווייטער אגענט:

ווייזט אויפן צווייטן צימער. **און דאָרט וואָס איז?!**

ריוועלע:

צו שייען. **אָאָאָ... אפשר מיינען די הערן מיין שוועסטערס קינד וואָס איז דאָ ביי אונדז צו גאַסט?...** מיט אַ געמאַכטן שמייכל. **זי שלאָפט איצט אין צווייטן צימער.**

צווייטער אגענט:

**נישט שפּרעכן, ווען מען רעדט נישט צו דיר! פאַרפלוכטער יידי־שער שווײַן! קיין שום מאַניערן נישט! קיין שום עטיקעט נישט! עקלהאַפטע שווײַנען!**

ריוועלע:

**איך האָב געוואָלט פרעגן די איידעלע הערן, צי איך זאָל אויפ־וועקן דאָס אָרעמע קינד.**

צווייטער אגענט:

**זאָפאָרט איר אַהערברענגען!**

שייע:

מיט געבעט. **ס'איז אַ קליין קינד, נעבעך... אַ פּאַריתומט קינד... אַ רחמנות...**

צווייטער אגענט:

קוקט אויף ריוועלען מיט שטעכיקע אויגן און ווייזט מיטן קאַנטשיק אויף דער טיר.

ריוועלע:

דערשראָקן. **זאָפאָרט** גיי איך, **מיינע הויך־געשעצטע הערן. זאָפאָרט... זי וועלן אַליין זען. אַז מיין מאַן...**

שייע:

**איך וועל אַריינברענגען דאָס קינד.** צום ווייב. **דו נעם דערווייל אויף די ליבע געסט.** צו די אַגענטן. **ביטע, זיצן זי, מיינע ליבע, איידעלע געסט. זיצן זי...** זיי בלייבן אויף זייערע פּלעצער אומבאַוועגלעך.

צווייטער אגענט:

**דו בלייב היער. זאָל דאָס ווייב אַריינברענגען די יידישקע...**

ריוועלע:

שטאַרק דערשראָקן. **יאַוואָל, מיינע הערן. יאַוואָל. די מינוט...** גייט גיך אָפּ.

צווייטער אַגענט קוקט זיך גוט אַרום אין צימער. גייט הין אין צוריק און קלאַפּט מיט דער נאַהייקע אין דער כאַלעווע. דער ערשטער אַגענט שטייט נעבן דער אַריינגאַנג טיר. דער שייגעץ גייט צו דער טיר ווו ריוועלע איז אַוועק און קוקט אַריין דורך דעם שליסל־לאָך. שייע קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. ער טראָגט אונטער ציגאַרעטן צו די אַגענטן, נאָר זיי נעמען נישט. די צייט ציט זיך זייער לאַנג. עס איז שטיל אין צימער.

צווייטער אגענט:

צו שייען. **דו ווינסט זיך זייער שיין, גאָרנישט ווי אַ ייד...** שרייט אַריין צו ריוועלען. **מאַך דאָרט שנעל!**

שייע:

**אָט גיי איך זי רופן, אַז זי זאָל גיך אַריינקומען...**

דער צווייטער אַגענט גיט אויף אים אַ בייזן קוק, אַז שייע בלייבט אַזש פאַרציטערט. דער שייגעץ גיט זיך אַ שטעל אויף און רוקט זיך אָפּ פון דער טיר. אין דער רגע קומט אַריין ריוועלע. זי טראָגט פייגעלעך אויף די הענט. דאָס קינד איז איצט אָנגעטאָן אין אַ לאַנג, ווייס שלאָפהעמד. אירע האָר זענען אַראָפּגעקעמט, ריין. זי זעט אויס ווי אַ מלאכל. דער שייגעץ גיט זיך אַ כאַפּ. פון גרויס באַגייסטערונג הייבט ער זיך אָן צלמען עטלעכע מאָל. ער בלייבט שטיין מיט פאַר־גלאָצטע אויגן, פול מיט שרעק. קוים וואָס ער זאָגט אַרויס אַ וואָרט. די ליפּן ציטערן ביי אים...

שייגעץ:

**יעזוס מאַריאַ... יאָ... זי... אָך, ווי שיין... ווי אַ מלאך...** בלייבט שטיל און דערשראָקן.

צווייטער אגענט:

מיט אַ הויך געלעכטער צום שייגעץ. **געפעלט זי דיר, האַאַאַ?... נו, לאָס! נעם זי דיר מיט דיינע קאַמעראַדן...** לאַכט הויך.

שייגעץ:

פלאַפּלט פון שרעק, צו די אַגענטן. **יאָ... ניין... נישט זי... איך ווייס נישט אויף זיכער... יענע איז געווען אַן אַנדערע... אַן אַנדערע...** צלמט זיך.

דער ערשטער אַגענט דערנענטערט זיך צום דעם צווייטן אַגענט און רוימט אים איין אַ סוד אין אויער. בעת מעשה הערשט אין צימער אַ טויטע שטילקייט. שייע שטייט און בייסט די ליפּן און ציטערט. דאָס קינד טוליעט זיך און האַלט זיך שטאַרק אין ריוועלען. אויך ריוועלע האַלט איר שטאַרק אַרומגענומען. דער צווייטער אַגענט גיט זיך מיט רוגזה אַ באַפריי פון דעם ערשטן און גיט אַ געשריי מיט אַ געבייזער:

צווייטער אגענט:

**ניין! ניין!... דאָס איז אויסגעשלאָסן!...** ער גיט אַ געשריי צום שייגעץ, אַן יענער דערשרעקט זיך אַזש. **לאָס.!! נעם די יידישקע...**

מיט דעם הענטל פון דער נאַהייקע גיט ער דעם שייגעץ אַ שטופּ, אַז ער פאַלט נעבן ריוועלעס פיס. אין דער זעלבער צייט גיט ער אַ

שמיץ מיט דער נאָהייקע וואָס טרעפט ריוועלען אין די הענט און אויך דאָס קינד. דאָס קינד פאַלט אַרויס פון אירע הענט אין דער זעלבער צייט לאָזןביידע, ריוועלע און דאָס קינד, אַרויס אַ שטאַרק געוויין. ריוועלע דרייט זיך אין דרייען פון דעם שמיץ. דער שייגעץ הייבט זיך אויף, נעמט דאָס קינד פאַר דעם הענטל און דערנענטערט זיך צו דער אַרויסגאַנג־טיר. צווייטער אַגענט ווענדט זיך צום שייגעץ מיט אַ שטאַרק געלעכטער.

צווייטער אגענט:

**נו, וואָס שטייסטו, דו שמוציקער פּאָליאַק?! לאָס!...**

שייגעץ:

מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. **דאַנקע שיין! דאַנקע שיין...** פּיי־געלע לאָזט אַרויס אַ קוויטש. ביידע גייען אַרויס. ער האַלט איר שטאַרק פאַרן הענטל.

שייע:

וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און געקריצט מיט די ציין, גיט זיך אַ ווענד צו די דייטשן, מיט אַ געמאַכטן שמייכל. **זאָל דער פּאָלנישער יונג גיין מיט דעם קינד אין וואַלד!** צום ווייב וואָס שטייט אין אַ זייט און וויינט שטילערהייט. **די הויך־געשעצטע, איידל־דערצויגענע הערן ווייסן וואָס זיי טוען. זיי זענען געבילדעטע הערן. זיי ווייסן וויל...** בייזערט זיך **איך האָב דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט נישט ברענגען דיין שוועסטערס קינד צו מיר אין הויז אַריין. וואַרט, ווען די גנעדיקע הערן וועלן אַוועקגיין וועל איך דיר ערשט געבן...** צו די דייטשן. **די זאַך קאָן לייכט אויפגעקלערט ווערן, מיינע גנעדיקע הערן.** צום ווייב. **דיר וועל איך ערשט געבן.**

דער ערשטער אַגענט גייט אַרויס און באַלד נאָך אים דער צווייטער אַגענט מיט אַ גרויס געלעכטער. שייע שטייט פאַרטראַכט. ער גיט אַ לויף צו דעם פּלאַץ וווּ ער האָט פריער געהאַט באַהאַלטן דעם רעוואָלווער. ער נעמט אים אַרויס און אונטערזוכט צי ער איז אָנגע־לאָדן. אין דער זעלבער צייט רעדט ער, ווי צו זיך אַליין.

שייע:

**דער רבי מיינער איז איצט אויפן עולם האמת און איך זאָל איבער־לאָזן זיין יתומה אויף הפקר?!... אַזוי ווייט געפאַלן בין איך נאָך נישט**

**ריוועלע, איך דאַרף אים אָפּדינען פאַר די שמיץ וואָס ער האָט מיר געגעבן... אַ קיילעכיקע יתומה זאָלן מיר איבערגעבן צו די היצלעס?!...**
גיט אַ געשריי ווי אַ געשאָכטענער. **ריוועלע!**

ריוועלע:

מיט טרערן אין די אויגן, גיט זי אַ לויף צו אים. **וואָס גייסטו טאָן?!** זי גיט אַ לויף צו דער אַרויסגאַנג־טיר און פאַרשטעלט איר מיט דער פּלייצע. **איך וועל דיך נישט לאָזן.**

שייע:

נעמט איר אַרום. **ריוועלע, איך בין אַ ייד. דו ביסט אַ יידישע טאָכטער. דו האָסט אַ יידיש האַרץ.** ער גיט איר אַ קוש אין באַק. **דו וועסט זיין אַ מאַמע צו מיין רבינס קינד.** טרערן שטיקן אים אין האַלדז. **אַ מאַמע, הערסט? אַ מאַמע...** ער באַפרייט זיך גיך פון איר.

ריוועלע:

האַלט אין אַרומגעוונמען, רעדט דורך טרערן. **איך וויל נישט קיין פרעמדע קינדער, שייע.**

שייע:

גלעט איר די האָר. **דערווייל זיי אַ מאַמע צו מיין רבינס קינד. זי איז אַ קיילעכיקע יתומה...** פאַרקנעפּלט דאָס רעקל. לייגט אַריין דעם רעוואָלווער אין דער קעשענע. ער איז שוין נעבן דער טיר. ריוועלע שטייט אָפּגערוקט פון אים. **איך האָב נישט געוואָלט, אַז מען זאָל דאָ געפינען אַ צייכן פון די טייוואָלים. אין גאַס בין איך נישט פאַראַנטוואָרטלעך.**

ריוועלע:

*שייע,* **איך האָב מורא... איך וועל מיטגיין מיט דיר...**

שייע:

שוין אין דער טיר. **דו נעם בעסער אַ קאָלדרע, איינצוּוויקלען דאָס קינד. אינדרויסן איז קאַלט. מירן נעמען דעם סטודענט און רב יאָסעלע מינץ צו יענקלען אין וואַלד אַריין.** אָפּ.

ריוועלע:

מיט טרערן אין די אויגן שטייט זי ביי דער אָפענער טיר און

קוקט אַרויס. **אפילו אַן אייגן ווייב קאָן נישט וויסן וואָס ביי איר מאַן אין האַרצן טוט זיך.** עס איז שטיל אַ ווייל. מיטאַמאָל דערהערן זיך דריי רעוואָלווער־שאָסן, איינער נאָכן צווייטן. נאָך יעדן שאָס גיט ריוועלע אַ ציטער און פאַרמאַכט די אויגן. זי גיט אַ לויף אַרויס מיט אַ ביטער געשריי. ***שייע, שייע,*** פון דער ווייטנס הערט זיך נאָך איר שרייען. **שייע!!!**

פאָרהאַנג פאַלט

**מאַי, 1948. לאָס אַנזשעלעס, קאַל.**

## פערזאָנען:

**אריה,** דער זיידע, אַ ייד אין די זיבעציקער, אַ פעדלער, קוים די פיס טראָגן אים.

**סעמיואל** זיין אייניקל, אַ קיילעכדיקער יתום, 16 יאָר אַלט.

**אייבראהאם,** אַ קריסטלעך ייִנגל פון אַ יאָר 14.

**סטיפן פאסטער,** אַ ייִנגל פון אַ יאָר 12.

**מאריא,** אַ קריסטלעך מיידל פון אַ יאָר 14.

**אנטאנעט,** 15 יאָר אַלט.

**דזשורעט,** 16 יאָר אַלט.

**ערשט מיידל** ‖ קריסטלעכע קינדער.
**צווייט מיידל** ‖
**א ייִנגל** ‖

**מיסטער פאסטער,** אַן אַמעריקאַנער פּאַרמער, אין אריה׳ס יאָרן.

**מיסעס פאסטער** זיין ווייב, אַ ביסל ייִנגער, סטיפן איז זייער קינד.

**מיסעס מעקארמיק,** פּאָסטערס אַ שכינה, אויך אַ פּאַרמערקע.

**מיסעס דזשיימס**

**מיסעס עווענס**

נאָך פרויען און קינדער. ווייניק מענער, ווייל זיי זענען אויפן פראָנט.

די יאָרן — 1870—80, די צייט פון דער רעוואָלוציע. די פויערים טראָגן קליידער געמישטע אי פון די פּילגרימען און אויך פון האָלענדישן סטיל: ברייטע היט מיט ווייסע קאָלנערס אויף די אויבערמאַנטלען. די פרויען טראָגן לאַנגע, ברייטע קליידער פון העלן קאָליר, פאַרטעכער און ווייסע קעפּקעלעך אויף די קעפּ. די קינדער טראָגן כמעט די זעלבע מלבושים. נאָר די יינגלעך טראָגן הויזן מיט לאַנגע טונקעלע זאָקן. די מיידלעך — העלע זאָקן.

די האַנדלונג קומט פאָר ערגעץ אויף אַ נישט אויסגעטראָטענעם וועג, וואָס פירט קיין פילאַדעלפיע. דאָס איז די צייט פון די שווערסטע מאָמענטן אין דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע קעגן ענגלאַנד. עס איז ערב יום כיפור.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זעען מיר אַ גרויס, ברייט פעלד מיט אַ סךביימער, בערג און טאָלן. עס איז פאַרטאָג. דער מאָרגנשטערן איז ערשט אַרויס. די בינע איז ליידיק אַ גאָר קורצע ווייל. באַלד באַווייזן זיך אריה, דער זיידע, מיט זיין אייניקל סעמיואל. זיי זענען באַלאָדן מיט שווערע פּעק. ביסלעכווייז ווערט ליכטיקער אַזוי, אַז ווען דער אַקט ענדיקט זיך, איז שוין גרויסער טאָג. נאָר עס איז כמורנע, ווייל עס דונערט און בליצט. עס גייט רעגענען. דער אַלטער מיט זיין אייניקל בלייבן שטיין אינמיטן דער בינע. אריה פּרובירט אויסגלייכן זיינע ביינער. ער קרעכצט און קוקט אויפן הימל.

אריה:

**אַזאַ מהלך... אַזאַ מהלך... סכנות נפשות... אַ דאַנק השם יתברך וואָס מיר זענען שוין נענטער ווי ווייטער.**

סעמיואל:

**זיידע, ווי לאַנג וועלן מיר זיך נאָך דאַרפן אַרומשלעפּן?...**

אריה:

קוקט אויפן הימל. גלעט זיין ווייסע באָרד. זיפצט... העי, העי...
ווער ווייסט, ווי לאַנג אַ ייד דאַרף זיך אַרומשלעפּן... איין גאָט אין
הימל ווייסט.

סעמיול:

לאָמיר זיך דאָ צוזעצן אויף אַ ווייל, זיידע. איך בין אַזוי מיד...
די פיס ברעכן מיר. איך בין דורשטיק. דערצו האָב איך מיר נעכטן
צעשטאָכן אַ פוס.

אריה:

קוקט מיט באַדויערן אויף זיין איייניקל. מוט און געדולד. בטחון
מיין קינד. בטחון... אַ יידיש קינד דאַרף זיין צוגעוווינט צו יסורים...
וואָס פאַר אַ באַטייט האָט אַ צעשטאָכענער פוס מיט די אַלע יסורים
וואָס אַ ייד דאַרף אויסשטיין?... ער גלעט דעם יינגלס קאָפּ. עס וועט
שוין נישט נעמען לאַנג, אַז מיר וועלן זיין אין פילאַדעלפיע. דאָרט
זענען פאַראַן אַ סך יידן. דיין זיידע, אריה לייב, האָט זיך קיינמאָל
נישט אָפּגעשטעלט אינמיטן וועג. עס איז דאָך היינט ערב יום כיפור.
דו ווייסט, אַז יום כיפור... איז אַ הייליקער טאָג... בסוד. דו ווייסט, אַז
מיר מוזן אָנקומען קיין פילאַדעלפיע, איידער די זון זעצט זיך, איידער
מען שטעלט זיך זאָגן כל נדרי... יום כיפור, מיין קינד. יום כיפור...

סעמיול:

מיט געבעט. זיידע, די זון איז נאָך נישט אַרויס. עס איז נאָך
זייער פרי און מיר האָבן נאָך אַ גרויסן טאָג פאַר זיך. דאָ איז אַזוי
גוט און איך בין דורשטיק. לאָמיר זוכן וואַסער...

אריה:

פאַרגעס נישט אַז עס איז מלחמה צייט, דעריבער מוזן מיר אָנקו־
מען אין שול אַריין, נאָך איידער מען שטעלט זיך זאָגן כל נדרי. האָב
איך דיך נישט געלערנט, אַז ערב יום כיפור דאַרפן אַלע יידן פאַסטן,
האָסט שוין פאַרגעסן, האַ?... איי, איי, איי... אַנשטאָט גיין אין חדר,
דאַרף זיך אַ קינד אַרומשלעפּן מיטן זיידן אויף ווילדע וועגן... ביטער
איז דאָס לעבן פון אַ יידן, ביטער...

סעמיול :

**זיידע, איך וועל גיין אין שול אַריין, איך וועל זאָגן קדיש נאָך מיינע טאַטע־מאַמע, איך וועל זאָגן, דו וועסט זען. אָבער עס איז נאָך צו פרי אָנצוהייבן פאַסטן. כאָטש אַ טרונק וואַסער, איידער מיר הייבן אָן פאַסטן... כאָטש אויסרועון די פיס... דעם רוקן אַ ביסל אויסגלייכן פון דעם שווערן פּאַק... זיידע, וואָס זאָגסטו?... יאָ?...**

אריה :

**אוודאי, ביסט דאָך אַ יידיש קינד, אַ יידיש קינד דאַרף זאָגן קדיש, אַ יידיש קינד דאַרף זאָגן כל נדרי. מיר האָבן אַזויפיל מאָל גערעדט וועגן די אַלע זאַכן, וואָס אַ יידיש קינד דאַרף טאָן... אַז מיר וועלן זיך צוויילן, וועסטו הערן אַ גוטן חזן אויך. ער איז נישט לאַנג צוריק געקומען פון ליסבאָן, פּאָרטוגאַל, ווו מען האַלט אין איין מאָרדן יידן... אַ גוטער חזן... אַ גוטער חזן...**

סעמיול :

**אַז מיר וועלן זיך דאָ צוזעצן אויף אַ גאָר קליינער ווייל, וועל איך אים נאָך אַלץ קאָנען הערן, נישט אמת, זיידע?...** עס איז שטיל אַ ווײַלע. **טאָ לאָמיר זיך צוזעצן אויף אַ קורצער ווייל. זעסט, איך וויל אפילו מער נישט קיין וואַסער, אַבי צוזעצן זיך אויף אַ קורצער ווייל...**

אריה :

**נו, זאָל זיין ווי דו ווילסט, אָבער נישט אויף לאַנג.**

סעמיול :

**דו ביסט אַזאַ גוטער, איך האָב דיך אַזוי ליב, זיידע...**

אין דער צייט פון רעדן מאַכן זיי נאָך עטלעכע טריט אַרויף, אויף דער בינע. זיי נעמען אַרונטער די פּעק פון די פּלייצעס און זעצן זיך אַוועק אָנגעשפּאַרט אָן די זעק, וועלכע זיי לייגן אַוועק נעבן אַ בוים. אריה קרעכצט בעת ער זעצט זיך אַוועק.

סעמיול :

**וואָס קרעכצסטו, זיידע? דיר איז נישט גוט?...**

אריה :

**זיפצט, די גרויסע, ווייסע ברעמען פאַרשטעלן זיינע אויגן. דאָס**

מאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט זיי געהאַלטן פאַרמאַכט. די מאַמע דיינע איז געהרגעט געוואָרן פון די אינדיאַנער. נאָך גאָר אַ יונגע יידישע טאָכטער געווען, די מאַמע דיינע... דער טאַטע דיינער איז דערשאָסן געוואָרן אויפן פראָנט פון די ענגלישע זעלנער. דרייט זיך פון אַלע זייטן ווייל ער קאָן זיך נישט באַזעצן, קרעכצט. און איך בין שוין אַלט, די פיס ווילן מער נישט דינען. ער איז שטיל אַ ווייל סעמיול קוקט אויף אים מיט אינטערעס. איך וואָלט רויק געקאָנט צומאַכן מיינע אויגן ווען איך ווייס, אַז איך לאָז דיך איבער אין אַ פרייער מדינה, וווּ מען זאָל מער נישט טרייבן און פּלאָגן די יידן. דו זאָלסט קאָנען: זיצן רויק אין דיין אייגן שטיבל, אויף דיין אייגן שטיקל ערד און לעבן פון דיין אייגענער פּראַצע. זיפצט, פּרובירט איינשלאָפן.

סעמיול:

גיט זיך אַ שטעל אויף די קני און רעדט צום זיידן. איך וויל נישט קיין שטיקל לאַנד, איך וויל אַ ביקס, איך וויל זיין אַ קאָרנעל ווי אייזיק פראַנקס... זיידע, דו שלאָפסט?...

אריה:

ווי קאָן אַ ייד אין מיינע יאָרן שלאָפן? אַלע מיינע יאָרן מיטן פּאַק אויף די פּלייצעס צווישן אינדיאַנער און פראַנצויזן, ווייסע און שוואַרצע אַרומגעגאַנגען. אַלע סכנות אויסגעשטאַנען און ביי קיינעם קיין הילף נישט געבעטן. איך בין געווען אויף פּלעצער, וווּ קיין מענטשלעכער פוס האָט נאָך נישט באַטראָטן און קיינמאָל נישט מיד געוואָרן צו זוכן אַ שטיקל פּלאַץ, וווּ איך זאָל קענען לעבן רויק מיט מענטשן גלייך.

סעמיול:

האָסט קיינמאָל אַזאַ לאַנד נישט געזען? איך מיין אַ לאַנד, וווּ דו זאָלסט קאָנען לעבן רויק און פריי?...

אריה:

יאָ מיין קינד: אָט אָ דאָס לאַנד, אויף וועמענס ערד מיר טרעטן אַצינד, ווייט אין די ימען. ווייניק מענטשן האָבן די ערד באַטראָטן,

אַן אינדזל פון זבת חלב ודבש. זעצט זיך אויף און קוקט אין דער ווייטקייט אַריין. דאָ קאָנען פעלדער מיט פעטע זאַנגען אויף מײלן ווייט זיך ציען. סעדער, וועמענס צווייגן זענען באַלאָדן, ווי דער פעדלער מיט זיין משא. דאָ וועלן שטילע רעגנס באַפרוכפערן די ערד, צאַרטע ווינטן וועלן די פליגל פון די ווינטמילן טרייבן. דאָ זענען גרויסע טייכן, וווּ פישערלייט קאָנען זייערע נעצן ווייט פאַר־שפּרייטן. באַלאַדענע זעגלשיפן וועלן די ברייטע ימען שניידן, פון די געדיכטע וועלדער וועט מען שטאַרקע הייזער בויען, שמידן וועלן כלים שמידן. דאָס איז אַ גאָלדן לאַנד. אָט אַ דאָ וויל איך, מיין קינד זאָלסט זיך אַ היים בויען. זיפצט און לייגט זיך צוריק אַוועק. אוי, מיינע פיס... עס וועט נאָך זיכער היינט רעגענען.

אין דער צייט וואָס דער זיידע האָט גערעדט, איז סעמיול איינגע־שלאָפן. אויך ער מאַכט צו די אויגן. עס ווערט ביסלעכווייז ליכטיקער. עס קומט אַריין אַ גרופּע יוגנטלעכע מיט קיישעלעך אין די הענט. זיי זינגען און נאָכדעם גייען זיי אין אַ טאַנץ. זיי באַמערקן נישט די שלאָפנדיקע וואַנדערער.

זונטיק פרי, ווען זון האָט געשיינט
אויף דעם עפּלבוים,
האָט בערל כוואַט פאַרלוירן זיין געביין,
פאַר זיין פאָלק און היים.

אַ ייִנגל נאָך, בלויז אכצן זומערס,
דאָס האָט קיינער נישט באַשטרייט.
העלדיש האָט ער. דעם פיינט באַגעגנט,
מוטיק האָט ער געשטרייט.

ייִנגלעך ווי בערל כוואַט שרעקט מען נישט,
דער פיינט קאָן זיי נישט טרייבן.
זייער גלויבן איז שטאַרק ביז גאָר,
פאַר מענטשנס פרייהייט צו שטרייטן.

דאָס געזאַנג און די טענץ וועקן אויף די צוויי וואַנדערער. אריה רעדט צו סעמיולן ווען ער וועקט אים פון טיפן שלאָף.

אריה:

**איינגעשלאָפן נעבעך... מיד פון וועג... שלמהלע מיין קינד, עס איז שוין גרויסער טאָג. די קינדער לויפן שוין אין וואַלד אַריין קלייבן שוואָמען. צו זיך אַליין. צופיל פאַרשלאָפן... שווערע צייטן... שווערע צייטן...**

ערשט איצט באַמערקן די יוגנטלעכע די צוויי וואַנדערער. סעמיול שטעלט זיך אויף, רייבט די אויגן און קוקט מיט באַוווּנדערונג אויף די קינדער, וואָס זענען אין זייער עלטער. אריה קוקט זיך נישט אום, נאָר טוט אָן סעמיולן זיין זאַק. אין דער זעלבער צייט לויפט מאַריאַ אַרויס פון דער גרופּע קינדער און דערנעענטערט זיך צו אריהן, זי בלייבט אָבער שטיין פון דער ווייטנס.

מאריא:

**גוט מאָרגן, פרעמדער.**

אריה:

**גוט מאָרגן, קינדער, גוט מאָרגן.**

די קינדער:

**גוט מאָרגן, גוט מאָרגן, פרעמדער, גוט מאָרגן.**

מאריא:

**פון וואַנען קומסטו, זיידע? און וואָס האָט איר דאָ, אין די זעק?**

די אַנדערע קינדער דערנעענטערן זיך.

אנטאנעט:

**לאָמיר אַוועקגיין, איך האָב מורא, אפשר טראָגן זיי שלאַנגען אין די זעק, קומט...**

דזשודעט:

**וואָרט אַ ווייל, זיי זעען נישט אויס צו זיין קיין שלעכטע. דער זיידע זעט אויס ווי „סאנטאקלאָוז", דער יינגל איז אַזאַ שיינער...**

סטיפן:

**אפשר זענען זיי הייליקע? לאָמיר זיי פרעגן.**

אייבראהאם:

וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען פון דער ווייטנס און געקוקט, גיט אַ לויף צו אריהן און כאַפּט אים אַרום. **ערן וואָרט, ס'איז דאָך דער אַלטער אַריה. הייליקע מוטער! איך דערקען אים.** אַלע קינדער און אויך סעמיול בלייבן פאַרגאַפט.

אריה:

גלעט זיין קאָפּ. **ווער ביסטו, קינד?**

אייבראהאם:

מיט פרייד. **דו געדענקסט מיך נישט? פון סאוואנא דזשאָרדזשיא. דו געדענקסט, דו פלעגסט קומען אין אונדזער דאָרף פאַרקויפן שיינע זאַכן?!... דו פלעגסט שלאָפן אין סטיפנס הויז. סטיפן איז אויך דאָ. סטיפן, קום אַהער. דו דערקענסט נישט דעם זיידן?...**

סטיפן:

**איך געדענק נישט, אפשר בין איך דעמאָלט געווען צו קליין**

אייבראהאם:

**זיידע, דו געדענקסט: מיך פלעגסטו רופן מזיק און סטיפענען פלעגסטו רופן קליינער פעמפיק.** ער לאַכט און אויך אַלע קינדער לאַכן.

אריה:

האָט זיך דערמאָנט. נעמט אַרום ביידע יינגלעך. **איז דו ביסט דאָס דער מזיק און ער — דער פעמפיק? כאַ, כאַ, כאַ... ווו איז דיין טאַטע, די מאַמע?**

אייבראהאם:

טרויעריק. **מיין טאַטע איז געהרגעט געוואָרן אין דער מלחמה. איך און מיין מאַמע וווינען ביי מיסטער פאָסטער.**

מאריא:

**זיידע, קום צו אונדז אין דאָרף, מירן קויפן פון דיר שיינע זאַכן.**

אריה:

זיפצט. **אַזוי, דער טאַטע דיינער איז געהרגעט געוואָרן...** צו מאַריאַ. **נישט היינט, קינדער, היינט האָבן מיר קיין צייט נישט.** צו אייבראַהאַם.

דו גיב איבער אַ גרוס צו דיין מאַמען. צו סטיפענען. און דו, קליינער פּעמפּיק, גיב איבער אַ גרוס צו דיין מאַמען און צו דיין טאַטן. צו אייבּ־האַם. אַ ווײַלער מענטש געווען דיין טאַטע. אַ ווײַלער מענטש... מאַכט גלייך דעם פּאַק אויף סעמיולס פּלייצע און בעת מעשה רעדט ער צו די קינדער. היינט קאָנען מיר נישט גיין אין דאָרף. מיר איילן זיך.

מאריא:

קום כאַטש אויף אַ ווײַלע, עס וועט נישט נעמען לאַנג.

דזשודעט:

נעמט אָן סעמיולס האַנט. זאָג דיין זיידן, אַז ער זאָל דאָ בלייבן. דו ביסט אַזאַ שיינער... ביידע לאָזן אַראָפּ די אויגן פאַרשעמט און לאָזן אָפּ די הענט.

אנטאַנעט:

עס וועט נישט נעמען לאַנג. די מאַמע וועט קויפן די זאַכן און איר וועט קאָנען באַלד אַוועקגיין. אמת, קינדער, זיי וועלן קאָנען באַלד אַוועקגיין?

דזשודעט:

צו אריהן. אַז איר וועט וועלן, וועט איר דאָ קאָנען נעכטיקן אויך. מיר האָבן אַ גרויס הויז.

אייבראהאם:

קום, זיידע, די מאַמע וועט זיך פרייען ווען זי וועט אייך דערזען. מיסטער פּאַסטער וועט זיך אויך פרייען, קומט. ער גיט אַ כאַפּ דעם זיידנס פּאַק און איז גרייט צו גיין.

דזשודעט:

מיר וועלן אַלע העלפן טראָגן. העלפט אַראָפּנעמען דעם פּאַק און סעמיולס אַקסל. איך וועל דיר העלפן טראָגן.

אריה:

גוטמוטיק צו סעמיולן. נו, וואָס זאָגסטו צו אַזעלכע קונדסים? צו די קינדער. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך האָב היינט קיין צייט נישט. מאָרגן, מאָרגן וועלן מיר קומען. זאָגט מיר בעסער, ווו קאָנען מיר דאָ נעמען אַ טרונק וואַסער.

אלע:

מיטאַמאָל. **קומט, איך וועל אייך ווייזן.**

אריה:

ער נעמט אַרונטער פון סעמיולן דעם פּאַק און לייגט ביידע פּעק צוזאַמען, פון זיין פּאַק נעמט ער אַרויס אַ קענדל. צו סעמיולן. **די זייַ נעבן די זאַכן, איך וועל באַלד זיין צוריק.** צו די קינדער. **נו, קונדסים, וואָס שטייט איר? ווו איז דער קוואַל?**

מאַריאַ, אייבראַהאַם און סטיפן גייען מיט דעם אַלטן ווייזן ווו דער קוואַל איז. דזשודעט און אַנטאַנעט, די עלטסטע מיידלעך, זעצן זיך אַוועק נעבן סעמיולן. דזשודעט נעמט נישט אַרונטער די אויגן פון אים בעת ער שפּילט זיך מיט אַ גרעזל. פון דער ווייטנס הערט מען ווי יענע דריי קינדער זינגען אַ ליד. באַלד כאַפּן אונטער די צוויי מיידלעך און העלפן מיטזינגען.

**בלומען וואַקסן אין גאָרטן,**
**קאָרן וואַקסט אין פעלד.**
**מיין געליבטער, מיין חתן,**
**איז אַ גרויסער העלד.**

**נישט קיין שמייכל פון די שטערן,**
**קיין מוזיק פון דעם ווינט.**
**דאָס וואַסער שלאָגט זיך אין די ברעגן,**
**דער טאָג קומט און פאַרשווינדט.**

**נישטאָ קיין פרייד אין דעם קוסט,**
**דער סאָד ציטערט אַ טרויעריק ליד.**
**דער קאָפּ ער שפּאַלט, דאָס אויג קלאָגט,**
**קיינער זעט נישט מיין געמיט.**

בלומען וואַקסן אין גאָרטן,
קאָרן וואַקסט אין פעלד.
מיין געליבטער, מיין חתן,
איז אַ מלחמה־העלד...

דזשודעט:

פון יענע קינדער הערט מען נישט, די מיידלעך ברומען דעם מאָטיוו, עס איז שטיל. מיטאַמאָל גיט זיך דזשודעט אַ רוף אָפּ צו סעמיולן. דו ווייסט, מיר האָבן אַ גרויסן הונט, ער איז אינגאַנצן שוואַרץ, ער איז אַ בעלגישער, איך האָב אים געפונען אין אַ גרוב. ער איז שוין געווען כמעט אינגאַנצן טויט ווען איך האָב אים געפונען. די מענטשן זאָגן, אַז ער האָט באַלאַנגט צו די בריטישע.

אנטאנעט:

מיר האָבן אַ וועגעלע, צו וועלכן איר קאָנט איינשפּאַנען דעם הונט, ער זאָל אייך העלפן שלעפּן די משא, וועסטו און דיין זיידע נישט פאַרמאַטערט ווערן.

סעמיול:

איז די גאַנצע צייט געזעסן מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. מיר זענען נישט מיד.

דזשודעט:

מען האָט מיר שוין געוואָלט געבן דריי דאָלער פאַר דעם הונט. אמת, אַנטאָנעט?...

עס דערהערט זיך אַ געזאַנג פון דער ווייטנס. באַלד קומען אַרויף אויף דער בינע אַ גרופּע קינדער. זיי קומען מיט קערבלעך בלומען און שוואָמען אין די הענט. אַ קליין יינגעלע צערטלט אַן אייעלע. די איבריקע קינדער זינגען און טאַנצן. ווי נאָר זיי דערזעען די זיצנדיקע, שטעלן זיי זיך אָפּ נעבן זיי.

כ׳וועל אייך אויסמאָלן אַ בחור,
וואָס איז ביי מיר געווען.

עס איז נישט ווייס און אויך נישט געל,
נאָר גאָר אינגאַנצן גרין.

זיין נאָמען איז נישט שיינער,
נאָר אויך נישט יחיאל,
חתונה האָבן וויל ער, זאָל איך,
כ׳ווייס נישט צי איך ווער.

לערנען וויל איך און זיך שפּילן,
העלפן אין הויז דער מאַמען.
אַז נישט מאָרגן, וועט ער שפּעטער
אָן אויסגעגרינטער קומען...

ערשט מיידעלע:

האַלאָ, איך האָב שיינע בלומען.

צווייט מיידעלע:

און איך האָב יאַגעדעס און שוואָמען, זעט...

א יינגעלע:

איך האָב געפונען אַ נעסט פון אייעלעך, זעט... ווייזט דאָס אייעלע.

דזשודעט:

גייט צום יינגעלע. מען טאָר נישט צעשטערן קיין נעסטן, די מאַמע פייגעלע וועט וויינען. לייג דאָס צוריק אַוועק, וווּ דו האָסט עס גענומען... אַך, וואָס פאַר אַ שיינע שפּרינקעלעך אויף דעם אייעלע. צו סעמיולן. קום, גיב אַ קוק.

סעמיול:

באַטראַכט דאָס אייעלע. טראָג דאָס צוריק אַוועק. עס איז אַ רחמנות אויף דער מאַמע פייגעלע.

א יינגעלע:

איך ווייס נישט צי איך וועל געפינען דעם פּלאַץ.

צווייט מיידעלע:

איך ווייס ווו, דאָס איז אויף דעם גרויסן עפּלבוים. קום, איך וועל דיר ווייזן דעם פּלאַץ.

דאָס יינגעלע און דאָס מיידעלע לויפן צוריק אין וואַלד אַריין דזשודעט לויפט זיי נאָך. סעמיול זעצט זיך צוריק אַוועק. אַנטאָנעט שרייט נאָך:

אנטאנעט:

**דזשודעס, ווו לויפסטו?**

דזשודעט:

פון יענער זייט. **בלומען רייסן, איך קום גלייך צוריק!**

אנטאנעט:

זעצט זיך נעבן סעמיולן. זי ווענדט זיך צו די קינדער. **לאָמיר עפּעס זינגען.**

ערשט מיידעלע:

צו אַנטאָנעט. **דערצייל אונדז אַ מעשה, יאָ, אַ מעשה...**

אנטאנעט:

**יאָ, אַ מעשה, סעמיול, דערצייל אונדז אַ מעשה...**

דזשודעט קומט צוריק. זי טראָגט אויפן קאָפּ אַ קראַנץ בלומען און אין האַנט האַלט זי אַ צווייטן קראַנץ וועלכן זי טוט אָן סעמיולן אויפן האַלדז. פון גרויס פרייד גיט זי אַ כאַפּ אַנטאָנעטן און סעמיולן ביי די הענט און ציט זיי צום טאַנצן. זי הייבט אָן זינגען איינע פון די דערמאָנטע לידער. אויך די אַנדערע קינדער ווערן אַריינגע־געצויגן אין דעם טאַנץ. מען זעט ווי די קינדער זענען שוין מיד. אינמיטן רופט אַנטאָנעט אויס:

אנטאָנעט:

**אוי, ביי מיר דרייט זיך שוין דער קאָפּ.** זי זעצט זיך אַוועק.

ערשט מיידעלע:

צו סעמיולן און דזשודעט וואָס שטייען איינע נעבן די צווייטע **איר זעט ביידע אויס אַזוי שיין, פּונקט ווי חתן כלה. זי צעלאַכט זיך.** אַלע קינדער לאַכן.

אנטאנעט:

צו דזשודעטן. **זעץ זיך אַוועק** זי ווייזט אויף סעמיולן. **[illegible] אונדז געזאָלט דערציילן.**

דזשודעט:

**גוט, לאָמיר זיך אַוועקזעצן.** זיי זעצן זיך אויס אין אַ האַלבן קרייז.

אין דער צייט קומען יענע קינדער אויך צוריק פון וואַלד. אַלע זעצן זיך. קינדער, זאָל זיין שטיל. זי קוקט סעמיולן גלייך אין פנים אַריין.

סעמיול :

**העט, העט ווייט. זייער ווייט, קיין מענטשלעכער פוס האָט נאָך דאָרט נישט געטראָטן, ווייט, ווייט אין די ימען, איז דאָ אַן אינדזל ווו די כוואַלעס שלאָגן זייערע קעפּ אין הוילן גראַניט, שפּייען דעם שוים אויס און לויפן אַוועק. קיינער וווינט דאָרט נישט, נישט קיין מענטש און נישט קיין חיה, נישט קיין פויגל און אפילו נישט קיין ווערעמל אויף דער ערד. נישט קיין בוים, אוודאי נישט קיין בלום און קיין גרעזעלע אויף דער ערד. אַלץ איז דאָרט וויסט. די זון באַקט בייטאָג און די געזאַלצענע ווינטן בלאָזן ביינאַכט. אָט אָ דאָרט, איינמאָל אַ פאַרנאַכט, ווען די זון איז געווען שטאַרק רויט, ביי די זוימען פון די בערג, האָב איך אויף דעם שפּיץ באַרג געזען אַן אינדיאַנער טשיף אויף אַ ווייס פערד...**

דאָס דערציילן ווערט איבערגעריסן מיט דעם אָנקום פון אריה און די קינדער וואָס זענען געגאַנגען מיט אים נאָך וואַסער, אַ חוץ אייבראהאם. ער דערלאַנגט סעמיולן דאָס קריגל וואַסער און הייבט אָן זיך נעמען צו די זעק.

אריה :

**לאָמיר נעמען די פּעק און זיך לאָזן אין וועג אַריין. מירן זיך דאַרפן צואיילן. דער קוואַל איז געווען אַזוי ווייט. געמיינט, אַז איך וועל שוין נישט קאָנען אַרויפקלעטערן פון טאָל. אָך, אַלץ איז דאָ אַזוי ווילד און די ערד איז פעט...** טוט אָן סעמיולן דעם פּאַק.

סעמיול :

**זיידע, אפשר וועלן מיר דאָ פאַרבלייבן ? ס'איז דאָ אַזוי שיין און רויק. גוטע מענטשן זענען דאָ אויך פאַראַן.**

סטיפן :

**יאָ, בלייב דאָ, מיר וועלן צוזאַמען אין טייך פיש פאַנגען.**

מאריא :

**פּרוכטן פון די ביימער קלייבן.**

צווייט מיידעלע:

אויך שוואַמען גרויסע זענען דאָ פאַראַן.

א יינגעלע:

מיר קאָנען אין וואַלד קראַליקעס און וועווערקעס כאַפּן.

יהושע:

נעמט סעמיולן פאַר דער האַנט. און ביינאַכט, וועלן מיר אַ קעמפּ פייער מאַכן, מיר'ן טאַנצן און זינגען, דו וועסט אונדז שיינע מעשיות דערציילן. ווען די מלחמה וועט אַריבער, און מען וועט די צעגלעטעדער פאַרטרייבן, וועלן מיר ווינען אַלע צוזאַמען...

עס דערהערט זיך אַ טומל פון הינטער דער בינע פון מענער און פרויען שטימען: „וואָ איז עס? ער פירט אונדז הינטערן הר חושך מסתמאַ ווייסט ער וואָס ער רעדט". אויך אייבראַהאַמס שטים הערט זיך: „אָט דאָ, מיר זענען שוין דאָ." עס גיבן אַ קום אַרויף עטלעכע פאַרמערקעס און אַן אַלטער פאַרמער צוזאַמען מיט אייבראַהאַם. דאָס יינגל איז שטאַרק פאַרשוויצט פון פרייד. דער אַלטער פאַרמער גיט גלייך אַ לויף צו אַריהן און נעמט אים אַהום מיט פרייד.

מיסטער פאַסטער:

זיי געגריסט, גוטער אריה. ווי קומסטו דאָ אַהער? און איך האָב נישט געוואָלט גלייבן דעם קליינעם מזיק, אַז דו ביסט דאָ!... צו די פרויען. שכנים, איך האָב פיל מאָל דערציילט וועגן דעם גוטן יידן, אָט שטייט ער פאַר אונדז.

אייבראַהאַם:

צו די פרויען. איר זעט, איך האָב אייך נישט אָפּגענאַרט...

מיסעס עווענס:

פון וואַנען קומט איצט אַ ייד? פון וועלכן לאַנד זייט איר?

אריה:

נעמט אַראָפּ דעם פּאַק פון די פּלייצעס, זיפצט. איך קום פון אַ לאַנד, וואָס איז ווי אַ גהינום, מענטשן פאַלן פון דעם שווערן יאָך. איבער שטורמישע אָקעאַנען בין איך געשווומען, מיינע פיס האָבן בייע וועגן געשניטן. דאָ איז אַ שיינער הימל איבערן קאָפּ, די וועלט

איז ברייט און וועט אויך, מיט גאָטס הילף, זיין פריי. די מענטשן זענען גוט, אַ ייד קאָן דאָ נישט פאַרפאַלן ווערן. צו סעמיולן. נו, זעסט מיין קינד, גאָט פאַרלאָזט נישט...

מיסעס מעקארמיק:

טאָ בלייב זשע דאָ, ייד, רו דיינע ביינער אויס, די רעוואָלוציע וועט זיגן, וועלן מיר אַלע ווױנען אין אַ פרייער מדינה.

אייבראהאם:

צו די קינדער. גוט געטאָן, וואָס איך בין געלאָפן אַנזאָגן, אַז זיי זענען דאָ?

אנטאנעט:

זיי וועלן נאָך אפשר בלייבן, איר וועט זען.

מיסעס עווענס:

איך האָב אַ הויז, שטייט עס אינגאַנצן פאַרלאָזן, קיינער וווינט דאָרט נישט. זאָל זיך דער ייד דאָרט אַריינקלייבן.

מיסעס פאסטער:

אַ האַרציקן דאַנק דיר, גוטע עווענס. דער פּלאַץ איז אָבער אַלט און שטייט אין סכנה איינצופאַלן, דער ערשער האַרבסט־ווינט קאָן דאָס הייזל אַוועקטראָגן.

מיסטער פאסטער:

צו אריהן. ווער איז אָט אָ דאָס ייִנגל?

אריה:

ווי מען וואָלט אים אויפגעוועקט. דאָס איז מיין אייניקל.

מיסעס עווענס:

מען קאָן דאָס הויז פאַרריכטן. האָלץ איז פאַראַן גענוג, ציגל קאָן מען אויך אויסקנעטן. איך וועל דעם יידן פאַר דעם הויז נישט רעכענען. ער וועט זיך קאָנען רויק פירן זיין האַנדל צווישן אונדז.

צו אריהן. אייך וועט זיך גוט לעבן צווישן אונדז.

מיסעס פאסטער:

צו אריהן. אפשר האָסטו דאָרט ערגעץ מיין זון באַגעגנט? ער איז דאָך אין מאַיאָר נאָרעסעס בריגאַדע. צו די פרויען. מיין זון האָט אַ יידישן בריגאַדיר.

מיסטער פאסטער:

צו אריהן. וואָס זאָגסטו אויף דעם: גענעראַל גייטס האָט מיך נישט געוואָלט אַריינגעמען אין זיין אַרמיי. צו אַלט, האָט ער געזאָגט, בין איך. גיט זיך אַ ציִ אויס ווי אַ סאָלדאַט. איי, ווען מען לאָזט מיך, וואָלט איך געלערנט בלק מיט די רויטע מונדירן... איר הערט, ווען איך בין געווען אויפן פראָנט לויף איך נאָך אַ טאָרי. איך זע, ווי זיין פּיסטאָלעט איז אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט, ער בייגט זיך איין אויפ־צוהייבן, שוין צו שפּעט. דער פּיסטאָלעט איז שוין ביי מיר אין די הענט. האָסט זיך צעקלאַפּט, פרעג איך אים?... לאַכט מיט אַ באַסאָ־ווער שטים.

אייבראהאם:

קוקט פאַסטערן גלייך אין פּנים אַריין. און יענער?...

מיסטער פאסטער:

לאַכט אין די וואָנסן אַריין. יענער? יענער מאַכט זיך האַרץ און זאָגט: לאַכן ווילט זיך דיר, אַז מיר פרייט מיין האַרץ, וואָס איך בין לעבן געבליבן. די קינדער לאַכן.

אריה:

זיפצט. וואָס שמועסט איר, אַ פיינע קאַרוסעל. מען דרייט זיך און מען דרייט זיך, און קיין סוף זעט מען נישט... אַך, וואָס איז צו לאַכן? אפשר האָט יענער איבערגעלאָזן אין דער היים אַ ווייב און קינדער? ס'איז נישט צו לאַכן, מיינע פריינד, נישט צו לאַכן...

מיסטער פאסטער:

הערע... אפילו אויף די שונאים האָסטו רחמנות. דו מיט דיין גוט האַרץ וואָלסט געדאַרפט זיין אַ קריסט...

אריה:

איי, דזשאַן פאַסטער: דו זאָלסט זען ווי קינדער בלאָנקען אַרום אָן טאַטע־מאַמע. פעלדער פאַרלאָזענע, דערפער צעשטערטע און מענטשן זענען געוואָרן ווי וועלף...

מיסעס עווענס:

זאָרג נישט, ייד, עס וועלן נאָך קומען די זיבן גוטע יאָר.

מיסטער פאסטער:

נאַרישע מענטשן: איר פלאַפלט ווי קאַטשקעס און יענע לאַכן אייך אין פנים אַריין מיט פולווער. טיראַנען וווייסן נישט פון קיין מענטשלעכקייט. פרייהייט, מיינע פריינד, קריגט מען נישט מיט קרעכצן ווי בעטלערס נעבן אַ קירכע, מעג דאָס אפילו זיין אין נאָמען פון קריסטוסן. פרייהייט, מיינע פריינד, קעמפט מען אויס מיט פול־ווער און בלוט. מאַכט אַ פויסט. „אַן אויג פאַר אַן אויג...״

מיסעס עווענס:

זיפצט. די מלחמה מאַכט אַלעמען פאַר אויס מענטשן. ווייזט אויף פאַסטערן. איין טאָג געווען אויפן פראָנט, און שוין רעדט ער ווי אַן אפיקורס. הייליקע מאַריאַ, וואָס אַ מלחמה מאַכט פון אַ מענטשן. עס דערהערט זיך אַ דונערן. די גויים צלמען זיך און דער ייד מאַכט אַ ברכה.

מיסטער מעקארמיק:

עס גייט באַלד רעגענען. לאָמיר פאַרבעטן דעם יידן אין דאָרף אַריין, ער האָט נאָך אוודאי היינט גאָרנישט געהאַט אין מויל.

מיסטער פאסטער:

גערעכט. צו אריהן. דו וועסט היינט פון אונדז נישט אַוועקגיין. דערווייל קום צו מיר אין הויז איבערכאַפּן דאָס האַרץ, דיין אייניקל מוז אויך זיין פאַרהונגערט...

אריה:

עס וועט גענוג זיין, גוטע מענטשן. אוודאי מיינט איר מיין טובה, איך קאָן מיר קיין בעסערס נישט ווינטשן, אויף מיינע עלטערע יאָרן... איצט אָבער מוז איך אייך פאַרלאָזן, איך מוז זיך צעוויילן, מיינע פריינד, איך האָב זיך צופיל דאָ פאַרהאַלטן.

דזשודעט:

וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען נעבן סעמיולן, ווענדט זיך צו מיסעס מעקאַרמיק. מיסעס מעקאָרמיק, בעט זיי אַז זיי זאָלן דאָ בלייבן.

סעמיול:

זיידע, גוטער זיידע, איך בין אַזוי מיד פון אַרומשלעפּן זיך...

אריה:

בסוד, בעת ער מאַכט צורעכט סעמיולן דעם פּאַק אויף די פּלייצעס.
קינד מיינס, דו ווייסט אַז היינט איז יום כיפור. צו די פריינד. היינט
איז אַ גרויסער יום טוב ביי אונדז יידן. איך מוז גיין אין טעמפּל בעטן
גאָט. מיר האָבן זיך צופיל פאַרזאַמט.

מיסעס דזשיימס:

טאָ וואָס שטייען מיר, מיסטער פּאַסטער? לאָמיר שפּאַנען פערד
און וואָגן און דעם אַלטן באַגלייטן.

מיסעס פּאַסטער:

דזשאַן, דו שפּאַן פערד און וואָגן און איך וועל צוגרייטן עפּעס
עסן. צו סעמיולן אפשר וועסטו בלייבן מיט אונדז ביז דער זיידע
וועט צוריקקומען?

מיסעס מעקארמיק:

לאָז דאָס קינד מיט אונדז, מירן גוט אַכטונג געבן אויף אים.

דזשודעט:

צו סעמיולן. בלייב דאָ מיט אונדז...

סעמיול:

איז פאַרטרויערט, קוקט אויף דזשודעט, די מענטשן און דעם זיידן.
אַ דאַנק, ליבע מענטשן. מיין מאַמע איז געשטאָרבן. מיין טאַטע איז
געטויט געוואָרן. עלנט און איינזאַם פילט זיך מיין זיידע, איך קאָן
אים נישט איבערלאָזן אַליין... אַלע שאָקלען די קעפּ מיט סימפּאַטיע.

מיסטער פּאַסטער:

גיט אַריהן די האַנט. טאָ גיי בשלום און זיי מצליח.

דזשודעט:

מיט געבעט צו סעמיולן זאָג צו, אַז דו וועסט צוריקקומען...

סעמיול:

איך וועל קומען... איך וועל קומען... גייט אַפּ מיט דעם זיידן.
איך וועל צוריקקומען...

אלע:

„פערי וועל. פערי וועל.” גיי געזונטערהייט. זיי מצליח...

מיסטער פאסטער:

גייענדיק נאָכן זיידן ביז צום עק בינע, קערט זיך אום, ווישט די וואָנסן. פיינע מענטשן די יידן, העלפן יעדן איינעם און זיך אַליין קאָנען זיי נישט העלפן, פיינע מענטשן...

מיסעס פאסטער:

זיי זענען אַזעלכע גלוביקע... צלמט זיך.

מיסעס מעקארמיק:

אַ רחמנות: אַזאַ יונגער ייִנגל זאָל זיך דאַרפן אַרומשלעפן איבער דער וועלט.

מיסעס דזשיימס:

מען זאָגט, אַז די יידן גיבן אַ סך געלט צו גענעראַל דזשאָרדזש וואַשינגטאָן אין דער מלחמה.

דזשודעט:

מיסעס מעקאָרמיק, איך בעט אייך, קאָן איך מיטגיין מיט זיי? זי ווייזט ווו די וואַנדערער זענען אַוועקגעגאַנגען.

מיסעס דזשיימס:

דערשראָקן. אַ קריסטלעך קינד זאָל מיטגיין מיט די יידן? יעזוס מאַריאַ...

מיסטער פאסטער:

וואָס טויג אייער פלאַפלען: איך זאָג, ווען מען זאָל היינט קאָנען מאַכן, אַז די זון זאָל בלייבן שטיין ווי יהושע האָט דאָס געטאָן... עס הייבט אָן דונערן און בליצן. נישטאָ וואָס צו שטיין. עס וועט באַלד גיין אַ רעגן...

דזשודעט:

מיסעס מעקאָרמיק, קאָן איך גיין?...

מיסעס מעקארמיק:

מיטגיין מיט די יידן?.... גלעט איר קאָפּ וועור ווייסט ווו זיי זענען אַוועק? יידן זענען וואַנדערער... זאָרג נישט, מיין קינד, די יידן וועלן

**נאָך צוריקקומען, זיי האָבן נישט ווו צו גיין... זיי וועלן צוריקקומען. האָסט דאָך געהערט וואָס דאָס יינגל האָט געזאָגט.** זי נעמט איר אונטערן אָרעם און הייבט אָן פּאַרלאָזן די בינע. **זיי האָבן נישט ווו צו גיין... זיי וועלן צוריקקומען...**

עס דונערט און עס בליצט, אַלע פּאַרלאָזן די בינע אין גרויס געאייל, די קינדער טומלען, די פאָרהאַנג לאָזט זיך אַרונטער פּאַמעלעך.

**1938, ניו־יאָרק.**

פערזאָנען:

דר. בערנארד לעווינסאָן, אַ מאַן פון אַ יאָר 8—47

מילער זיין ווייב, אַ פרוי פון אַ יאָר 9—28.

קעננעט, זייער איינציקער זון פון אַ יאָר 8—7.

מיסטער שניצלער, אַ ייד אין די 70־קער.

די האַנדלונג קומט פאָר אין אַ מאָדערן־אויסמעבלירטן גאַסטזאַל:
טייערע מעבל, בילדער אויף די ווענט, לאָמפּן אויפן דיל און אויף טישלעך. אַ שיינער טעפּיך און פאָרטיערן ביי די פענצטער. אין צענטער וואַנט אַ קליינער קאָרידאָר וווּ עס געפינט זיך די הויפּט־אַריינגאַנג טיר. אין זעלבן קאָרידאָר איז ביי דער זייט פאַראַן אַ קלענערע טיר פון אַ קאַמער אויף אויפצוהענגען די קליידער. פון דער לינקער זייט פירן טרעפּ אַרויף — צו די שלאָפצימערן. אונטן, נעבן די טרעפּ איז פאַראַן אַ טיפּעניש, וואָס פירט אין דעם עסצימער און אין קיך. דער זאַל איז אָפּגעטיילט פון דעם קליינעם קאָרידאָר מיט אַ טויער.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף איז דער זאַל ליידיק. עטלעכע רגעס. באַלד קומט דאָקטער לעווינסאָן אַריין דורך דער פאַראַדנער־טיר. ער איז אַ שיינער מאַן מיט אַ גרויליכן קאָפּ. ער טוט אויס זיין מאַנטל, רעקל און הוט און עפנט פאַמעלעך אויף די אַלמער־טיר. ער הענגט דאָרט אויף די קליידער, טוט אָן אַ קורץ, סאַמעטן־רויט, שלאָפּ־רעקל, און גייט פאַמעלעך אַריין אין סאַלאָן. ער גייט הין און צוריק, הוסט אַ ביסעלע. מאַכט גלייך עטלעכע בילדלעך, וואָס הענגען אַ ביסעלע קרום אויף די ווענט. שטעלט גלייך צוויי שטולן וואָס שטייען לויט זיין מיינונג, נישט אויפן ריכטיקן פּלאַץ. ער נעמט זיך אָן מיט מוט און שרייט אַריין, הינטער די טרעפּ.

## דאָקטער:

**מילי, מילי, ביסט אין דער היים?**

בעת מילי קומט אַריין קוקט זי אויף איר האַנט־זייגערל. זי האָט אַ ליכטיק און צאַרט פּנים, די בלאָנדע האָר — פאַרקעמט אויף אַרויף. זי גייט פּשוט, אָבער ציכטיק אָנגעטאָן.

## מילי:

**וואָס עפּעס אַזוי פרי היינט?**

דאקטער:

דערנענטערט זיך צו איר מיט אַ שמייכל. ס׳איז נישט געווען וואָס צו טאָן אין אָפיס, בין איך אַהיימגעקומען אַ ביסעלע פריער. וואָס איז, איך האָב דיך איבערגעשראָקן?

מילי:

ניין. אדרבה. איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז ווידער דער אַלטער ייד.

דאקטער:

אַ ביסעלע פאַרוווּנדערט. וואָס פאַר אַ ייד?

מילי:

ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אונדזערער אַ שכן.

דאקטער:

וואָס האָט ער געוואָלט?

מילי:

ער האָט געוואָלט, אַז דו זאָלסט אים אַרויסשלעפּן אַ צאָן.

דאקטער:

האָסט דאָך אים געקאָנט זאָגן, אַז איך נעם נישט אָן קיין וויזיטן אין דער היים?

מילי:

איך האָב אים געזאָגט. וואָס דען, נישט געזאָגט? ער האָט אָבער זיך באַקלאָגט, אַז עס מישט אים אין קאָפּ בעת ער פאָרט אויפן אויטאָ־בוס. זיין זון האָט אים אַריבערגעשיקט צו דיר.

דאקטער:

זיין זון? ווער איז זיין זון?

מילי:

זיין זון איז דער אַרכיטעקט וואָס וווינט אין דעם גרויסן הויז, מיט דער ציגלנער מויער.

דאקטער:

איבערראַשט. אָט דער מיסטער שניצלער, דער אַרכיטעקט איז אַ ייד? הממם... איך האָב נישט געוווּסט, אַז עס וווינען יידן אין דעם טייל שטאָט... גייט איבערן צימער אומרויִק און רעדט צו זיך אַליין.

איך האָב מיט אַ כיוון געקויפט אַ הויז אין דער געגנט, דירעקט צו דער פרוי, כדי אונדזער קענעט זאָל קאָנען פריי זיך אַנטוויקלען, אַן אַ דרויסנדיקן איינפלוס און שום פאָראורטיילן, און דאָ — ווידער יידן. פאַרטראַכט. מיטאַמאָל. זאָג מיר, דער אַרכיטעקט, דער מיסטער שניצלער האָט קינדער?

מילי:

דאַכט זיך, אַז זיין ווייב איז אין אייראָפּע אויף אַ קאָנצערט־טור...

דאקטער:

אָטעמט אָפּ פרייער. נאָך אַ שטיקל גליק. און ווער וווינט דאָס אין אַזאַ גרויס הויז?

מילי:

ועצט זיך אויף אַ שטול. מיסטער שניצלער, מיסעס שניצלער — ווען זי איז אין שטאָט, זייער פאָטער, די דינסט, דער גערטנער....

דאקטער:

שטעלט זיך אַנטקעגן מילין. אַז מיין גאַנצע קליענטעלע איז נישט קיין יידישע...

מילי:

אָ, דו מאַכסט פון אַ פליג אַ העלפאַנט. דו ביסט דאָך אַ דענטיסט. דער מאַן וועט קומען וועסטו אים אַרויסרייסן דעם צאָן און פאַרטיק.

דאקטער:

דו פאַרשטייסט מיך נישט. איך האָב נישט קיין פאָראורטייל קעגן יידן. איך לייקן אויך נישט, אַז איך בין אַ ייד. פרויד איז אויך געווען אַ ייד. איינשטיין איז אויך אַ ייד. איך טראַכט בלויז וועגן אונדזער קענעט. איך וויל, אַז מיין קינד זאָל אַליין, אָן שום דרויסנדיקן איינפלוס, באַשטימען זיין גאַנג אין לעבן. איך וויל, אַז ער זאָל אויפוואַקסן אַ פרייער אַמעריקאַנער אָן שום פאָראורטיילן. פאַרשטייסט?...

מילי:

דאַרפסט נישט מורא האָבן פאַר דעם. ווען די שניצלערס זאָלן אפילו האָבן קינדער, וואָלט זיך אונדזער קענעט מיט זיי אַלץ איינס נישט געשפּילט.

דאקטער:

פאַרוואָס?

מילי:

ווייל ער שפּילט זיך מיט קיינעם נישט. ער שפּילט זיך מיט זיך אַליין. דער דאָקטער שטייט און קוקט אויף איר. ער איז איבערראַשט, אָבער ער וואַרט אויף אַ ווייטערדיקער דערקלערונג. ווען די אַנדערע קינדער שפּילן זיך אין באַל, זיי יאָגן זיך אָדער קאַטשען זיך אויפן גראָז, זיצט קענעט איינער אַליין אין דעם קאַסטן זאַמד און צייכנט מיט אַ שטעקעלע אויפן זאַמד. אָדער, ער זיצט גאָר אויף דער באַנק און רעדט צו זיך אַליין. ווען איך זאָל אים נישט אַריינרופן עסן, וואָלט ער נישט מיד געוואָרן צו רעדן צו דעם גראָבן בוים, וואָס שטייט איבער דער באַנק.

דאקטער:

דערפרייט. דאָס געפעלט מיר גראָד. ער איז אַ דענקנדיק קינד, ער וועט האָבן זיין אייגענעם בליק אויפן לעבן. זייער גוט. גוט... זעצט זיך אַוועק נעבן זיין ווייב.

מילי:

אָבער אַ קינד זאָל אפילו נישט טראַכטן וועגן עסן...

דאקטער:

נעמט אירע הענט אין זיינע און רעדט גוטמוטיק. דו וועסט דאָך צוגעבן, מילי, אַז איך האָב אַ ביסעלע מער דערפאַרונג און מער בילדונג פון דיר. אמת, איך בין טאַקע נישט געווען פון די בעסטע שילער אין אוניווערסיטעט. איך בין אָבער אויך נישט געווען פון די ערגסטע. מיין פּראָפעסאָר פון פּסיכאָלאָגיע האָט צו מיר אַמאָל אַ זאָג געטאָן: „לעווינסאָן, לויט דיין קאַפּאַציטעט, האָסטו דערגרייכט זייער פיל." דאָס מיינט זייער אַ סך. אויב עס קומט פון אַזאַ געלערנטן, ווי פּראָפעסאָר...

מילי:

פּילט זיך געטראָפן, אָבער זי וויל זיך נישט קריגן מיט איר מאַן. איך שפּאַר זיך נישט מיט דיר. איך ווייס, אַז דו ביסט אַ געלערנטער.

דאקטער:

ווען איך וואָלט נישט געווען אַזוי שטאַרק פאַרטאָן אין לערנען

וואָלט איך אויך געקאָנט חתונה האָבן צו פיר און צוואַנציק און אפילו צו צוואַנציק יאָר, ווי אַ סך אַנדערע יונגעלייט האָבן געטאָן. חתונה האָבן איז נישט געווען קיין גרויסע קונסט אין יענע יאָרן. אָבער בילדונג און איינאָרדענען זיך אַן אַנשטענדיקע פּראַקטיק — דאָס זעסטו איז שוין אַן אַנדער זאַך. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס וואָס מען כאַפּט נישט אָוועק אין די יינגערע יאָרן, קען מען קיינמאָל נישט אַניאָגן. דאָס ווייס איך פון אייגענער דערפאַרונג. און איך וויל, אַז מיין זון זאָל אויך אַלץ לערנען פון אייגענער דערפאַרונג.

מילי:

ווי אַזוי מיינסטו דאָס צו דערגרייכן ?

דאָקטער:

מיט אַ זיסן, זעלבסטצופרידענעם שמייכל. אויף דעם האָב איך דאָך געלערנט פּסיכאָלאָגיע.

מילי:

שטעלט זיך אויף און גייט אַ ביסעלע אַן אַ זייט. דער גאַנצער געדאַנק מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק, ווי זאָל איך זאָגן, אַ ביסעלע צו אויסטערליש־פּרימיטיוו. זי גיט זיך אַ דריי אויס צו אים. איך וועל נישט לייקענען, אַז דו האָסט פיל מער געלערנט פון מיר. אָבער...

דאָקטער:

שטעלט זיך אויף און דערנענטערט זיך צו איר פאַרוואָס זאָגסטו, אַז דער געדאַנק איז אויסטערליש פּרימיטיוו ?

מילי:

גיט זיך אַ דריי־אויס צו אים. ווען אַן אומוויסנדיקער מענטש זאָל אַזוי רעדן, וואָלט איך אים פאַרשטאַנען. אָבער אַ מענטש וואָס באַזיצט דריי דיפּלאָמען פון דריי באַזונדערע אוניווערסיטעטן זאָל אַזוי רעדן, קלינגט דאָס מאָדנע. איך ווייס נישט וואָס דו ווילסט מיט דעם אַלעם דערגרייכן ?

דאָקטער:

פאַרוווּנדערט וואָס זי זאָגט אַזוי אָפן איר אייגענע מיינונג. איך האָב געזען ווי די אַנדערע סטודענטן האָבן זיך אויפגעפירט. זייער לייכטזיניק. זייער באַציִונג צו פרויען איז געווען אָפּשטויסנדיק.

דערפאַר האָב איך אַ נדר געטאָן: ווען איך וועל האָבן אַ זון, וועט ער זיין אינגאַנצן אַנדערש. אינגאַנצן אַנדערש...

מילי:

אויב דו מיינסט, אַז די וועלט וועט אים באַהאַנדלען אַנדערש, מאַכסטו אַ טעות. און ער, קענעט, ווען ער וועט עלטער ווערן, וועט ער זיך נישט קענען צוזאַמענרעדן מיט זיינע מיטמענטשן. אַלע מענטשן וועלן אין זיינע אויגן אויסזען ווילד און פרעמד. מיידלעך וועלן לאַכן פון אים. מיט געבעט. זעסט דען נישט, אַז דער גאַנצער געדאַנק איז אַ... ווי זאָל איך זאָגן, אַ פּרווו פון איינעם מיט אַ שיפלות־קאָמפּלעקס. אַריבערצוטראָגן עס אויף זיין אייגענעם זון.

דאקטער:

אַ ביסל באַליידיקט פון איר שאַרפער באַמערקונג, אָבער ער האַלט זיך איין. נו, גוט. איך האָב אַן אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס. מיינע דיפּלאָמען באַדייטן גאָרנישט. דאָס, וואָס אַלע מיינע פּאַציענטן האַלטן פון מיר, דאָס איז אויך גאָרנישט. זאָג זשע מיר, אויב אַזוי, ווי אַזוי שטעלסט די זיך פאָר מיין זון זאָל ווערן דערצויגן?

מילי:

איך וואָלט געוואָלט, אַז ער זאָל שטיפן און לאַכן, ער זאָל זיין געלערנט, ער זאָל זיך איינלעבן מיט מענטשן. ער זאָל ליב האָבן מענטשן, ער זאָל זיך זאָרגן פאַר מענטשן, ער זאָל זיין אַ גוטער חבר. איך וויל, אַז ער זאָל זיין אַ מענטש. דאָס אַלץ.

דאקטער:

פאַרטראַכט. ווי איך זע, וועט מיין אַרבעט זיין פיל שווערער, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. צו מילי. דו ביסט נאָך יונג. וועסט עלטער ווערן, וועסטו זיך איבערצייגן, אַז דיין מאַן, דאָקטער לעווינסאָן, איז געווען גערעכט. וועסט זען, אַז איך בין גאָרנישט אַזאַ נאַר.

מילי:

איך האָב דאָס נישט געמיינט. איך ווייס, אַז דו ביסט מער געלערנט פון מיר, איך זאָג נאָר...

דאקטער:

דערנענטערט זיך צו איר מיט אַ ליבן שמייכל. פאַלט אַריין אין

די רייד. איצט פאַרשטיי איך דיך. דאַרפסט איצט גאָרנישט זאָגן מער. לאָז עס איבער צו מיר. דו וועסט זען, אַז מיין קענעט וועט אויסוואַקסן אַ פרייער מענטש מיט אַן אייגענעם, פרייען ווילן. ער נעמט איר אַרום.

מילי:

מיט אַ שמייכל. איך שטער דיר נישט.

דאקטער:

שמייכלענדיק. שטעל זיך פאָר, ווען איך וואָלט מיך אַזוי שטאַרק נישט געווען אָפּגעגעבן מיט מיין שטודיום, וואָלט איך שוין לאַנג געהאַט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערע... ווייזט אויס, אַז דער גורל האָט געוואָלט, אַז דו און איך...

מילי:

פאַלט אַריין אין די רייד. מאַכט אים אין דער זעלבער צייט גלייך זיין קראַוואַט. איך האָב געמיינט, אַז דו גלייבסט נישט אין קיין מזל.

דאקטער:

נו, דאָס רעדט זיך אַזוי. עס איז שוין צייט דו זאָלסט וויסן, אַז איך בין אַ ראַציאָנעלער, שכלדדיקער און פּראַקטישער מענטש. אוודאי גלייב איך נישט אין די נאַרישקייטן. אַזוי וועט אויך זיין מיין זון.

אין דער רגע קומט אַריין קענעט. מאַן און ווייב דעווייטערן זיך איינער פון דעם צווייטן. קענעט איז זייער ערשטער און איינציקער זון. אַריינקומענדיק, האַלט קענעט אַ קליין שטעקעלע אין האַנט. ער קוקט זיך נישט אום אויף טאַטע־מאַמע, נאָר גייט גלייך אונטער די טרעפּ, אין צווייטן צימער אַריין. דער דאָקטער דערנענטערט זיך צו אים אין קאָרידאָר און פאַרהאַלט אים מיט אַ זיסן שמייכל.

דאקטער:

דו זעסט גאָרנישט ווער עס איז דאָ אין דער היים?

קענעט:

האַלאָ פּאַ.

דאקטער:

נעמט אים אַן פאַרן הענטל. קום אַריין, וועלן מיר זיך ביידע

אַוועקזעצן ווי צוויי גוטע פריינד. זעצט זיך. דאַכט זיך, אַז מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז דו זאָלסט מיך נישט רופן פאַ.

מילי:

ווישט איִם אָרום מיט אַ טיכל און זעצט איִם אַוועק נעבן דעם פּאַטער. קענעט, דו ווייסט, אַז דיין פּאַטער וויל נישט, אַז דו זאָלסט איִם רופן פאַ. ער וויל, אַז איר זאָלט זיין צוויי פריינד. זי זעצט זיך אַוועק אויף אַ שטול, וווּ עס ליגט איר שטריקעכץ און נעמט זיך אַרבעטן.

קענעט:

יעס, מאַ.

דאָקטער:

רוקט זיך צו נענטער צו קענעטן מיט אַ שמייכל. און וואָס האָט מיין קליינער פריינד געטאָן אַ גאַנצן טאָג, ווען דער גרויסער פריינד איז געווען אין אָפיס?

קענעט:

קוקט אויפן שטעקעלע וואָס ער האַלט אין דער האַנט. גאָרנישט.

דאָקטער:

גאָרנישט?... פון גאָרנישט ווערט לאַנגווייליק. פון גאָרנישט ווערט מען פויל. ווען איך בין געווען אין דיינע יאָרן, האָב איך שוין פאַרקויפט צייטונגען. מאָרגן, וועט מיין קליינער פריינד צוטראַכטן צו טאָן אַזאַ זאַך, וואָס זאָל נישט לאַנגווייליקן. צו מילין. דו פאַרשטייסט מוטער, איך וויל, אַז מיין קליינער פריינד זאָל לערנען פון זיין אייגענער דערפאַרונג.

קענעט:

איך האָב געלערנט.

דאָקטער:

זעסטו, מוטער, איך האָב דיר געזאָגט, אַז מיין זון, אידמיין — מיין קליינער פריינד, איז אַ לאָגישער מענטש. צו קענעטן. מעג דער גרויסער פריינד וויסן, וואָס זיין קליינער פריינד האָט געלערנט?

קענעט:

קוקט נאָך אַלץ אויף דעם שטעקעלע. אָ, גאָרנישט...

דאָקטער:

דאַכט זיך, אַז מיר זענען פריינד. זענען מיר נישט קיין פריינד?

קענעט ענטפערט נישט. דו קאָנסט מיר זאָגן. דו ווייסט, איך בין אויך אַמאָל געווען אַזוי קליין ווי דו ביסט. איך האָב זיך אויך אַמאָל געשפּילט ווי דו. זאָג מיר, מיין קליינער פריינד, מיט וועמען שפּילט מען זיך דאָס אַ גאַנצן טאָג אין אַזעלכע פיינע שפּילן? קענעט ענטפערט נישט. עס איז נישט שיין, אַז אַ יינגעלע ענטפערט נישט, ווען מען רעדט צו אים. שעם זיך נישט, מיר קאָנסטו דערציילן. איך בין דאָך דיין פריינד.

קענעט:

מיט קיינעם נישט.

דאקטער:

מיט קיינעם נישט. און צו וועמען רעדט דאָס מיין קליינער פריינד אין גאָרטן, צו אַ בוים, צי...

קענעט:

יאָ.

דאקטער:

אַזוי, צום בוים. און וואָס זאָגט דער בוים צו מיין קליינעם פריינד?

קענעט:

גאָרנישט.

דאקטער:

אַהאַ, גאָרנישט. און דאָס שטעקעלע, וואָס פאַר אַ שטעקעלע איז דאָס?

מילי:

דאָס שטעקעלע לאָזט ער נישט אַרויס פון האַנט. אפילו ווען ער באָדט זיך אָדער גייט שלאָפן, האַלט ער דאָס שטעקעלע מיט זיך.

קענעט:

דאָס איז נישט קיין שטעקעלע, דאָס איז אַ גרויסער שטעקן, אַ כישוף־שטעקן.

מילי:

ווען ער זיצט אין קאָסטן זאַמד, צי אויף דער ערד, האַלט ער אין איין צייכענען מיט דעם שטעקעלע.

דאקטער:

וואָס צייכנט דאָס מיין קליינער פריינד מיט דעם שטעקעלע אויפן זאַמד? קענעט ענטפערט נישט. נו, נו, דו ווייסט, אַז פריינד האָבן נישט קיין סודות איינער פאַרן צווייטן... מיר זענען דאָך אמתע פריינד.

קענעט:

קוקט אויפן פאָטער, פאַרשנדיק אליהו הנביא. דאָס איז אליהו הנביאס שטעקן.

דאקטער:

דערשראָקן. וואָס!!!?

מילי:

וויל צונישט מאַכן דעם גאַנצן ענין. דאָס איז אַ שפּיל אַזאַ, וואָס ער אַליין האָט אויסגעטראַכט.

קענעט:

איך האָב דאָס נישט אויסגעטראַכט, מאַ.

מילי:

קענעט, דאָס איז נישט שיין. ליגן זאָגן איז ערגער, ווי אויס־טראַכטן אַ מעשה. צום מאַן. לאָמיר בעסער רעדן וועגן עפּעס אַנדערש.

דאקטער:

צום ווייב. דו זאָגסט, אַז ער זאָגט ליגן און באַלד זאָגסטו, אַז מיר זאָלן רעדן וועגן עפּעס אַנדערש. וואָס פאַר אַ פרייע דערציִונג קאָן שוין פון דעם אַרויסקומען? ער קאָן נאָך, חלילה, אויסוואַקסן ווי... ער פאַרהאַקט זיך.

מילי:

נו, זאָג שוין וואָס דו האָסט געוואָלט זאָגן: דו מיינסט צו זאָגן, אַז מיין קענעט וועט ווערן אַזאַ ליגנער, ווי מיין שוועסטערס...

דאקטער:

פאַלט אַריין אין די רייד. פון וואַנען ווייסטו וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן?

מילי:

ווייל אַלעמאָל וואַרפסטו מיר דאָס פאָר.

דאקטער:

אַז דו האָסט שוין יאָ דערמאָנט, וועל איך דיר טאַקע זאָגן: ווען איך וואָלט געווען סילוויאס פאָטער, וואָלט איך איר אַריבערגעלייגט אויף די קני און איר גוט אַריינגעצימבלט, אַז זי וואָלט פאַרזאָגט אַ צענטן נישט צו זאָגן קיין ליגן. מאַכט זיך, ווי ער וואָלט געווען רויק. צו קענעטן. אָבער מיין קענעט, איך מיין צו זאָגן — מיין קליינער פריינד האָט פאַנטאַזיע. ער האָט וויזיע. אמת דו האָסט דאָס אויסגעטראַכט?

קענעט:

וואָס?

דאקטער:

דאָס וואָס דו האָסט נאָרוואָס אַרויסגעזאָגט.

קענעט:

איך האָב נישט אויסגעטראַכט.

דאקטער:

הייבט אָן ווערן אין כעס. איך זאָג, אַז האָסט דאָס אַלץ אויס־געטראַכט! האָבן פאַנטאַזיע, האָבן וויזיע, פאָרשטעלן זיך — דאָס זענען אַלץ גוטע זאַכן. אַלע גרויסע מענטשן האָבן אילוזיעס און פאַנטאַזיעס.

קענעט:

מיט פרייד, צום פאָטער. דו האָסט אויך פאַנטאַזיע?

דאקטער:

יאָ, אָבער גרויסע, קלוגע מענטשן ווייסן אונטערצושיידן צווישן פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט. דו ווילסט דאָך זיין אַ גרויסער מענטש, טאָ זאָג מיר טאַקע, ווי זעט אויס דער, דער...

קענעט:

ער זעט נישט אויס. ער איז נישט ווי אַלע.

דאקטער:

אַזוי, ער איז נישט ווי אַלע מענטשן. דאָס הייסט, ער איז אַ גאָר־נישט. אויב אַזוי, מוז ער זיין אַ געפערלעכער חברה־מאַן, אָט אַ דער...

קענעט:

ער שרעקט מיך נישט. איך האָב נישט קיין מורא פאַר אים.

דאָקטער:

דאָס איז זייער גוט. זעסט מוטער, אַז איך בין געֶרעכט. אויך מיין מיינונג איז, אַז מורא, שרעק, דאָס זענען אַלץ איינגערעדטע זאַכן. זאָג מיר, מיין קליינער פריינד, זעט ער אויס קאָמיש, אַלט אָדער יונג? איך וואָלט אויך געוואָלט וויסן ווי ער זעט אויס.

קענעט:

אַמאָל זעט ער אויס גרויס און אַמאָל נישט. ווען ער וואָלט געווען ראַזירט, וואָלט ער אפשר אויסגעזען ווי דו.

דאָקטער:

האַלט איין זיין כעס. ווי קאָן ער אויסזען ווי איך, אַז אַמאָל זעט ער אויס אַזוי און אַמאָל אַנדערש. לאַכט סאַרקאַסטיש. ווענדט זיך צו מילין. דו הערסט, ווען ער וואָלט געווען געגאָלט, וואָלט ער אויסגעזען ווי איך...

מילי:

וואָס מאַטערסטו דאָס קינד? לאָז איבער אַ ביסל אויף אַ צווייט מאָל.

דאָקטער:

בייזערט זיך אויף דער פרוי. מען דאַרף דאָך אַמאָל דערגיין ווי אַזוי ער זעט אויס?! צו קענעטן. ווו האַלטן מיר?

קענעט:

איך האָב אים ליב. ער האָט מיך אויך ליב.

דאָקטער:

דאָס איז זייער אַ גרויס וואָרט. ליבע איז אַ גרויסע זאַך. אַזאַ זאַך האַלט מען פאַר אַ פאָטער, פאַר אַ גרויסן פריינד — פאַר אמתע מענטשן.

קענעט:

ער איז אמתדיק. דערצו איז ער אַ גוטער. ער בייזערט זיך נישט...

מילי:

מיט אַ שמייכל. דו האָסט דאָך שטודירט פסיכאָלאָגיע. וואָס זאָגסטו צו דעם?

דאקטער:

אַלרייט, מיר וועלן באַלד זען וועמענס מעטאָד איז אַ בעסערער. צו קענעטן. ווען דו קומסט אַריין אין גאָרטן, איז דאָרט קיינער נישטאָ, אמת?

קענעט:

ניין.

דאקטער:

דו הייבסט אָן טראַכטן אין דיין קליין קעפּעלע וועגן אים, דעמאָלט קומט ער צו גיין?

קענעט:

ניין. איך גיב אים אַ צייכן מיט דעם שטעקעלע אויפן זאַמד, צי אויפן בוים — דעמאָלט קומט ער צו גיין.

דאקטער:

עס איז נישט וויכטיק וואָס דו גיסט דעם צייכן.

קענעט:

עס איז יאָ וויכטיק.

דאקטער:

ווערט אויפגערעגט. איך בין עלטער פון דיר. איך האָב מער געלערנט פון דיר! איך האָב מער דערפאַרונג פון דיר! איך וויל דיר דערקלערן אַז דער... דער מאַן וועמען דו זעסט אין דיין קליין קעפּעלע איז אויסגע־טראַכטע פאַנטאַזיע! פאַרשטייסט?...

קענעט:

יעס, פּאַפּאַ.

דאקטער:

אויף אַן אמת איז ער נישטאָ. דאָס איז אַן איינבילדונג, אַ מיראַזש, אַן אילוזיע, אַ האַלוצינאַציע. ער ווערט אין כעס. קוקט בייז אויף קענעטן דו הערסט וואָס מען רעדט צו דיר?

קענעט:

פּאַפּאַ, דו מאַכסט אַ טעות. ער איז נישט קיין מיאוסער און ער

**שפילט זיך קיינמאָל נישט מיט מיר. ער איז גוט און איך זאָג נישט קיין ליגן.**

דאקטער:

**דו קאָנסט אים אָבער נישט זען, ווי דו זעסט מיך? אים קאָנסטו נישט אָנטאָפּן ווי דו קאָנסט מיך פילן אין דיין האַנט.** ער נעמט מיט כעס דעם יינגלס אַקסל און דריקט אים. דאָס קינד פּרוביר'ט זיך באַפרייען. ער דרייט זיך פון אַלע זייטן. דער פאָטער האַלט אים שטייף און נעמט אים אַדורך מיט זיין בייזן בליק. **זאָג, וועלכעס איז אַ נאַרישע איינרעדעניש און וועלכעס איז אמתדיק, זאָג!...**

קענעט:

גיט זיך אַ רייס אַרויס פון דעם פאָטערס האַנט און אַנטלויפט אין דער צווייטער זייט פון צימער. **דער גרויסער פריינד און דער קליינער פריינד.**

דאקטער:

קוקט אויף אים מיט אָנגעצונדענע אויגן. **וואָס גרויסער פריינד און קליינער פריינד?**

קענעט:

לויפט צו דער מוטער. **גרויסער פריינד און קליינער פריינד איז אַ שפּיל, נאַרעריי...**

דאקטער:

שטעלט זיך אויף. **איך האָב מיר געשטעלט פאַר מיין ציל, אַז איך וועל געבן מיין קינד אַלע פרייהייטן, אַז ער זאָל נישט אַרונ־טערפאַלן אונטער קיינעמס איינפלוס, נאָר לערנען פון זיין אייגענער דערפאַרונג. ווי איך זע, האַנדלט ער ווי אַ ווילדער עקשן. ער לאָזט זיך נישט אויפקלערן. ער לאָזט זיך נישט לערנען. אַז לאָגיק העלפט נישט, וועלן מיר נוצן אַן אַנדערן, אַ שטאַרקערן מעטאָד...**

מילי:

דערשראָקן. **גייסט שלאָגן דאָס קינד דערפאַר?**

דאקטער:

**דו ביסט שולדיק אין אַלעמען.**

מילי:

**שוין, אין אַלץ בין איך שולדיק.**

דאקטער:

ווער דען איז שולדיק? דו ביסט מיט אים אַ גאנצן טאָג אין הויז. עס איז אַ מוטערס פליכט אויצופּאַסן אויף איר קינד.

מילי:

דו ביסט דאָך זיין דערציער.

דאקטער:

האָב איך אים אויסגעלערנט צו זיין אַ ליגנער?!

מילי:

דו מיינסט דאָך נישט צו זאָגן, אַז איך האָב אים דאָס אַלץ אויסגעלערנט?!

דאקטער:

לייג מיר נישט אַריין קיין ווערטער אין מויל אַריין. איך האָב דאָס נישט געזאָגט!

מילי:

עס קומט דאָך אויס אַזוי. עס איז שטיל אַ ווייל. פריער רעדסטו איין דעם קינד, אַז ער זאָל האָבן אַן אייגענע מיינונג, אַז ער זאָל לערנען פון זיין אייגענער דערפאַרונג, און טאָמער זאָגט דאָס קינד עפּעס וואָס עס שטימט נישט מיט דיין פאַרלאַנג, כאַפּסטו זיך שלאָגן.

קענעט:

האָב נישט קיין מורא, מאַ. דער פּאַ וועט מיך נישט שלאָגן.

דאקטער:

שטאַרק אויפגערייצט. מיט וואָס ביסטו דאָס אַזוי זיכער? אַז איך וועל דיך נישט שלאָגן?

קענעט:

אליהו הנביא וועט נישט דערלאָזן.

דאקטער:

ווער האט דאָס דיר געזאָגט?

קענעט:

ער אַליין האָט דאָס מיר געזאָגט.

דאקטער:

ער אַליין? מיט זיין אייגן מויל?

קענעט:

יאָ. און דער זיידע האָט דאָס מיר אויך געזאָגט.

דאקטער:

דער זיידע?... ווען האָט דער זיידע דאָס דיר געזאָגט?

קענעט:

פסח. ווען איר האָט מיך איבערגעלאָזן מיט דעם זיידן און מיט דער באָבען און איר זייט אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז. אליהו הנביא איז אַ גוטער. ער היט אָפּ אַלע גוטע קינדער, אַז קיינער זאָל זיי קיין שלעכטס נישט טאָן.

דאקטער:

אין כעס אויף זיין ווייב. איצט זעסטו שוין ווער עס איז שולדיק?

מילי:

אוודאי! דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן אונדז געטאָן אַ טובה, זיי האָבן געהאַלטן מיט זיך דאָס קינד, אַז מיר זאָלן קאָנען פאָרן קיין אייראָפּע. האָבן זיי דיר גאָר שלעכטס געטאָן.

דאקטער:

אָבער זע וואָס זיי האָבן געמאַכט פון מיין קינד!

מילי:

זיי האָבן אים נעבעך אומגליקלעך געמאַכט. אין די דריי חדשים וואָס מיר זענען געווען אַוועק, האָט ער צוגענומען אַכט פונט, איז טאַקע שלעכט.

דער דאָקטער איז זייער בייז. ער דערנענטערט זיך צו קענעטן. ער וויל מער נישט הערן וואָס זיין ווייב זאָגט. זי ווערט דערשראָקן און גיט זיך אַ שטעל אויף.

מילי:

דו וועסט נישט שלאָגן דאָס קינד. איך וועל נישט לאָזן.

דאקטער:

איינמאָל פאַר אַלע מאָל: איך מוז אַרויסשלאָגן די נאַרישקייט פון

**זיין קליינעם קעפל! איך וועל מאַכן אַ סוף צו די נאַרישע אַבער־גלויבנס.** ער גיט אַ כאַפּ אַרויס דאָס שטעקעלע פון דעם קינדס האַנט. שמייכלט בייז. **איך וועל אים געבן אַ לעקציע אין דערפאַרונג. איך איין וועגס וועלן מיר טאַקע זען, צי זיין נאַרישע פאַנטאַזיע וועט אים קאָנען באַשיצן.**

ער גיט אַ כאַפּ קענעטן פאַרן הענטל און שלעפּט אים צו אַ שטול. אין דער זעלבער רגע קלינגט דאָס גלעקל פון דער טיר. מילי איז צעטומלט. זי לויפט גיך עפענען די טיר. עס גיט אַ קום אַריין דער אַלטער מיסטער שניצלער. ער לויפט אַריין אין צימער האַלטנדיק די האַנט ביי דער באַק. דערזעענדיק ווי דער דאָקטער האַלט קענעטן מיט איין האַנט און דאָס שטעקעלע אין דער לופטן אין דער צווייטער האַנט, בלייבט ער שטיין פאַרוווּנדערט.

שניצלער:

**דאָקטער לעווינסאָן! דאָס האָב איך נישט דערוואַרט צו זען. איך בין געקומען, אַז איר זאָלט מיר אַרויסרייסן אַ צאָן — און וואָס זע איך?... שעמען מעגט איר זיך... שלאָגן אַ קינד? אַן אייגן קינד שלאָגן? איך האָב דאָס קיינמאָל נישט געטאָן.**

בעת שניצלער האָט גערעדט איז מילי געשטאַנען אין אַ ווינקל צווישן צימער און קאָרידאָר. דער דאָקטער ווערט פאַרשעמט און לאָזט אָפּ דאָס קינד. ער וואַרפט אַוועק דאָס שטעקעלע, קענעט הייבט עס גלייך אויף און לויפט צו דער מוטער. זי גלעט אים דעם קאָפּ. שניצלער שטייט אינמיטן צימער און האַלט זיך ביי דער באַק.

דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַרונטער פּאַמעלעך.

**מאַי, 1952, לאָס אַנזשעלעס, קאַליפאָרניע.**

פערזאנען:

סעם וועקסלער, דער עלטסטער ברודער — 45 יאָר אַלט.

איזי וועקסלער, דער יינגערער ברודער — 38 יאָר אַלט.

עלקע וועקסלער, די יינגסטע שוועסטער — 32 יאָר אַלט.

דאָרא איזן, אַ פאַרהייראַטע שוועסטער — 41 יאָר אַלט.

אנקל בען וועקסלער, — 65 יאָר אַלט.

די האַנדלונג קומט פאָר ביי אָנקל בענס ברודער, דעם פאַרשטאָר־בענעם הערי וועקסלער אין אויפּנאַם־זאַל. דער צימער איז אָנגעפילט מיט אַ סך אַלטע און נייערע שטיק מעבל וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן דורך פיל יאָרן. אויך אַן אַלטער פּאָרטעפּיאַן. אויף די ווענט זענען פאַראַן פאַרשידענע בילדער. פון דער לינקער זייט — אַ טיר וואָס פירט אין אַ וועסטיביול, דורך וועלכער מען גייט אַרויס אין גאַס. אויף דער לינקער וואַנט אין צענטער — אַן אַלטער פייער־קאַמין. פון דער לינקער זייט פון קאַמין — אַ טיר וואָס פירט אין די שלאָפצימערן אַריין. פון דער רעכטער זייט פון קאַמין — אַ טיר וואָס פירט אַריין אין דער קיך. אויף דער צענטער וואַנט איז פאַראַן אַ גלעזערנע טיר, פאַרהאָנגען מיט פאָרהאַנגען און פאָרטיערן.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף איז דער צימער באַלויכטן פון די עלעקטרישע לעמפּלעך וואָס שטעקן אין די ווענט פוןביידע זייטן פון קאַמין און פון אַנדערע עלעקטרישע לאָמפּן וואָס געפינען זיך נעבן די געבעטעטע שטולן און קאַנאַפּע. סעם וועקסלער גייט הין און צוריק איבערן צימער פאַרטראַכט. איזי וועקסלער זיצט אין אַ געבעטעטער שטול און בייסט די נעגל. עס איז אין אָוונט. זיי זענען אין מיטן פון אַן ערנסטן געשפּרעך. סעם גיט זיך אַ דריי אויס צו איזין:

סעם:

**איך קאָן נישט פאַרשטיין: דיין לאָיער (אַדוואָקאַט) האָט דיר גאָר־נישט געזאָגט?... האָסט אים כאָטש דערציילט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך?... האָסט אים ריכטיק אַלץ איבערגעגעבן?...**

**איזי:**

גיט זיך אַ שטעל אויף אין כעס. **דערציילט! דערציילט! וואָס דען, איך האָב אים נישט דערציילט? ער ווייסט אַלצדינג.**

סעם:

**נו, און ער?...**

איזי:

**ער קאָן גאָרנישט טאָן, האָט ער געזאָגט.** זעצט זיך צוריק אַוועק. ביידע זענען פאַרטראַכט.

סעם:

**האָט ער דיר כאָטש געגעבן אַן עצה, וואָס צו טאָן?**

איזי:

**איך האָב דיר שוין הונדערט מאָל געזאָגט וואָס ער האָט געזאָגט: מיר וועלן גאָרנישט קאָנען טאָן. אויב די צוואה איז געמאַכט אויף איר נאָמען, וועט די גאַנצע ירושה בלייבן ביי עלקען. „נאטינג יו קען דו אייבאוט איט.״ (קאָנסט גאָרנישט טאָן צו דעם).**

סעם:

ווייזט אויף דער קיך־טיר. **רעד נישט אַזוי הויך. זי קאָן נאָך דער־הערן. און בייס נישט די נעגל!**

איזי:

**ווער בייסט די נעגל?! און זאָג מיר נישט וואָס צו טאָן!** גייט איבערן צימער פאַרזאָרגט.

סעם:

**מ׳קאָן דאָך זיין אַ ביסעלע פאָרזיכטיק. דו ווייסט זייער גוט, אַז אונדזער יינגערע שוועסטער האָט אַ גוט קעפּעלע אויף זיך. אוי, האָט זי אַ קעפּעלע, און אויגן האָט זי — פון אַלע זייטן.**

איזי:

**זאָל זי האָבן. ווער האָט מורא פאַר איר?...**

סעם:

**מ׳קאָן דאָך אָבער זיין אַ ביסעלע מער?...**

איזי:

**דו האָסט אַלעמאָל געהאַט אַ טבע מיך צו קריטיקירן. ווען איך פלעג, ווייזט אויפן דיל, אָט־אַ־דאָ־אָ צוזאַמענשטעלן מיינע „זשיגסאָ פאָזלס״, (אַזאַ קינדער שפּיל), פלעגסטו אַלעמאָל אַריינקריכן מיט דיינע שטעך־ווערטלעך. פאַר אַלעמען אין די אויגן פלעגסטו מיך מאַכן צו גאָר־נישט. דו מיינסט, אַז איך האָב פאַרגעסן? דו האָסט זיך נישט געביטן אויף קיין האָר, סעם, אויף קיין איין האָר נישט.**

סעם:

בלאָזט דעם רויך פון דעם ציגאַר און שמייכלט. אפשר בין איך געבוירן געוואָרן מיט אַ שטאַרקערן כאַראַקטער פון דיר? ווי די מאַמע פלעגט זאָגן: „געראָטן אין טאַטן."

איזי:

איך גיב דיר קרעדיט. דו האָסט אַלעמאָל געוווּסט ווי אויסצונוצן יענעמס שוואַכקייטן. אפילו ווען דו ביסט געווען אינגאַנצן שולדיק, האָסטו אַלעמאָל אַזוי מאַנעווורירט, אַז דו ביסט אַרויסגעקומען דער גערעכטער. איך קען דיך סעם. איך קען דיך... זעצט זיך און פאַררייכערט אַ ציגאַרעט. מירן זען, וואָס פאַר אַ חכם דו וועסט זיין קעגן עלקען.

סעם:

איך זע נישט וואָס דו האָסט זיך צו פאַרקלאָגן אויף מיר. פלעג איך דיר נישט אַרויסהעלפן אין דיין היים־אַרבעט? האָב איך דיך נישט באַקענט מיט דיין שותּף? דאַכט זיך, אַז איר מאַכט נישט צו פאַרזינדיקן. ווען דו האָסט חתונה געהאַט האָב איך דיר געגעבן אַ שלעכטן פרעזענט? און דיינע קינדער האָב איך מיאוס באַהאַנדלט? וואָס נאָך האָב איך געזאָלט טאָן פאַר דיר?

איזי:

ווער דען האָט מיר געזאָלט העלפן? דו ביסט דאָך אַן עלטערער ברודער. אַז דו האָסט שוין יאָ דערמאָנט מיין שותּף, וויל איך דיר זאָגן גלייך אין די אויגן אַריין, אַז ווען די מאַמע וואָלט דיך נישט געוויזן געצווונגען, וואָלסטו זיכער גאָרנישט געטאָן פאַר מיר. איך קען דיך, סעם...

סעם:

דו ביסט אַלעמאָל געווען דער מאַמעס בייבי, אַלעמאָל אַ וויינער, וועסט שוין אַזוי פאַרבלייבן דיין גאַנץ לעבן. נאָר זאָגן וועל איך דיר: אַז איך זאָל מיך וועלן אויסרעכענען מיט דיר, קאָן איך זייער גרינג באַווייזן, אַז איך האָב אַלעמאָל געטאָן מער פאַר דיר, ווי דו פאַר מיר.

איזי:

האָסט טאַקע צוגעלייגט צו מיר, אויס ריינער ליבע האָסטו דאָס אַלץ געטאָן.

סעם:

ביזנעס, איז ביזנעס. איך האָב געקאָנט נאַראַיען דאָס געשעפט עמעצן אַנדערש. יענער וואָלט מיר אייביק געווען דאַנקבאַר. האָב איך אָבער געטראַכט וועגן מיין אייגענעם ברודער, טויג אויך נישט. וואָס מען טוט נישט פאַר אַן אייגענעם, טויג נישט.

איזי:

ס'איז אָלרייט: פון אַן אַנדערן וואָלסטו נישט אַרויסגעריסן אַזוי־פיל קאָמישן.

סעם:

און דו ביסט נעבעך אָרעמער געוואָרן. גייט איבערן צימער אַן אויפגערעגטער.

איזי:

אַז עס איז שוין יאָ געקומען צו רייד, וויל איך דיך פרעגן גלייך אין די אויגן: ווער רעדט אָפּ דיין אָסקאַרן אַז ער זאָל זיך נישט חברן מיט מיין דייוון און מיין לילין, האַ??? מה שבכן, דו האָסט מער אַ פּאָר דאָלער און דו וווינסט אין דער „וועסט־סייד?״ (מערב זייט).

סעם:

גיט זיך אַ דריי אויס מיט כעס. הער אויף, איזי. נודע נישט! אלעמאָל אַזוי! קריכסט אַריין מיטביידע פיס אין די גדערעם אַריין! איצט דאַרפן מיר זיך ביידע האַלטן צוזאַמען. דו הערסט? מיר דאַרפן זיין איינס! איינס דאַרף מען זיין! ווען עלקע וועט אָנהייבן מאַכן אירע שטיק מיטן טאַטנס צוואה, זאָלן מיר זיך האַלטן צוזאַמען, אַז נישט — איז אַרויסגעוואָרפן די גאַנצע אַרבעט דערנענטערט זיך צו איזין און רעדט מיט גוטן. מיין לאָיער האָט מיר געזאָגט, אַז מיר מוזן זיך האַלטן צוזאַמען ביי איין זאַך: אַז איידער די מאַמע איז געשטאָרבן איז די צוואה געווען געשריבן אויף אַלע קינדער גלייך. נאָך דער מאַמעס טויט האָט דער טאַטע איבערגעמאַכט די צוואה אויף עלקען אַליין. דער טאַטע איז שוין דעמאָלט נישט געווען ביים פולן פאַרשטאַנד. דו ווייסט כאָטש, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ הונדערט און פופציק, און אפשר אַ הונדערט און פינף און זיבעציק טויזנט דאָלער? נוץ דעם קאָפּ דיינעם. איך מיין פאַר דיין טובה וועגן, פונקט ווי פאַר מיינער... און

**רייכער נישט אַזויפיל!** רייסט אַרויס פון איזיס האַנט דעם ציגאַרעט און צעקוועטשט אים אין אַ טעצעלע.

**איזי:**

**אָנקל בען וועט זיין אַ גוטער עדות. מירן הערן וואָס ער האָט צו זאָגן. וואָס איז אָבער וועגן דאָרען? זי האָט אויך עפּעס צו זאָגן. עס ווענדט זיך ווי זי וועט האַנדלען.**

**סעם:**

**פֿאַר דאָרען זאָרג איך זיך נישט. לעצטן זונטיק בין איך געווען ביי איר. זי איז אָלרייט. אמת, איך ווייס נישט ווי דער אָנקל וועט רעאַגירן. אָבער אַז מיר וועלן זיך האַלטן צוזאַמען, וועט דער אָנקל מוזן זיין אויף אונדזער זייט. און אפשר איז ער אינגאַנצן אויף אונדזער זייט.**

איזי זיצט און בייסט די נעגל. סעם גייט איבערן זאַל פֿאַרטראַכט. מיטאַמאָל גיט זיך אַן עפן די קיך־טיר. סעם באַגעגנט זיך מיט זיין יינגערער שוועסטער עלקע פנים אל פנים. זי איז אַ שיינע, אינטעלי־גענטע מיידל מיט אַ ליכטיק פנים. דאָס שוואַרצע קליידל מיטן ווייסן קעלנערל וואָס זי טראָגט מאַכט איר אויסזען איידעלער און יינגער. זי טראָגט אַ טאַץ, אויף וועלכן עס געפינען זיך פלעשער מיט גע־טראַנקען, גלעזער און אַ שפּעטלע אייז. ווי נאָר סעם האָט איר דער־זען, איז ער געבליבן שטיין אַנטקעגן איר מיט אַ זיסן שמייכל אויף די ליפּן.

**סעם:**

**איך זאָג דיר — דו זעסט אויס שענער פון טאָג צו טאָג.**

**עלקע:**

גייט אָפּ פון אים און רעדט. **ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז עס קומען אַזעלכע געהויבענע געסט ווי מיינע ברידער, מיין שוועסטער און מיין אָנקל, בין איך אויף גיך געלאָפן אין דעם „ביודי־סאַלאָן".** זי שטעלט אַוועק די טאַץ אויפן טישעלע וואָס שטייט פון פֿאָרנט פון דער קאַנאַפּע און גיסט אָן צוויי גלעזער. **ווען נישט די לוויה און איצט די ירושה, וואָלט איך אייך נישט געזען נאָך צוויי יאָר צייט.**

**סעם:**

**ווען דו ווייסט ווי איך בין פֿאַריאָגט, וואָלסטו אַזוי נישט גערעדט. איך האָב גענוג זאָרג און עגמת נפש. די ביזנעס, פֿאַמיליע... אָ, וואָס זאָל איך דעדן וועגן מיינע פּראָבלעמען.**

עלקע:

דערלאַנגט אים אַ גלאָז מיט געטראַנק. נאַ, טרינק. איך פאַרשטיי. ביסט אַ פאַרנומענער מענטש. זי דערלאַנגט אויך איזין אַ גלאָז מיט געטראַנק.

איזי:

דו ווייסט דאָך, אַז דער דאָקטער האָט מיר פאַרבאָטן צו טרינקען.

עלקע:

שטעלט צוריק אַוועק דאָס גלאָז. פון וואַנען זאָל איך וויסן? ביסט דען אַמאָל געקומען געוויינער ווערן וואָס דער טאַטע מאַכט, אָדער צוזאַמענרעדן זיך מיט דיין שוועסטער? פון וואַנען זאָל איך וויסן?... אַבי דו האָסט טעלעפאָנירט איין מאָל אין צוויי וואָכן צי אין דריי וואָכן, און איין מאָל אַ יאָר האָסטו צוגעשיקט אַ פאָטערס טאָג־פּרעזענט.

סעם:

וויל זיך נישט איינרייסן מיט איר. ביסט גערעכט, גערעכט. איך קאָן דיר פאַרזיכערן, אַז פון היינט אָן וועט זיין אַנדערש.

איזי:

אַז דו וועסט נישט דאַרפן זיצן נעבן טאַטנס בעט פיר און צוואַנ־ציק שעה אַ טאָג וועט זיין אינגאַנצן אַנדערש. מיין מאלי וויל, אַז דו זאָלסט קומען צו אונדז דעם זונטיק אויף מיטאָג.

סעם:

אין אַ צוויי וואָכן אַרום קומט מיין אָסקאַר אַהיים פון קאָלידזש. וויל איך טאַקע אַז דו זאָלסט קומען צו מיר אויף אַ גאַנצן זונטיק. מירן פאַרברענגען צוזאַמען ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן.

עלקע:

מען ווײנט אין איין שטאָט. אין איין און דער זעלבער שטאָט, און עס איז שוין אפשר פיר יאָר, ווי איך האָב דיין אָסקאַר נישט געזען... און דו, איזי, שוין אויך צוויי יאָר ווי איך האָב דיינע קינדער נישט געזען. דעמאָלט, ווען דו ביסט געקומען מיט די שטעקשיך אַלס פאָטערס טאָג־מתנה, ביסטו דאָ געווען אפשר צען מינוט און באַלד אַנטלאָפן... זיפצט. וואָס איז פאַראַן וואָס צו רעדן... בעסער מען שווייגט... איזי זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. זי הייבט אָן אַריינ־

גיין אין קיך. מיך ווונדערט וואָס דער אָנקל און דאָרע זענען נאָך נישטאָ...

סעם :

זיץ אַ ווײַלע. זיי וועלן דאָ אוודאי באַלד זיין. מוטיקער. מעגסט אַמאָל אויסרעדן אַ פּאָר ווערטער מיט דיין עלטערן ברודער...

עלקע :

אין מיטן וועג, צו איזין. זאָל איך דיר אַרייַנברענגען אַ גלאָז מילך?

סעם :

זעץ זיך אַוועק, ער וויל נישט קיין מילך.

עלקע :

זעצט זיך. ווענדט זיך צו איזין. דו האָסט זיך אַלץ נישט אויס־געלערנט צו רעדן פאַר זיך אַליין, סעם מוז נאָך אַלץ רעדן פאַר דיר.

סעם :

וואָס איז? איך מיין דען שלעכטס פאַר אים?

עלקע :

אדרבא, איך האָב אַלעמאָל געהאַלטן, אַז ביסט דער קליגסטער צווישן אונדז אַלעמען. דו ביסט געראָטן אין טאַטן. צו איזין. וואָס זאָגט דער דאָקטער?

איזי :

מיט אַ ביטערן שמייכל. דערווייל שלינג איך פּילן און אַלץ וואָס איך האָב ליב טאָר איך נישט עסן. אַזוי, אַז עס איז מיך נישטאָ וואָס מקנא צו זיין.

סעם :

צו איזין. אַז מען פילט נישט גוט — רייכערט מען ווייניקער. און בייס נישט די נעגל!

איזי :

שטעלט זיך אויף. רעדט טרויעריק און לאַנגזאַם. ווי לאַנג איז דאָס, אַז די מאַמע, דער טאַטע האָבן געלעבט?... שוין, נישטאָ מער... אויס... זיפצט. אָט אָ דאָ פלעג איך זיצן און מאַכן מיין היים־אַרבעט. ער פאַררייכערט אַ ציגאַרעט, בלאָזט דעם רויך און גייט איבערן

צימער מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און זיפצט. **און איצט?... עלקע, איך בין זייער קראַנק. יאָ. איך בין קראַנק.**

עס קלינגט דאָס גלעקל און עלקע לויפט עפענען די טיר.

סעם:

גיט אַ זיפּ פון גלאָז ליקער, פּאַסמאַקעוועט זיך. **איזי, פאַרליר נישט דעם קאָפּ!**

**איזי:**

**איך קאָן נישט העלפן, אַזוי בין איך. אַז איך דערמאָן זיך וועגן דעם טאַטן מיט דער מאַמען,** זיפצט און ציט מיט די אַקסלען. **איצט זענען מיר אַליין טאַטעס... ווי וועלן אונדזערע קינדער האַנדלען מיט אונדז, ווען עס זאָל חלילה פּאַסירן... איך בין אַ קראַנקער מענטש. סעם, איך פיל זייער נישט גוט..**

דאָרא:

נאָך פון יענער זייט טיר, אין דעם וועסטיביול. **עלקע, מיין טייערע, איך האָב דיך שוין אַזוי לאַנג נישט געזען, עס האָט זיך מיר שטאַרק געבענקט נאָך דיר, דו האָסט זיך נישט געביטן אויף קיין איין האָר, די זעלבע שוועסטערל מיינע...** ביידע קומען צוריק אַריין. זי לויפט גלייך צו סעמען און נאָכדעם צו איזין זיך קושן. מען דערקענט, אַז אירע האָר זענען אָנגעפאַרבט אויף רויט. איר פּנים איז אויך גאַנץ פיין אָנגעשמירט. זי טראָגט אַ מאַנטל און אַן ענג קלייד, וואָס זי פאַרגעסט נישט, אַז זי דאַרף עס יעדער ווייל אַראָפּציען. זי איז אויף זייער הויכע אָפּצאַסן. זי קאָקעטירט און דרייט מיט די באַקעס ווען זי גייט. עלקע העלפט איר אַראָפּציען דעם מאַנטל און בלייבט שטיין אין מיטן צימער מיטן מאַנטל אין דער האַנט. **און סעם, און איזי, און דאָס הויז, פּונקט ווי איך געדענק עס אין מיינע פאַנטאַזיעס.** גייט איבערן צימער און רעדט אַ סך. **איך טראַכט אַזויפיל וועגן אייך... איך האָב אַזויפיל געוויינט וואָס איך האָב נישט געקאָנט קומען צו דעם טאַטנס לויה... איך האָב דריי טעג גאָרנישט געגעסן...**

**איזי:**

**וואָס איז, דו ביסט אויך אויף אַ דיעטע?**

עלקע:

**זעץ זיך אַוועק, רו זיך אָפּ אַ ווײַלע.** זי טראָגט אַוועק דעם מאַנטל צו דעם אַלמער.

דאָרא:

מאַכט זיך גלייך די האָר פאַר דעם שפּיגל וואָס הענגט איבער דעם פייער קאַמין און גייט ווידער איבערן צימער, ווי אויף שטאָלצן. אַך, די זעלבע, אַלטע סאָפע ווו דער טאַטע האָט מיך געטראָפן זיצן מיט העראַלדן, ווען ער האָט מיך אַהיימגעבראַכט פון אַ ניי־יאָר פּאַרטי. איך בין דעמאָלט געווען אַזוי גליקלעך... זיפצט. קוקט אויף די ברי־דער און שוועסטער. און איצט זענען מיר ווידער אין דעם טאַטנס הויז, ווי יינגלעך און מיידלעך. אַך, ווי די צייטן בייטן זיך און די מענטשן ענדערן זיך. לאַכט מיט אָנשטעל. איך געדענק ווי די צוויי ברידער פלעגן זיך אַרומרייסן און איצט זע איך צוויי טייבעלעך... די מאַמע פלעגט זיך בייזערן און דער טאַטע פלעגט גאָרנישט זאָגן. ער איז געווען אַזאַ גוטער... און איצט זע איך צוויי שטילע טויבן...

איזי:

האָסט פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז מיר אַלע זענען פיל עלטער געוואָרן.

דאָרא:

לאַכט. איך זע דאָס נישט.

עלקע:

צו דאָרען. וועסט עפּעס עסן, צי דו ווילסט זיך פריער צולייגן, אָפּרוען?

דאָרא:

איגנאָרירט די פראַגע און פאַרמישט זיך אַליין אַ געטראַנק איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז עס האַלט אַזוי שמאָל מיט דעם טאַטן. קיינער האָט מיר גאָרנישט געלאָזט וויסן. טרינקט.

עלקע:

זעצט זיך. אַז דו האָסט נישט געענטפערט אויף מיינע בריוו, האָב איך מער נישט געפילט ווי צו שרייבן.

דאָרא:

מיטן גלאָז אין האַנט, גייט איבערן צימער ביז זי קומט צו צום פּאָרטעפּיאַן. זי גיט עטלעכע קלעפּ אויף די קלאַווישן. טוט אַ זיפּ פון דעם ליקער און זאָגט. איך געדענק ווי די מאַמע פלעגט זיצן נעבן מיר און בעטן זיך, אַז איך זאָל שפּילן. נאָר איך האָב נישט געוואָלט... דער טאַטע פלעגט מיך אונטערקויפן מיט מתנות, אַבי איך זאָל שפּילן. און איצט?... זי זעט ווי קיינער רעאַגירט נישט אויף

אירע רייד, ווענדעט זי זיך צו עלקען מיט איר ענטפער. מיין געמיט איז געווען באַרויקט ווען איך האָב געוווּסט, אַז דו ביסט כאָטש געווען מיטן טאַטן אין זיינע לעצטע מינוטן... זי ווענט זיך אָוועק אַז אַלע זאָלן איר גוט זען. אפשר האָב איך געדאַרפט מער שרייבן... זאָג מיר כאָטש, מיין ליבע שוועסטער, האָט דער טאַטע מיך אַמאָל דערמאָנט אויף זיין קראַנקן־בעט?

עלקע:

דער אמת איז, אַז ער האָט קיינמאָל נישט דערמאָנט דיין נאָמען, זעסטו — סעם און אַמאָל איזי...

דאַרא:

זיפצט און טרינקט. עס איז מיר אַ גרויס ווונדער. איך האָב דעם טאַטן אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. ער איז געווען אַזוי גוט צו מיר...

עלקע:

דו האָסט אים טאַקע אויף אַ פיינעם אופן אַרויסגעוויזן דיין ליבע.

דאַרא:

גיט זיך אַ שטעל אויף ווי זי וואָלט געווען באַליידיקט פון דער באַמערקונג. ווי קאָנסטו זאָגן אַזאַ זאַך צו דיין איינציקער שוועסטער? איך ווייס, דו רעדסט אַזוי ווייל דו האָסט נישט חתונה געהאַט. ווען דו וואָלסט געהאַט אַזאַ מאַן ווי איך האָב און צוויי ווילדע יינגלעך וואָס ווילן נישט פאָלגן, שוין אָפּגערעדט פון שפּילן פּיאַנע — זיי ווילן אפילו נישט גיין אין סקול — וואָלסטו אויך נישט געהאַט קיין צייט צו שרייבן... זי גייט איבערן צימער מיטן גלאָז אין האַנט. מיטאַמאָל גיט זי זיך אַ דריי אויס צו אַלעמען. און דאָס וואָס איך לייד זיך אָן פון מיין דינסט — וועגן דעם קאָן מען אָנשרייבן אַ גאַנצן בוך. ווי אַזוי האָב איך זיך געקאָנט אָוועקזעצן שרייבן בריוו?...

עלקע:

דו האָסט קיינמאָל נישט געקאָנט צוקומען מבקר חולה זיין דעם טאַטן? ווי ווייט איז דאָס? פינף און אַ האַלב שעה רייזע מיט דער באַן?

סעם:

פון איצט אָן וועט זיין אינגאַנצן אַנדערש. איך גיב צו, אַז איך בין אויך אַ ביסעלע שולדיק. געווען צופיל פאַרנומען אין שאַפּ. די אַרבעטער, די יוניע — פרעג שוין נישט. דאַרפסט נישט פאַרגעסן, אַז

איך האָב יעדע וואָך אויסצוצאָלן צוויי הונדער'ט און אַכציק מענטשן שכירות. עס מאַכן זיך צייטן, אַז איך ווייס נישט צי איך לעב אויף דער וועלט.

עלקע:

און נישט געקאָנט אָפּרייסן אַ האַלבע שעה אַ וואָך, קומען געוויזער ווערן וואָס דער טאַטע מאַכט.

סעם:

מיר האָבן געוווסט, אַז מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויף דיר.

עלקע:

און צו מיר — וויפל מאָל זענט איר געקומען צו אייער געליבטער שוועסטער, ווי איר רופט מיך איצט? וויפל מאָל זענט איר געקומען זאָגן: עלקע, איך וועל זיצן מיטן טאַטן און דו גיי אין טעאַטער מיט אַ בחור, צי וואָס?... אַכט יאָר צייט בין איך געווען אָפּגעשיידט פון דער גאַנצער וועלט. איינע אַליין פאַרשפאַרט אין דעם הויז, מיט אַ פּאַראַ־ליזירטן טאַטן. בלויז אָנקל בען פלעגט קומען מיך נעמען איינקויפן. און איצט?...

דאָרא:

דו ביסט אַליין שולדיק. באַלד אין אָנהייב האָב איך דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט אַריינגעמען אַ נוירס וואָס זאָל דיר אַרויסהעלפן.

עלקע:

אוודאי. איך אַליין בין שולדיק. עס איז מיין שולד. ווען איך וואָלט דיך געפאָלגט, וואָלט איר איצט נישט געקאָנט קומען נאָך קיין ירושה־געלט. איך וואָלט אייך איצט אינגאַנצן נישט אָנגעזען. אַכט יאָר צייט צאָלן אַ נוירס שכירות און עסן איז נישט קיין קלייניקייט. מיט געבעטן צו סעמען. דו, סעם, האָסט אַ פרוי, אַ פאַבריק און אַ זון וואָס גייט אין קאַלידזש. און דו, איזי, האָסט אַ פיינע פרוי, אַ גוט געשעפט און צוויי ווילע קינדער. דאָרע האָט זיך אויך נישט צו פאַרקלאָגן: פאָרסט אין רעזאָרט־פּלעצער, שפּילסט מאַרזשאַן און ברידזש. וואָס האָב איך? די צוויי קינדער וואָס מיסעס גיטלין האָט פון טשאַרלי האָבן געקאָנט זיין מיינע. איך האָב אויך געקאָנט האָבן אַ מאַן און אַלץ, צוואָס אַ פרוי שטרעבט... זיפּצט און ווענדט זיך צו דאָרען. אָ, דו ווערסט קיינמאָל נישט פאַרשטיין יענעמס געפילן. דו ביסט אַלעמאָל געווען אַ גרויסע עגאָאיסטקע. פון קליינווייז אויף ביסטו אַלעמאָל געווען פאַר זיך. נישט

קיין טאַטע, נישט קיין מאַמע, נישט קיין שוועסטער און נישט קיין **ברודער...** גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי זי וואָלט אויפגעגעבן.

דאָרא:

ביסט אַלעמאָל געווען אַזוי שטאַרק פאַרנומען מיטן טאַטן, ווי קומט עס וואָס דו ווייסט אַזוי גוט וואָס ביי אונדז טוט זיך?... זי גיט זיך אַ זעץ אַוועק אַ בייזע.

עלקע:

ווייל איך בין אַ שוועסטער. איך אינטערעסיר זיך צו וויסן וואָס עס טוט זיך ביי אייך.

דאָרא:

איך קאָן דיר פאַרזיכערן, אַז איך פאָר נישט אין די רעזאָרט־פּלע־צער פון פאַרגעניגן וועגן. ס'איז נישטאָ וואָס מיך מקנא צו זיין. מיין דאָקטער זאָגט, אַז איך בין זייער נערוועז. קיינער גלייבט מיר נישט... אפילו מיין אייגענער מאַן גלייבט מיר נישט...

איזי:

איך פיל דיך מיט, עלקע. איצט זע איך, וואָס פאַר אַ שלעכטער ברודער איך בין געווען. איך פאַרזיכער דיר, אַז איך וועל פּרובירן אַלץ טאָן כדי צו פאַרריכטן מיינע טעותן.

סעם:

נו, טאַקע, עלקע, צוּוואָס זאָלן מיר איצט אויפמישן אַלטע עברות? וואָס עס איז אַוועק קאָן מען נישט צוריקכאַפּן.

עלקע:

איך וויל, אַז איר זאָלט מיך פאַרשטיין: איך באַדויער נישט, איך האָב נישט קיין חרטה וואָס איך האָב געטאָן פאַרן טאַטן. אדרבא, איך קאָן איצט רעדן מיט אַ רויק געוויסן, ווייל איך האָב געטאָן אַלץ, וואָס אַ קינד דאַרף טאָן פאַר אַ טאַטן. באַדויערן דאַרפט איר. ספּעציעל סעם, דער עלטסטער פון אונדז אַלעמען און דאָרע, אַ טאָכטער...

דאָרא:

וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? ברענגען צו שלעפּן אַ חתן פאַר דיר? ווען טשאַרלי גיטלין וואָלט אויף אַן אמת געווען פאַרליבט אין דיר וואָלט ער געוואַרט. דערצו דאַרף מען קאָנען האַלטן אַ מאַן און

דו ביסט אַלעמאָל געווען אַ קאַלידזש־פּאַניענקעלע... לאָז נישט אויס דעם כעס צו מיר. דו ביסט אַליין שולדיק... איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, טשאַרלי גיטלין איז מיר אַלץ איינס נישט געפעלן פאַר קיין שוואָגער...

סעם:

פאַלט אַריין אין די רייד. עלקע, האָסט דאָך געהערט וואָס איזי האָט געזאָגט: מיר וועלן אַלע פּרובירן פאַרריכטן די עוולות וואָס מיר זענען באַגאַנגען קעגן דיר. וואָס נאָך קאָן מען דיר זאָגן? אַ וואָרט איז אַ וואָרט...

עלקע:

שמייכלט סאַרקאַסטיש. אייער וואָרט...

דאָרא:

גיט זיך אַ שטעל אויף. זי איז אויפגערעגט. איך זע שוין ווי זי צילט. זי וועט אַזוי לאַנג דרייען ביז די גאַנצע ירושה וועט בלייבן ביי איר. איך קען מיין שוועסטערל זייער גוט. איי קען איך איר.... זי האָט געהאַט געגנוג צייט איינצורעדן דעם טאַטן, אַז ער זאָל אַלץ אָנשרייבן אויף איר נאָמען כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ און ווענדט זיך צו די ברידער, אוי גאָט, ווי זענען מיר געווען?! ווי זענען געווען מיינע אויגן?!... צו עלקען. עס וועט נישט גיין, עלקע. עס וועט נישט גיין זאָג איך דיר! דו הערסט? עס וועט נישט גיין!

איזי:

וואָס שרייסטו אַזוי, דאָרע? וואָס דאַרפסטו שרייען? קיינער האָט דיר קיין שלעכטס נישט געטאָן!

דאָרא:

איך שריי?... אָך און וויי... מיינע נערוון שרייען אַרויס פון מיר! ווען זי וואָלט געהאַט אַ ביסל רחמנות אויף איר עלטערער שוועס־טער, וואָלט זי מיר נישט אויסגעגעסן דאָס האַרץ. ס'איז אָלרייט. איך וועל איר דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעבן. ווישט די אויגן מיט אַ טיכעלע.

סעם:

אָבער, דאָרע, וויינען און שרייען וועלן נישט בייטן די סיטואַציע. באַרויק זיך...

דארא:

מאַכט זיך, אַז זי וויינט. ווען זי וואָלט געווען אַ געטרייע שוועסטער וואָלט זי געזאָגט: ברידער, שוועסטער, כאָטש דער טאַטע האָט אָנגעשריבן די גאַנצע צוואה אויף מיין נאָמען, וויל איך נישט זיין די איינציקע. לאָמיר זיך צעטיילן גלייך אויף גלייך ווי אמתע שוועסטער און ברידער. אַלץ וואָלט געווען שטיל און פיין. אינגאַנצן האָט זי איין שוועסטער און זעט וואָס פאַר אַן אויפנעם זי האָט מיר געגעבן נאָכדעם ווי איך האָב מיך געשלעפּט מיט דער באַן אפשר אַכט שעה, און זיך געאײַלט קומען זען מיין שוועסטער ווען איך האָב שוין נישט געזען אפשר צוויי יאָר... מיט געבייזער. ניין! וויל זי דאָך נישט. זי וויל ביידע זאַכן: אי די גאַנצע ירושה וואָס זי האָט צוגערעדט דעם קראַנקן טאַטן צו שרייבן, ווען ער האָט זיך נעבעך נישט געקאָנט העלפן ווייל ער איז געווען אין אירע הענט, און אַז מיר זאָלן נאָך צושטימען צו דעם... מאַכט אַ טריט נענטער צו עלקען. מיט מיר ביסטו נאָך נישט פאַר־טיק, שוועסטערל! זעצט זיך צוריק אַוועק און וויינט. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז איך וועל אפשר דאַרפן גיין אויף אַן אָפּעראַציע. איך ווייס נישט, ווו איך וועל נעמען געלט אויף דעם. איך זאָג קיינעם נישט וועגן מיינע יסורים. איך קרעכץ נישט און וויין נישט, ווי אַנדערע פרויען. אַז איך גיי איין מאָל אַ וואָך צו אַ פּסיכאָאַנאַליטי־קער און דאָס קאָסט מיך פופציק דאָלער אַ וויזיט — ווייסט אויך קיינער נישט... צו סעמען, וויינענדיק. ווי אַזוי זי רעדט, וועט מען נאָך איר דאַרפן אַרויסצאָלן... זי שטעלט זיך פאַרן שפּיגל וואָס איז איבערן קאַמין און מאַכט גלייך די האָר, דאָס קלייד און פּודערט דאָס פּנים.

עלקע:

דאָס מיין איך טאַקע.

דארא:

דרייט זיך אָפּ פון שפּיגל זייער אויפגערעגט. דו הערסט, סעם? וואָס האָב איך דיר געזאָגט? צו עלקען. אפשר ווילסטו, אַז איך זאָל דיר אָוועקגעבן מיין מאַן אויך?... קאָנסט אים האָבן! ער איז אַלץ איינס נישט קיין מאַן!...

סעם:

דאָרע, הער אויף צו קאָכן זיך. און דו עלקע, איך גלייב אַז דו מאַכסט זיך נאַריש.

עלקע:

איך מאַך זיך נישט נאַריש, איך ווייס וואָס איך וויל, דאָרע האָט אַרויסגענומען די ווערטער פון מיין מויל.

סעם:

אויפגערעגט. ער האַלט זיך אָבער איין. אויב דו מיינסט אויף אַן אמת וואָס דו זאָגסט, וואונדערט מיך שטאַרק אויף דיר. דו ווייסט אַז אַזעלכע זאַכן זענען נאָך נישט פאָרגעקומען.

איזי:

מיין קאָפּ באַנעמט נישט אַזוי לייכט. אפשר קאָנסטו מיר דער־קלערן וואָס דו מיינסט, עלקע?...

דאָרא:

זי מיינט וואָס זי זאָגט, לאָז דאָס איבער צו אונדזער שוועסטערל, זי האָט אַ גוט קעפּעלע אויף אירע אַקסלען, אוי, האָט זי אַ קעפּעלע...

איזי:

דאָרע, צוואָס זאָלסטו אַריינלייגן ווערטער אין איר מויל אַריין? זאָל זי אַליין זאָגן וואָס זי וויל, זי האָט אַ מויל.

דאָרא:

צו איזין. דיר קאָן מען לייכט פאַרדרייען דעם קאָפּ, פונקט ווי דיין ווייב האָט דיר... לאָמיר בעסער נישט רעדן...

איזי:

בייז. רעד יאָ. רעד! ווער לאָזט דיך נישט רעדן? קאָנסט מיר אפשר זאָגן וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט מיין ווייב דיר געטאָן?

דאָרא:

וואָס זאָל איך רעדן? דו ווייסט אַליין. אפילו גערטרוד, סעמס ווייב, וויל נישט האָבן מיט איר קיין שום ביזנעס. צוואָס זאָל איך רעדן?...

איזי:

אפשר וויל מיין ווייב נישט האָבן קיין ביזנעס מיט גערטרודן?... און מיט דיר וויל גערטרוד יאָ האָבן ביזנעס?

דאָרא:

אוי, וואָלט זי זיך געוואָלט חברן מיט מיר, נאָר איך גיב איר נישט

קיין שאַנס. איך האָב פיינט אַ פּאַרריסענע נאָז. אַז זי איז די פּרעזי־דענטין פון דער הדסה, מיינט זי שוין אַז...

איזי:

איז מיין ווייב די פּרעזידענטין פון דער הסתדרות. דער זעלבער יחוס...

סעם:

גיט אַ געשריי. דאָרע, זאָל זיין שטיל אַ מינוט! הערט אויף! מיר זענען זיך דאָך נישט צוזאַמענגעקומען מער צו צערייסן די שוועסטער און ברידער?!... דאָרע גיט זיך אַ זעץ אַוועק אויס מורא פאַר איזי. ער שפּאַרט זיך אָן אַן דעם געזימס נעבן פּייער־קאַמין און בייט דעם גאַנצן טאָן, רויק און דיפּלאָמאַטיש. איך בין געקומען צו דעם באַשלוס, אַז לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, איז דער טאַטע יאָ געווען ביים פולן פאַרשטאַנד ווען ער האָט איבערגעשריבן די צוואה אויף עלקעס נאָמען. דאָס האָט ער אָבער געטאָן, ווי איך האָב געקענט דעם טאַטן, אין אַן אויפגערעגטן מאָמענט. ער איז געווען בייז וואָס מיר דריי האָבן שלעכט געהאַנדלט צו אים. דער אמת איז דאָך אויך, אַז עלקע איז באַרעכטיקט צו אַ שטיקל קאָמפּענסאַציע פאַר דער צייט וואָס זי איז געווען מיטן טאַטן. מיר זענען דאָך שוועסטער און ברידער, איז פאַרוואָס זאָלן מיר דאָס לייקענען? איז מיר איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק: אַנשטאָט מיר זאָלן דאַרפן גיין אין געריכט מיט הוצאות פאַר אַדוואָקאַטן און קיין צופיל צייט צו פטרן האָב איך אויך נישט, און איזי קאָן אויך נישט אַוועק־גיין פון די ביזנעס; און כדי עס זאָל זיין שלום אין דער משפחה, שלאָג איך פאָר, אַז דאָס הויז, ווייזט אויף דער הירה, זאָל געהערן צו עלקען. אויף דעם שרייב איך זיך אונטער. זי דאַרף דאָך האָבן אַ פּלאַץ וווּ צו וווינען. דאָס איבעריקע פון דער ירושה זאָל צעטיילט ווערן, גלייך אויף גלייך. איר זעט, כאָטש איך בין דער עלטסטער און בין באַרעכטיקט צו אַ גרעסערן חלק, וויל איך נישט קריגן מער פון אייך... און דו עלקע, זיי אויך נישט קיין עקשן. דו ווייסט דאָך: אַז מען האָט צו טאָן מיט ריכטער און דזשוריס קאָן מען קיינמאָל נישט וויסן, וואָס דער פסק וועט זיין. פרעג דיין אַדוואָקאַט, וועט ער דיר זאָגן, צי איך בין נישט גערעכט. דערצו האָט איזי זיין שטענדיקן לאָיער און איך האָב מיינעם. דאָס זענען צוויי קעגן דיין איינעם. דער סוף וועט זיין, אַז מירן זיך בלייבן דם שונאים אויפן גאַנצן לעבן.

עלקע:

גיט זיך אַ שטעל אויף. איך וועל אַריינברענגען אַ גלאָז מילך פאַר איזין. אָפּ.

דאָרא:

איך זאָג דיר, סעם, זי זוכט זיך אַרויסצודרייען און דו האָסט צו גיך נאָכגעגעבן. ווען דו ביסט געווען ביי מיר אין הויז האָסטו גאַנץ אַנדערש גערעדט. איצט האָסטו אַלץ געמאַכט משה קאַפּויער...

סעם:

און דו, זינט דו האָסט איבערגעטראָטן די שוועל, האַלטסטו זיך אין איין קריגן מיט איר.

דאָרא:

באַליידיקט. ווער, איך? איך האָב דאָך גאָרנישט געזאָגט. פאַרקערט..

סעם:

אַ מענטש דאַרף פאַרשטיין ווען נאָכצוגעבן און ווען נישט. מען דאַרף קאָנען נוצן דעם קאָפּ. ירושה איז, פונקט ווי אַ לוויה היינטיקע צייטן, אַ ביזנעס, ווי אַלע ביזנעס. אַ פּעני אַראָפּ, צי אַ פּעני אַרויף, אַבי געמאַכט דאָס געשעפט צווישן זיך אַליין...

איזי:

פונדעסטוועגן, מעגן מיר צוגעבן, אַז עלקע איז דאָך געווען די איין און איינציקע פון אונדז וואָס האָט אַלץ אויפגעגעבן צוליבן טאַטן.

דאָרא:

גיב איר נאָר נישט דעם גאַנצן קרעדיט. ווען איך וואָלט נישט געהאַט קיין מאַן, וואָלט איך מער געטאָן פאַרן טאַטן. איך האָב אַזוי שטאַרק ליב געהאַט דעם טאַטן... מיר גלייבט מען נישט... אפילו מיינע אייגענע ברידער גלייבן מיר נישט.

סעם:

צו עלקען וואָס איז נאָר וואָס אַריינגעקומען מיט אַ גלאָז מילך פאַר איזין. אַז דו וואָלסט אויפגעהערט אַרומלויפן, וואָלטן מיר גע־קאָנט רעדן אַ פּאָר ווערטער ווי שוועסטער און ברידער.

איזי:

טרינקט די מילך און רעדט צו עלקען. נו טאַקע, קאָנסט זיך

נישט אַוועקזעצן אויף אַ פּאָר מינוט, אַז מיר זאָלן קאָנען אויף אַ רויקן אופן אַלץ אַרומרעדן?

עלקע:

זעצט זיך. שוין, איך בין פאַרטיק.

סעם:

צו עלקען. איך און איזי רעדן וועגן פאַרריכטן די טעותן. ווי דו אָבער רעדסט, קומט אויס, אַז מיר וועלן זיין צעריסן. איך וויל דיר באַווייזן, אַז...

עלקע:

פאַלט אַריין אין די רייד. דו ווילסט מיר באַווייזן, אַז איך זאָל האַנדלען אַזוי ווי עס וועט זיך לוינען פאַר דיר. איך ווייס, איך ווייס, וואָס דו ווילסט מיר באַווייזן.

דאָרא:

ווען דער טאַטע וואָלט דאָ געווען, וואָלט ער נישט דערלאָזט, אַז עס זאָל קומען צו דעם. מיט אַ וויינענדיקער שטים. איצט, ווען מיר זענען געבליבן קיילעכדיקע יתומים. וויל זי נאָך מער פאַרשוואַרצן אונדזער פּנים. גיט זיך אַ שטעל אויף מיט כּעס. די וועקסלערס זענען אַלעמאָל געווען אַ רעספּעקטאַבלע און שטילע משפּחה! איך וועל נישט דערלאָזן אריינצוברענגען אַ קריג צווישן די שוועסטער און ברידער!... גייט איבערן צימער אַן אויפגערעגטע. זי פאַרגעסט אָבער נישט אין דער זעלבער צייט אויסצוגלייכן איר קלייד און אירע האָר.

איזי:

אַזוי... איך וועל צו יעדער צייט נישט אויסבייטן עלקעס פּיאַטע פּאָר...

דאָרא:

פאַלט אַריין אין די רייד. צו איזין. דו מיש זיך נישט! דו ביסט קיינמאָל נישט געווען קיין צו גרויסער חכם. צו סעמען. ווען זי וואָלט געווען אַ געטריי קינד וואָלט זי אַמאָל געטראַכט וועגן דעם טאַטן מיט דער מאַמען, וואָס זענען מער נישטאָ מיט אונדז... זעצט זיך וויינענדיק ווען זי וואָלט געווען אַ געטרייע שוועסטער, וואָלט זי אַמאָל געטראַכט וועגן איר עלטערע שוועסטערס געזונט... וויינט שטאַרקער. דער דאָק־טער האָט מיר געזאָגט, אַ˝ איך וועל אפשר דאַרפן גיין אויף אַן אָפּע־

ראַציע... איר אַרט דאָס נישט, צי איך האָב יאָ געלט און צי איך האָב נישט קיין געלט... וויינט און זיפצט.

סעם:

צו עלקען. דו ווייסט דאָך, איך בין אַ ביזנעס מאַן. איך האָב ליב צו קומען צו תכלית. אַלרייט, לאָמיר הערן וואָס דו שלאָגסט פאָר...

דאָרא:

וויינענדיק, צו זיך אַליין. און שלעפּן אַלעמען אין געריכט מיט דזשאָרדזשעס און לאָיערס. ווי וואָס פון אונדזער משפחה איז געוואָרן...

עלקע:

איך וויל דאָס וואָס יעדער מענטש וויל: אַ ביסל פרייד פון לעבן. ביז איצט האָב איך דאָס נישט געהאַט.

איזי:

גיט זיך אַ שטעל אויף, גייט איבערן צימער נערוועז די ירושה איז מיר שוין דערגאַנגען ביז דאַנען!!... ווייזט אויפן האַלדז.

סעם:

זאָל זיין שטיל אַ מינוט! גיט איר אַ געלעגנהייט צו זאָגן, וואָס זי מיינט! עס ווערט שטיל.

עלקע:

קוקט אויף אַלעמען מיט פאַרשנדיקע בליקן. דערפאַר וואָס איך בין געווען די יינגסטע צווישן אייך, האָט איר מיך קיינמאָל נישט געלאָזט אויפהייבן דעם קאָפּ. ווען איך האָב אָנגעהויבן גיין אין קאַלידזש, האָט איר אַלע געלאַכט פון מיר. ווען איך האָב פּראַקטיצירט אויף דער פּיאַנאָ, האָט איר אַלע געטומלט און געליאַרמט. ווען איך האָב אָנגעהויבן פאַרדינען געלט, האָט מיר סעם נישט פאַרגונען. ער האָט איינגערעדט דעם טאַטן, אַז איך דאַרף צאָלן אין הויז. ווען טשאַרלי פלעגט אַריינ־קומען אין הויז, האָט דאָרע אַלעמאָל געהאַט עפּעס שלעכטס צו רעדן אויף מיר.

דאָרא:

מיר איז נישט געפעלן, אַז טשאַרלי גיטלין זאָל זיין מיין שוואָגער. און דו ביסט נאָך געווען צו יונג. האָסט נישט פאַרשטאַנען וואָס ליבע איז...

עלקע:

צו דאָרען. איך בין נישט זיכער צי דו ווייסט, אָבער וועגן דעם

**וועלן מיר רעדן אַן אַנדערש מאָל. ווען די מאַמע איז געשטאָרבן און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אויפפּאַסן אויפן טאַטן, האָט איר זיך אַלע פאַרלייגט אויף מיר, אַז איך זאָל אויפגעבן מיין שטעל און אַכטונג געבן אויפן טאַטן, ווייל איך בין די יינגסטע און בין נישט פאַרהייראַט. איך האָב איבער אייך פאַרלוירן דעם מאַן וואָס איך האָב ליב געהאַט. איך בין איצט צוויי און דרייסיק יאָר אַלט און בין איינע אַליין... די טרערן שטיקן איר אין האַלדז, עס איז שטיל אַ וויילע. זי** נעמט זיך אָן מיט מוט און רעדט ווייטער. **איך קאָן אויסרעכענען נאָך אַ סך פאַלן ווי איר האָט מיך נישט געלאָזט אויפהייבן דעם קאָפּ. איצט האָב איך באַשלאָסן, וואָס עס זאָל מיך נישט קאָסטן, אויספירן דאָס מייניקע. כאָטש איין מאָל אין מיין לעבן וויל איך זיין די געווונענע. מיך אַרט נישט, וואָס איר וועט טאָן, מער וועט מען מיר נישט איינ־רעדן. עס וועלן מיך נישט אָפּשרעקן קיין דזשוריס און נישט קיין אַדוואָקאַטן. עס וועט מוזן זיין ווי איך וועל באַשטימען. מיט קיין גוטע ריידעלעך, סעם, אָדער זידלערייען און געוויינען, וועט מען מיך מער נישט פאַנגען...**

**דאָרא :**

**אַ מויל מיין שוועסטער האָט דאָס... איך ווייס נישט אין וועמען זי איז געראָטן...**

עס קלינגט דאָס גלעקל. עלקע לויפט צו דער טיר. אַלע אין צימער בלייבן זיצן שטיל. באַלד הערט מען פון קאָרידאָר ווי עלקע זאָגט „יאָ, אָנקל, אַלע זענען שוין דאָ, מיר אַלע וואַרטן שוין אַזוי לאַנג אויף אייך.” ביידע, עלקע און דער אָנקל קומען גלייך אַריין. ער בלייבט שטיין ביי דער טיר, קוקט זיך אַרום און גלייכט זיך אויס דעם רוקן. עלקע לויפט פאַרמישן אַ געטראַנק פאַרן אָנקל און באַלד דערנענ־טערט ער זיך צו די געסט מיט אַ שמייכל.

אנקל :

**נו, האַלאָ?... וואָס זיצט איר אַלע מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, האַ? די שיפן זענען אייך אונטערגעגאַנגען, צי איר האָט נישט קיין מצה אויף פּסח?...**

**אלע :**

**האַלאָ אָנקל! האַלאָ אָנקל בען! האַלאָ אָנקל!..**

עלקע:

דערלאַנגט אים אַ גלאָז סקאַטש און סאָדע. **זיצט אַנקל, דאָס איז ספּעציעל פאַר אייך, איך ווייס וואָס איר האָט ליב.**

אנקל:

נעמט דעם געטראַנק. גיט אַ זופּ, פּאַסמאַקעוועט זיך און בעת מעשה באַטראַכט ער אַלעמען מיט אַ פילאָזאָפישן שמייכל. **וואָס זיצט איר אַלע ווי די כאַמיקלעך?... איר האָט דאָך מיך נישט גערופן צו טרינקען אַ לחיים, האַ...**

איזי:

דערנענטערט זיך. **וואָס מאַכט איר, אַנקל? און די טאַנטע וואָס מאַכט?...**

אנקל:

**אָט אַזוי הער איך אַ יידיש וואָרט.**

סעם:

**איר זענט אַריינגעקומען אין מיטן דערינען, ווייסן מיר נישט ווי אָנצוהייבן.** מיט אַ שמייכל. **רוט זיך אָפּ אַ מינוט. איר וועט וויסן צוליב וואָס מיר האָבן אייך געבעטן צו קומען.**

אנקל:

**אַהאַ, מסתמא שוין ווידער צרות... וואָס דען?..**

דארא:

ווייזט אויף עלקען. **זי וויל זיך נישט צעטיילן מיט דער ירושה.**

אנקל:

**אַזוי... מיר איז שוין נישט גוט פון דער ירושה! טאַטעס וואָס קלייבן זיך איבערלאָזן ירושות זאָלן קיינמאָל נישט שטאַרבן! אַ חורבן! אַ חורבן!** זיפצט. **אוי, אוי... נאָר מען קריגט זיך.. כ'האָב פאַרשטאַנען. אַז איר רופט מיך נישט צו קיין „טוירקי־דינער" (אַ מיטאָג פון אינדיק), כ'האָב פאַרשטאַנען...** טרינקט.

עלקע:

שטעלט זיך אויף. **איך גיי צוגרייטן עפּעס עסן פאַר אַלעמען.**

אנקל:

באַפעלעריש. **מען דאַרף נישט קיין עסן! זיץ! היינט אָוונט, שוין**

איצט, וועלן מיר מאַכן אַ סוף צו די קריגערייען! ברידער און שוועס־סער, וואָס וועלן באַלד זיין זיידעס און באָבעס, קריגן זיך נאָך אַלץ אַרום ווי קליינע קינדער... מען קאָן זיך גאָרנישט איינטיילן מיטן טאַטנס ירושה. וואָס איז, סעם, עס פעלט דיר אויף פרנסה? און דו, איזי, מאַכסט נישט קיין לעבן? און דו דאָרע, דיין מאַן דאַרף חלילה אַ גמילת חסד?...

דאָרא:

ווען זי וואָלט געווען אַ געטרייע שוועסטער, וואָלט זי...

אנקל:

און דו ביסט דאָס אַזאַ איבערגעגעבענע שוועסטער, הא?...

סעם:

אַנקל בען, עס האַנדלט זיך נישט וועגן געלט. איר ווייסט, אַז איך קאָן אַרויסנעמען עטלעכע טויזנט דאָלער פאַר אַ ווילטעטיקן צוועק. דאָ האַנדלט זיך וועגן פּרינציפּ.

אנקל:

אַזוי! פּרינציפּ?! פון ווען אָן ביסטו דאָס געוואָרן אַזאַ פּרינ־ציפּיעלער מענטש?... סעם ענטפערט נישט. הא, סעם?.. און אפשר, ווער ווייסט? ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך...

איזי:

אַנקל בען, מיר זענען זיך נישט צוזאַמענגעקומען עמעצן שלעכטס צו טאָן...

אנקל:

איך ווייס, איך ווייס: איר קושט זיך אין די פּיסקעלעך... זיפצט. קינדער אין אַמעריקע... בלויז איין און איינציק מאָל האָט איר געזאָגט קדיש נאָכן טאַטן און איצט זענט איר געקומען איינמאָנען די ירושה. דאָרע האָט דאָך אפילו קיין איין טרער ביים קבר נישט פאַרגאָסן און איצט איז זי געקומען נאָך איר חלק ירושה. איי, איי, איי... מען זאָגט, אַז די טויטע זענען קלוגער פון די לעבעדיקע. אַלע ביכער הייסן אונדז נעמען אַ מוסר השכל פון די פאַרגאַנגענע דורות. ווען דער טאַטע אייערער וואָלט באמת געווען אַ קלוגער און אָוועקגעגעבן זיין פאַר־מעגן פאַר אַ גוטן צוועק, וואָלט מער מצוה געווען. אַ שפּיטאָל, אַ מושב זקנים, ארץ־ישראל בויטיקן זיך מער אין די פאַר דאָלער, ווי

איר... עס איז געגוג פלעצער ווי צו העלפן.. עס איז שטיל. ער זופט דעם געטראַנק און ווענדט זיך צו עלקען און דו, עלקע, דו גלייבסט, דו ווערסט קאָנען אַראָפּשלינגען אַזאַ גרויסן ביסן ?... אמת, דער טאַטע האָט טאַקע אָנגעשריבן די גאַנצע צוואה אויף דיר. פיין. לאָמיר שוין זאָגן, אַז דער טאַטע דיינער, איז געווען גערעכט. ביסטו אויך זיכער, אַז דו האַנדלסט ריכטיק ?...

עלקע :

אָבער אָנקל, איך...

אנקל :

רייס מיר נישט איבער, איך ווייס, איך ווייס. איך האָב שוין טויזנט מאָל געהערט אייערע טענות. מוזן טאַקע שוועסטער און ברידער ווערן דם שונאים צוליב דעם גאָלדענעם קאַלב ?... ספּעציעל ווען אַלע האָבן ברוך השם גאַנץ פיין פּרנסה ? וויפל מאָל דאַרף איך רעדן צו אייך וועגן דעם ?

עלקע :

מיט געבעט. ווען איך וואָלט נישט געטראַכט וועגן מיינע טאַטע־מאַמע און מיינע ברידער און שוועסטער, וואָלט איך אַנדערש געהאַנדלט. צעוויינט זיך. איך בין מיד, אָנקל בען. דער קאָפּ איז מיר דול פון די קריגערייען און זידלערייען... נאָר מען זאָגט אַריין איינער דעם צווייטן. אַלץ וואָס איר הערט איז שטעכווערטלעך. שוין צוויי שעה ווי אַלע זענען דאָ. די גאַנצע צייט האָט מען נישט געהערט קיין האַרציק וואָרט.. וויינט שטאַרקער. איך האָב אויך געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר איך קאָן מיך נישט דערשלאָגן צום וואָרט...

דאָרא :

הערסט, זי איז נאָך גערעכט...

אנקל :

זאָל זיין שטיל. נו, געגוג געוויינט... שאַ, שאַ, באַרויק זיך, לאָמיר הערן וואָס דו האָסט צו זאָגן.

אַלע זענען שטיל. עלקע קאָן נישט קאָנטראָלירן איר געוויין, אָבער זי באַרויקט זיך. דאָרע מאַכט זיך אַ „קאָקטייל” און פאַררייכערט אַ ציגאַרעט. איזי און סעם פאַררייכערן אויך. אַלע זיצן שטיל. זיי האָבן מורא און אויך דרך ארץ פאַרן אָנקל. דער אָנקל זופט צוביסלעך פון

זיין גלאָז. עלקע ווישט אויס די אויגן. זי באַטראַכט אַלעמען און הייבט אָן פּאַמעלעך.

עלקע:

דער טאַטע האָט נישט איבערגעלאָזן אַזאַ גרויס פאַרמעגן, ווי איר שטעלט זיך פאָר. עס איז אינגאַנצן געבליבן קנאַפּע צוואַנציק טויזנט דאָלער און דאָס הויז און די מעבל, וויפל די זאַכן זענען ווערט. דאָק־טוירים, מעדיצינען, עסן, טעקסעס און אַנדערע זאַכן, האָבן צוגענומען די גרעסטע טייל. פריער איז די מאַמע געווען קראַנק און שפּעטער דער טאַטע, אַכט יאָר צייט אין בעט. אפילו אַ ברונע שעפּט זיך אויס. איך וועל אייך געבן די צוואה און אַלע אַנדערע פּאַפּירן, אַז איר זאָלט קאָנען אַלץ נאָכקאָנטראָלירן צי איך גיב איבער דעם אמת... איך גלייב, אַז דאָס לעבן באַשטייט מער ווי פון געבוירן ווערן, עסן און שטאַרבן. מיינע ברידער פילן איצט, אַז זיי האָבן נישט ריכטיק גע־האַנדלט צו טאַטע־מאַמע. זיי ווילן דאָס פאַרריכטן מיט דעם, וואָס זיי וועלן בייטן זייער באַציונג צו מיר. דאָס איז זייער נאַבל. איך גלייב זיי, דער טאַטע מיט דער מאַמע לעבן שוין נישט. דאָך האַלט איך, אַז מיר זענען זיי שולדיק אַ מאָראַלישן חוב. אויב מיר מיינען אויף אַן אמת וואָס מיר זאָגן, איז איצט די צייט אָפּצאָלן דעם חוב. איך זאָג, צו טאָן אַ גוטע זאַך איז זייער לייכט: מען דאַרף נאָר וועלן. פון דעם געלט וואָס איז געבליבן פון טאַטן וויל איך קיין איין סענט נישט. איך וויל בלויז די דירה, אַז איך זאָל האָבן וווּ צו וווינען. סעם האָט אויך געזאָגט דאָס זעלבע. איך זאָג נאָר, אַז סעם, ער איז דאָך דער עלטסטער און דער רייכסטער, ער זאָל צולייגן עטלעכע טויזנט דאָלער, איזי זאָל צולייגן עטלעכע טויזנט דאָלער און דאָרעס מאַן זאָל געבן עטלעכע טויזנט דאָלער. די סומע געלט זאָל אָוועקגעגעבן ווערן פאַר אַ וווילטעטיקן צוועק אין נאָמען פון דעם טאַטן מיט דער מאַמען. זי קוקט אויף אַלעמען, זי וויל זען וואָס פאַר אַן איינדרוק איר פאָרשלאַג האָט געמאַכט. אויב מיין פּלאַן געפעלט אייך נישט, זאָג איך אייך פון פאָרויס. אַז איך וועל טאָן מיט דער ירושה, ווי עס שטייט געשריבן אין דער צוואה.

אַלע זענען שטיל. זיי וואַרטן און ווילן הערן וואָס דער אָנקל וועט זאָגן. דער אָנקל גיט אַ טרינק אויס דאָס איבעריקע פון דעם גלאָז. באַטראַכט אַלעמענס פּנימער און רופט זיך אָפּ מיט אַ שמייכל:

אנקל:

וואָס זאָל איך דיר זאָגן, עלקע? אַ גרויסע זאַך, אַ פיינער געדאַנק. דו ביסט נישט בלויז אַ קלוגע, נאָר אויך אַ גוטע. אויב דו האָסט שוין יאָ געהאַט אַזאַ איינפאַל, וויל איך דיך פרעגן צוויי זאַכן: צי דיך וואָלט געאַרט, אַז דאָס זאָל גיין קיין ישראל און צווייטנס, אויב איך זאָל וועלן צולייגן אַ פינגער לכבוד מיין ברודער, וועסטו מיך לאָזן? ער שמייכלט. ווייסט דאַך ווי מען זאָגט, וואָס מער איז בעסער.

עלקע:

שמייכלט. דאָס וועט זיין מיין גרעסטע סאַטיספאַקציע, אַנקל. איך וויל נאָר צוגעבן, אַז איך וויל גאָרנישט פון דעם געלט, ווייל איך קאָן צוריקגיין אַרבעטן אויף מיין שטעל. איך וויל נאָר האָבן די היים.

איזי:

קוקט אויף סעמען וואָס שטייט איצט פאַרטראַכט אַנגעלענט אָן דעם געזימס פון דעם פייער־קאַמין עס איז נאָך גוט וואָס קיין זייטי־קער מענטש ווייסט נישט פון דעם. אָך און ווי איז צו אונדז. איבער קנאַפּע פיר טויזנט דאָלער האָבן מיר זיך געדאַרפט קריגן און טומלען. דער אַנקל איז גערעכט: מיר וועלן שוין באַלד זיין זיידעס... מיר געפעלט עלקעס פּלאַן...

סעם:

עס איז שטיל אַ ווײַלע. מיטאַמאָל. אַז מיר האָבן שוין יאָ אַזאַ קלוגע שוועסטערל. וועל איך אייך זאָגן אַ בעסערע זאַך: איך וועל דערלייגן פינף טויזנט דאָלער, נאָר מיט איין באַדינג: אַז מיין פרוי, די פרעזידענטין פון הדסה, זאָל פרעזענטירן דעם טשעק. איך וועל טאָן נאָך עפּעס: איך וויל פאַרבעטן צו מיר אין הויז אַריין עטלעכע געסט, ביי וועמען מען וועט קאָנען שאַפן נאָך אַ ביסל געלט. איך וועל אויך רעדן מיט דאָרעס מאַן, אַז ער זאָל אויך קומען און געבן אַ ביישטייער... עלקע, וואָס זאָגסטו איצט צו דיין שלעכטן ברודער, האַ?

דאָרא:

איך דאַרף נישט קיין שלוחים. איך קאָן אַליין רעדן מיט מיין מאַן...

אנקל:

זעסט, סעם, אַלץ איז דאָך, דאַכט זיך, גוט און פיין, אָבער עס טויג

נישט. סעם וויל עפּעס זאָגן, אָבער דער אָנקל ווייזט מיט דער האַנט, אַז ער זאָל אים נישט איבעררייסן. איך ווייס, איך ווייס, אַז דו ווילסט זיך באַ־ ווייזן פאַר דיינע פריינד, די פאַבריקאַנטן. זייער פיין און גוט... אָבער, אַז דו ביסט שוין יאָ אַזוי ברייטהאַרציק און גוט, פאַרוואָס נישט ביידע שוועגערינס? איזיס ווייב איז דאָך אויך אַ פּרעזידענטין. און עלקע, זי האָט דאָך אויך עפּעס אַ חלק אין דעם. און פאַרוואָס זאָלן מיר אויסלאָזן דאָרען? זי איז דאָך אויך אַ טאַטנס אַ קינד, האַ?... זעסט סעם, ווען דו אַלס בכור מאַכסט אַזוי, אַז אַלע פיר שוועגערינס זאָלן אַרבעטן פאַר איין און דעם זעלבן ציל, דעמאָלט וועט זיין שלום אין דער משפחה. ער גיט זיך אַ שטעל אויף. עס וועט זיין אַ נחת, אַ פריידע. די פאַרשטייסט, סעם? שלום איז אַ גרויסע זאַך... שלום..

אַלע שטעלן זיך איינציקווייז אויף. די פאַרהאַנג לאָזט זיך פּאַמע־לעך אַרונטער.

מערץ, 1953. לאָס אַנזשעלעס, קאַליפאָרניע.

פערזאָנען:

**מאיר בערמאַן**, אַ געוועזענער סטאָלער, אַן אויסגעהאָרעוועטער ייד, פון אַ יאָר 65.

**אסתּר**, זיין ווייב, אַ קליינע, נידעריקע פרוי, אין די זעלבע יאָרן.

**מעקס**, זייער איידעם, אַ פעטער מאַן, 42 יאָר אַלט.

**אסטעל**, אַ פריינדין פון די בערמאַנס אַ טאָכטער, אַ מיידל פון אַ יאָר 30.

די האַנדלונג קומט פאָר ביי די בערמאַנס, אין אַ פּריוואַט, נישט קיין רייך הויז. פּשוטע און נישט קיין סך מעבל: אַ קאַנאַפּע, צוויי געבעטע שטולן, אַן עסטיש מיט עטלעכע שטולן אינמיטן זאַל און נאָך קליינינקייטן. אין צענטער וואַנט — אַ טיר וואָס פירט פון גאַס. אין דער רעכטער וואַנט — אַ טיר וואָס פירט אין די אַנדערע צימערן. אויף דער לינקער וואַנט — צוויי פענצטער מיט פאָרהאַנגען פון ביידע עקן זוענט. עס איז אַ זונטיק פאַרנאַכט, סוף אַפּריל, 1956.

ווען די פאָרהאַנג הייבט זיך אויף שטייען די בערמאַנס מיט די רוקנס צום עולם, ביי דער אָפענער טיר וועלכע פירט אַרויס אין גאַס. בערמאַנען זעט מען, ער שטייט אין דעם אַריינגאַנג. אסתר שטייט אין דרויסן אויפן גאַניקל. ער שרייט אַרויס צו איר:

בערמאַן:

**וואָס וועסטו אויסשטיין אין דרויסן? וועסט זיך נאָך צוקילן. קום אַריין. זיי זענען שוין אַוועקגעפאָרן. שוין! אויס! דאַנקען גאָט...**

אסתר:

קומט אַריין, פאַרמאַכט די טיר און ווישט די אויגן. **ווי קאָנסטו אַזוי רעדן וועגן אַן אייגן קינד?**

בערמאַן:

**ווי דען זאָל איך רעדן? ס'איז דען נישט אמת? איך האָב שוין לאַנג געוואַרט אויף דעם היינטיקן טאָג.**

אסתר:

**ער זאָל נאָר זיין גוט צו איר. ער האָט מיר אַלעמאָל אויסגעזען צו זיין אַ בייזער, אַ כעסן.**

בערמאַן:

**אַז זי וועט זיין גוט צו אים, וועט ער זיין גוט צו איר.**

אסתר:

**איך ווייס נישט וואָס איז דער מער מיט דיר היינט? אַ טאַטע זאָל**

אַזוי רעדן וועגן זיין אייגענער טאָכטער? דו רעדסט, ווי זי וואָלט געווען אַ שטיפקינד. וואָס איז דער מער מיט דיר.

בערמאַן:

מיט מיר איז גאָרנישט דער מער. אויב עפּעס איז דער מער, איז דאָס מיט דיר.

אסתּר:

מיט מיר?

בערמאַן:

יאָ, מיט דיר. פריער ביסטו געווען פאַרזאָרגט וואָס דיין טאָכטער האָט נישט חתונה געהאַט. איצט, אַז זי איז שוין אַוועקגעפאָרן אויף איר „האָנימון", גייסטו ווידער אַרום פאַרזאָרגט. נאָר דו זוכסט זיך זאָרגן...

אסתּר:

און דיך אַרט גאָרנישט וואָס מירביידע זענען געבליבן אויף דער עלטער מיט די פיר ווענט?

בערמאַן:

וואָס פיר ווענט, ווער פיר ווענט. איך בין גראָד צופרידן. איך האָב פיינט אַז אַן אַלטע מויד דרייט זיך מיר אַרום אין הויז: פאַ, טו נישט דאָס און טו נישט יענץ. דאָס עס נישט און דאָס טרינק נישט. עס איז דאָך נישט געווען אויסצוהאַלטן פון איר. איצט בין איך אַ פרייער מענטש. מיר וועלן קאָנען טאָן, וואָס מיר וועלן נאָר וועלן.

אסתּר:

מיר דאַכט זיך, אַז דו ביסט היינט אויפגעשטאַנען אויף דער לינ־קער זייט.

בערמאַן:

שמייכלט. דו מאַכסט אַ גרויסן טעות. איך בין שוין גאָר אויפגע־שטאַנען אויף דער רעכטער זייט. צוויי און פערציק יאָר האָב איך געוואַרט אויף דעם היינטיקן טאָג. קום אַהער, זעץ זיך אַוועק. ער ציט איר, אַז זי זאָל זיך זעצן נעבן אים אויף דער קאַנאַפּע. פאַרגעס אין זיי. זיי האָבן דיך אויך נישט אין זינען.

אסתּר:

זעצט זיך נעבן אים. איך דאַרף גיין צוגרייטן „סאַפּער" (אוונט־ברויט).

בערמאן :

לייגט אַרויף זיין האַנט אויף איר אַקסל און האַלט איר צו.

זיץ! איך וויל נישט קיין סאַפּער. איך בין נישט הונגעריק.

אסתר :

איך האָב צוגעזאָגט מילדריטן, אַז איך וועל אָנבאַקן קיכעלעך פאַר די אייניקלעך. זי וועט דאָ באַלד זיין נאָך די קיכעלעך. איך האָב נאָך אַפילו נישט פאַרמישט דאָס טייג. שטעלט זיך אויף.

בערמאן :

ציט איר צוריק, זי זעצט זיך צוריק אַוועק. זיץ אַ ווייל, וועט איין מאָל זיין אָן קיכעלעך. האָסט געזען אַ מעשה, מען קאָן מיט אַן אייגן ווייב נישט אויסרעדן אַ וואָרט. זיץ.

אסתר :

זאָל איך שוין אַזוי זיין געזונט, ווי מען קאָן מיט דיר היינט נישט רעדן.

בערמאן :

איך האָב דיר פריער געזאָגט. אַז צוויי און פערציק יאָר וואַרט איך אויף דעם היינטיקן טאָג, ווען מיר וועלן זיין אַליין. און איצט...
שטעלט זיך אויף און הייבט די אַקסלען.

אסתר :

איצט ?

בערמאן :

אַז מיר האָבן שוין דערלעבט דעם טאָג, דרייסטו זיך, ווי דו וואָלסט געוואָלט אויסזיצן נייע הינדעלעך.

אסתר :

וואָס דיר קאָן איינפאַלן.

בערמאן :

זעצט זיך צוריק אַוועק גאַנץ נאָענט צו איר און נעמט זי אַרום.

געדענקסט נאָך... איצט זענען מיר דאָך, ווי דאָס ערשטע יאָר נאָך אונדזער חתונה. דו און איך... מירביידע אַליין אין אונדזער היים. עס איז אַ מחיה־שטיל און רויק. דו געדענקסט כאָטש, דו האָסט דאָך אַפילו נישט געקאָנט אָפּקאָכן אַביסל געקעכטס פאַר דיין מאַן. לאַכט דו פלעגסט זיך שעמען און רויטלען ווי אַ...

אסתר:

באַליידיקט. באַפרייט זיך אַ ביסעלע פון אים און פאַלט אַריין אין די רייד. **דאָס איז נישט אמת.**

בערמאַן:

לאַכט נאָך העכער. **ניין, זאָגסטו?...**

אסתר:

רוקט זיך אָפּ פון אים, בייז. **מאיר, עס וועט גענוג זיין, זאָג איך דיר. אַז דו וועסט נישט אויפהערן, וועל איך דיר אויסרייסן אַלע האָר פון קאָפּ. דו הערסט, אַלע האָר...** זי כאַפּט זיין קאָפּ אין ביידע הענט און שאָקלט אים.

בערמאַן:

שמייכלט מיט צופרידנקייט. **צופּ, רייס — ווער לאָזט דיך נישט?... כאַ, כאַ, כאַ... איצט קאָנסטו רייסן, וויפל דו ווילסט. קיינער איז אין הויז נישטאָ, אַז מען זאָל דיר שטערן... רייס. צופּ..**

אסתר:

איז שטיל אַ ווייל. זי דערנענטערט זיך צו אים און גלעט זיינע האָר מיט פרייד און טרערן. **איצט ביסטו אַזוי גרוי...**

בערמאַן:

**איך בין גרוי? זייער פיין, איך קאָן נישט לייקענען.** ער גיט אַ ציי אַרויס אַ זשמעניע האָר און קוקט צו זיי אַרויף. **זעסט, איך קאָן נישט לייקענען... און ווו זענען אַהינגעקומען דיינע פעך שוואַרצע צעפּ, וועלכע דו האָסט געטראָגן אַרויפגעדרייט ווי אַ קרוין?... האַאַ?...** ער מאַכט זיך גלייך זיינע האָר.

אסתר:

פאַרשעמט. **אין קופערט.**

בערמאַן:

**אין קופערט, הו־אאא?.. אַ פיינער פּלאַץ...** שמייכלט איר אין די אויגן אַריין. **אסתר המלכה האָט באַהאַלטן איר קרוין אין קופערט. און איך, מאיר דער סטאָלער בין דורך דער צייט גרוי געוואָרן....** זיפצט. **יאָאָאָ...**

אסתר:

**מיר האָבן זיך ביידע געעלטערט.**

בערמאַן:

ווי אַ פּרינצעסין האָסטו דאָך דעמאָלט אויסגעזען. איך פּלעג דאָך מיך שפּיגלען אין דער קרוין. ליגט זי איצט אין קופערט...

אסתּר:

טרויעריק. מאיר, דו ווייסט ווי לאַנג עס איז שוין, אַז דו האָסט גערעדט צו מיר אַזעלכע ווערטער?... איך האָב שוין פאַרגעסן די צייט.

בערמאַן:

ווי האָב איך דיר געקאָנט זאָגן אַזעלכעס, אַז דו ביסט אַלעמאָל געווען פאַרנומען מיט די קינדער? מיר האָבן דעמאָלט געהאַט אַזוי־פיל פרייד... אַזויפיל פאַרגעניגן... דו געדענקסט?..

אסתּר:

זיפצט מיט פרייד. צי איך געדענק?... און באַלד זענען געקומען די קינדער. איינס נאָכן צווייטן... מיט מאָמפּס און מאָזלען, יעדן ווינטער דאָס צוקילן זיך. ווען איינס האָט זיך אויסגעהיילט, איז דאָס צווייטע קראַנק געוואָרן. איך האָב גע'דאַרפט אויפשטיין עטלעכע מאָל אַ נאַכט, זען צי זיי זענען צוגעדעקט. דיך האָב איך נישט געוואָלט אויפוועקן, ווייל דו האָסט געדאַרפט אויפשטיין פרי צו דער אַרבעט... אַ שווער לעבן געווען... אַ שווער לעבן. איך באַדויער נישט.. מיר האָבן אויך געהאַט פרייד... אַ סך פרייד...

בערמאַן:

ווען מילדריט האָט אָנגעהויבן גיין אין „סקול" (שול), האָט זי אונדז געהאַלטן אין איין מושטירן, ווי אַזוי מיר זאָלן זיך אויפפירן: לאַכט. דו געדענקסט ווי זי פלעגט שרייען: פּאַפּאַ, דאָס איז נישט יוראָפּ (אייראָפּע). דו ביסט אין אַמעריקע...

אסתּר:

צי איך געדענק?... שמייכלט. איך האָב אַזוי מורא געהאַט פאַר איר. איך האָב מיך געהאַלטן אין איין היטן, אַז איך זאָל זי נישט פאַר־שעמען פאַר אירע חברטעס. און איצט?...

בערמאַן:

און איצט זענען אַלע אַוועק, ווי די פייגל אין האַרבסט. איין זון אין שיקאַגאָ, דער צווייטער אין טשאַטאַנוגאַ... מילדריט איז פאַרנומען מיט אירע קינדער און עוועלין איז דאַנקען גאָט אַוועקגעפאָרן אויף איר

האָנימון... דאַנקען גאָט, אַז מיר זענען ווידער אַליין, ווי אַמאָל... ווי מיר וואָלטן ערשט אָנגעהויבן פונדאָסניי...

אסתר:

זיפצט שטאַרק. אַוועק ווי די פייגל... אייגענע היימען, אייגענע נעסטן, אייגענע קינדער... אייגענע דאגות און אייגענע זאָרגן... אַזוי דרייט זיך גאָטס רעדעלע... עס איז שטיל.

בערמאַן:

מיטאַמאָל. זאָל זיך אונדז דאַכטן, אַז מיר האָבן זיך ערשט באַגעגנט. אַז מיר זענען צוריק יונג און מיר הייבן ערשט אָן...

אסתר:

נאָך אַלץ אין אַ טרויעריקער שטימונג. און פאַרגעסן אין די קינדער?... דאָס וואָלט איך נישט געוואָלט...

בערמאַן:

ווער זאָגט, אַז מיר זאָלן פאַרגעסן אין די קינדער? איך מיין, אַז מיר זאָלן אָנהייבן פונדאָסניי. די ערשטע צייט נאָך דער חתונה האָבן מיר דאָך פלאַנירט צו טאָן אַזויפיל זאַכן.... צוליב די קינדער האָבן מיר געהאַלטן אין איין אָפּלייגן אויף אַן אַנדערש מאָל. איצט קאָנען מיר ווידער אַלץ טאָן, ווי מיר האָבן געפּלאַנעוועט אין די יינגערע יאָרן.

אסתר:

קוקט אויף אים און זיפצט. ווי אין די יינגערע יאָרן, זאָגסטו? די צייט איז אַזוי גיך אַוועקגעפלויגן. ווישט די אויגן. אַזוי גיך... יאָ, מיר האָבן געהאַט אַזעלכע שיינע חלומות... דאַרפסט נישט פאַרגעסן, אַז איך בין שוין נישט יענע מיידל מיט די גרויסע צעפּ, און דיינע האָר זענען ווייס... ווייס... זי קאָן מער נישט רעדן, די טרערן שטיקן איר אין האַלדז.

בערמאַן:

זעט ווי זי איז פאַרטרויערט, רעדט ער מוטיקער. דו ביסט נישט אַלט. אַ חוץ דעם, זענען פאַראַן זאַכן, וועלכע מען קאָן נאָך איצט טאָן גיט זיך אַ שטעל אויף. דו ווייסט, אַז מיר האָבן נאָך קיין אמתע האָנימון נישט געהאַט?

אסתר:

און אַז איך ווייס — איז וואָס? איך מאָן דען ביי דיר?...

בערמאַן:

עס איז נאָך נישט צו שפּעט. קיינמאָל נישט צו שפּעט. איך האָב וועגן דעם אַ לאַנגע צייט געטראַכט. איך האָב נישט פאַרגעסן...ג'יט זיך אַ דריי אויס צו איר. וואָס זאָגסטו צו דעם, האא?...

אסתר:

קוקט אַרויף צו אים מיט געבעט. און געלט?...

בערמאַן:

זעצט זיך צוריק נעבן איר, נעמט אירע הענט אין זיינע, ער איז פאַרטראַכט אַ ווייל, באַלד און מיטאַמאָל. הער זיך איין: מיר האָבן קנאַפּע אַכט הונדערט דאָלער אין דער באַנק אויף מיין נאָמען. אַז איך זאָל איינקאַסירן מיין „אישורענס" (פאַרזיכערונג), קאָנען מיר האָבן נאָך פופצן הונדערט דאָלער. דאָס הויז איז דאָך אינגאַנצן אָן אויסגעצאָלטס, קאָן מען אויף דעם אויך אַנטלייען אַ ביסל געלט. אַזוי, אַז מען וויל, איז פאַראַן געלט אויך. ער קוקט אויף איר שאַרף און מיט פרייד. דו ווייסט ווהין איך האָב געטראַכט דיך נעמען אויף אונדזער האָנימון? וועסט נישט טרעפן... קיין יוראָפּ, איך מיין קיין פּאַריז. און אין איין וועגס, וועלן מיר שוין צופאָרן קיין ארץ ישראל. נו, וואָס זאָגסטו צו דעם?... לאַכט הויך. מיין קאָפּ איז נאָך נישט אויסגעדאַרט..

אסתר:

די צוויי הונדערט און פופציק דאָלער וואָס איך האָב אין באַנק אויף מיין נאָמען, קאָנען אויך צונוץ קומען. גלייבסטו אָבער, אַז ווען די קינדער וועלן זיך דערוויסן פון דיינע פּלענער און אַז מיר האָבן אַזויפל געלט אין דער באַנק, מיינסטו, אַז זיי וועלן אונדז אויף ווייטער שטיצן?

בערמאַן:

און פאַרוואָס נישט, וויל איך וויסן? מיר האָבן זיי גענוג געגעבן. זיי קאָנען זיך גאָרנישט באַקלאָגן אויף טאַטע־מאַמע!... גאָרנישט באַקלאָגן.

אסתר:

און טאָמער נישט? נאָך דעם האָנימון וואָס וועט זיין? דו, מיט דיינע געשוואָלענע פיס, קאָנסט מער נישט אַרבעטן. קאָנסט מער נישט קריכן אויף די רושטאָוואַניעס און האַלטן אַ האַמער אין האַנט. און שלעפּן דעם שווערן קאַסטן מיט געצייג קאָנסטו אויך נישט. און איך?... איך בין אויך נישט ווי געווען...

בערמאַן:

שטאַרק פאַרטראַכט. מיטאַמאָל גיט ער זיך ווידער אַ שטעל אויף אומרויק. אָבער אסתר, אסתרל טייערע, אונדזער לעבן איז אונדזערס. מיר דאַרפן איצט קיינעם נישט אָפּגעבן קיין חשבון. מיר האָבן צו לאַנג געוואַרט אויף דעם הייַנטיקן טאָג...

אסתר:

קאָן נישט כאַפּן דעם אָטעם, לייגט אַוועק איר קאָפּ אויף זייַן אַקסל. עס גלוסט זיך מיר ווי צו וויינען פון פרייד. מען דאַרף אָבער גוט אויסרעכענען, מאיר. מען דאַרף זיך נישט אייַנרייַסן מיט די קינדער...

בערמאַן:

נישטאָ וואָס צו רעכענען. איך האָב שוין אַלץ אויסגערעכנט גיט זיך אַ שטעל אויף. עס זאָל קאָסטן אַ קאָפּ פון אַ הערינג, וועלן מיר פאָרן קיין ארץ ישראל אויף אונדזער האַנימון. ער גיט זיך אַ צעזינג פון פרייד. ווירושלים עיר הקודש... מיר וועלן באַזוכן די מוטער רחלס קבר און די כותל מערבי, מירן גיין צו מאיר בעל נס קבר, אומעטום וועלן מיר גיין. איך געדענק נאָך פון חומש: אין ארץ ישראל איז פאַראַן אַ סך זאַכן צו זען... ער זעצט זיך נעבן איר און נעמט אירע הענט אין זייַנע. בלויז דו און איך...

עס איז שטיל אַ ווײַלע. ער קוקט אין דער ווייַטקייט פאַרטראַכט. זי האַלט איר קאָפּ אָנגעלענט אויף זייַן אַקסל און ווישט די אויגן. דער געקלאַנג פון דעם טיר־גלעקל רייַסט איבער די שטילקייט. ביידע הייבן זיך גלייַך אויף און גייען עפענען די טיר. עס גיט אַ קום אַרייַן זייער איידעם מעקס. ער איז אַ פעטלעכער מאַן מיט אַ פּראָסטן אויסזען. ער רייכערט אַ ציגאַר, בלאָזט דעם רויך און שמייכלט.

מעקס:

האַלאָ פאַ! האַלאָ מאַ! אַליין, האאא?... אומעטיק צו זיין אַליין. איך פאַרשטיי. פאַרשטיי...

אסתר:

איך האָב נישט דערוואַרט, אַז דו זאָלסט אַזוי גיך קומען נאָך די קיכעלעך. איך האָב נאָך אפילו דאָס טייג נישט פאַרמישט. זיי קומען אַרייַן נענטער אין צימער.

בערמאַן:

ווו איז מילדריט? זי האָט דאָך געזאָלט קומען.

מעקם:

איר ווייסט דאָך, צוליב די קינדער קאָנען מיר ביידע נישט אַוועק־גיין פון הויז. אַ רחמנות אויף מילין, כסדר צוגעבונדן צום הויז. אָבער וואָס קאָן מען טאָן. אַזוי איז שוין. זעצט זיך אַוועק ביים טיש.

בערמאַן:

לאַכט. צי איך ווייס? אוי, ווייס איך! דאַרפסט מיר נישט דערציילן. נו, אַז דו ביסט שוין דאָ, זיץ אַ ווײַלע. וועלן מיר שמועסן אַ ביסל.

אסתּר:

וועסט דאָ לאַנג זיין? וועל איך אַריינגיין פּאַרמישן די קיכעלעך.

מעקם:

ציט אויס די פיס נעבן טיש. מאַכט זיך באַקוועם און רעדט מיט מונטערקייט. אייגנטלעך בין איך נישט געקומען נאָך די קיכעלעך. איך בין געקומען רעדן מיט אייך וועגן אַן אַנדער זאַך. מילדריט האָט געזאָגט, אַז איך וועל בעסער קאָנען רעדן. זי האָט מורא געהאַט, אַז אויב זי וועט דאַרפן רעדן וועגן דעם וועט זי זיך צעוויינען.

אסתּר:

שטייט נעבן טיש דערשראָקן. אויף מיינע שונאים! עס איז עפּעס חס ושלום געשען? ווײַ איז מיר... בערמאַן זעצט זיך אַנטקעגן דעם אײדעם. זי שטייט מיט פאַרבראָכענע הענט.

מעקם:

איר קענט דאָך אייער טאָכטער. נאָר זי זאָרגט זיך וועגן טאַטע־מאַמע. איצט, אַז עוועלין איז אַוועקגעפאָרן אויף איר האָנימון, עס איז נישטאָ ווער עס זאָל אויפּפּאַסן אויף אירע עלטערן. זיצט זי און וויינט. זי האָט שוין באַלד מיך אויך געמאַכט צום וויינען. כאַ, כאַ, כאַ...

בערמאַן:

קוקט פאַרשענדיק אויפן אײדעם. וואָס דאַרף מען דאָס אויפּפּאַסן אויף אונדז?...

מעקם:

וואָס פרעגט איר מיך? זי איז דאָך אייער טאָכטער. זי האָט מיך נישט געלאָזט אייגזיצן אין הויז. גיי אַריבער און רעד מיטן טאַטן — האָט זי מיך געטריבן.

בערמאַן:

וואָס איז דאָס אַזוי געווען די ספּעשקע, וואָס זי האָט דיך געדאַרפט טרייבן אַז דו זאָלסט רעדן מיט מיר?

מעקס:

איר פאַרשטייט, נאָך לעצטע וואָך, איידער עוועלין האָט זיך גע־קליבן אַוועקצופאָרן אויף איר האַנימון, האָבן מיר אַלע גערעדט וועגן אייך. זי האָט אפילו נישט געוואָלט פאָרן, ביז איך וועל איר נישט צוזאָגן, אַז איך וועל אַלץ באַזאָרגן. אַזוי, אַז ווען זי וועט צוריקקומען וועט שוין אַלץ זיין דערליידיקט.

אסתר:

וואָס האָט זי דיך געדאַרפט מטריח זיין? זי האָט דאָך געקאָנט בעטן דעם טאַטן אירן, אַז ער זאָל אַלץ פאַרזאָרגן פאַר איר.

מעקס:

בלאָזט דעם רויך פון דעם ציגאַר און שמייכלט. איר פאַרשטייט מיך נישט. עס האַנדלט זיך וועגן אייך.

אסתר:

נייגעריק. וועגן אונדז?...

מעקס:

די מעשה איז אַזוי: אייערע זין זענען דאָ נישטאָ. איינער איז אין שיקאַגאָ און דער צווייטער איז ערגעץ אין דער סאַוט. נו, אַז די זין זענען נישטאָ און מילדריט האַלט אין איין וויינען און עוועלין האָט מיך געבעטן — מוז דער איידעם טראָגן דעם עול... איר דאַרפט זיך גאָרנישט זאָרגן. איך האָב שוין אַלץ דערליידיקט.

בערמאַן:

פאַלט אַריין אין די רייד מיט אומגעדולד. לאָמיר שוין הערן וואָס דו האָסט אַזוינס אויפגעטאָן פאַר אונדז?

אסתר:

אַבי איך האָב זיך אומזיסט געשראָקן. איך האָב געמיינט, אַז עס איז עפּעס פאַרגעקומען מיט די קינדער. דאַנקען גאָט, אַז עס איז נישט די קינדער...

מעקס:

מעשה סוחר און אין אַ גוטער שטימונג ווענדט ער זיך דירעקט

צו דער מוטער. איר פאַרשטייט, מיר האָבן די זאַך זייער ברייט אַרומגערעדט און אַלע זענען געווען איינשטימיק: כדי מילדריט זאָל נישט דאַרפן כסדר זאָרגן וועגן אייך, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז איר זאָלט זיך אַריינקלייבן צו אונדז. מען וועט אויפשטעלן פאַר אייך אַן אויפלייגבעט אין דעם קינדער־צימער. איר וועט קאָנען וואַשן, רוימען, קאָכן און נייען ווי ביי זיך אין דער היים. איר וועט זיין די גאַנצע באַלעבאָסטע. מילי וועט מיר אַרויסהעלפן אין סטאָר (קראָם). אַז מיר וועלן ערגעץ גיין, וועלן מיר נישט דאַרפן זיין פאַרזאָרגט וועגן די קינדער און אויך נישט אַרויסוואַרפן אומזיסט קיין געלט, פאַר אַ „ביי־ביי־סיטער״ (אויפפאַסער אויף די קינדער), אָדער דאַרפן אייך אַהיימפירן אין אַ רעגן צי אין אַ פראָסט. איר ווייסט דאָך, די קינדער האָבן אייך אַזוי ליב... זיי וועלן זיך פילן אַזוי גליקלעך... ווען מילדריט האָט דערמאָנט, אַז די באָבע גייט וווינען מיט אונדז, האָבן זיי געטאַנצט פון פרייד...

בערמאַן:

אַהאַאַאַ!... צוליב דעם האָט דאָס מילדריט געוויינט. און מיך, דעם טאַטן ווו וועט איר אַהינטאַן? איך לעב דאָך נאָך אויך...

מעקס:

שמייכלט, בלאָזט דעם רויך פון ציגאַר, שטופט אַרויס דעם בויך זיצנדיק און רעדט פאַמעלעך. מיר האָבן אייך נישט פאַרגעסן פאַ... אָט קום איך צו דעם. דאָס איז אויך געווען אַ גוטער געדאַנק: איר פאַרשטייט, עוועלין און פיליפ האָבן זיך געקויפט נייע מעבל. האָט מען באַלד אויסגערעכנט, אַז זיי זאָלן קויפן אַ קאַנאַפּע, וואָס מען קאָן פאַרוואַנדלען אין אַ בעט. זיי האָבן דאָך בלויז דריי צימערן. וועט איר שלאָפן אויף דער קאַנאַפּע אין דעם גרויסן צימער ווו עס וועט שטיין דער טעלעוויזאָר. איר פאַרשטייט?..

בערמאַן:

האַלט איין זיין כעס. אַהאַאַאַ... איצט פאַרשטיי איך. וועגן דעם ביסטו דאָס אַהערגעקומען איצט. אהאאאא... איך וועל זיין ביי עוועלין און די מאַמע וועט זיין ביי דיר. זייער קלוג. הלמאי זאָל איך זאָגן, אַז די אַמעריקאַנער קינדער ווייסן נישט פון כיבוד אָב... דאָס האָבן דאָס מיינע טעכטער אַזוי קלוג אויסגערעכנט?

מעקס:

כאַפּט זיך נישט, אַז דער אַלטער איז סאַרקאַסטיש. איר דאַרפט

זיי נישט געבן דעם גאַנצן קרעדיט. אייער איידעם ווייזט מיטן פינ־
גער אויף זיין קאָפּ. האָט אויך עפּעס צו זאָגן...

בערמאַן:

זייער קלוג, הלמאי זאָל איך זאָגן אַז נישט... הא, הא, הא... נו,
וואָס נאָך?..

מעקם:

שמייכלט. כאָפּט זשע נישט. איך וועל אייך אַלץ זאָגן. נאָר גע־
דולד. איר פאַרשטייט, פּאַ: פאַר דעם הויז קאָנט איר קריגן אַרום אַכט
טויזנט דאָלער. אַז איר וועט וווינען מיט אונדז דאַרפט איר דאָך נישט
דאָס הויז. דאָס געלט פון דעם הויז וועט איר קאָנען אינוועסטירן אין
מיינע ביזנעס. אָ, איך וועל אייך צאָלן פּראָצענט... פון דעם פּראָצענט
וועט איר קאָנען האָבן אויף ציגאַרעטן, אויף מתנות פאַר די אייניקלעך
און נאָך אַנדערע קלייניקייטן און דער קרן וועט בלייבן קרן. עס וועט
נישט געמינערט ווערן קיין סענט... ער רוט זיך אָפּ אַ ביסעל'ע און
רעדט ווייטער, מעשה סוחר. איך האָב שוין גערעדט מיט אַ בראָקער.
ער איז מיינער אַ גוטער פריינד. ער וועט זען צו קריגן אפשר אַכט
און אַ האַלב טויזנט דאָלער. איר פאַרשטייט? איר וועט נישט דאַרפן
צאָלן קיין טעקסעס, וואַסער, אינשורענס און די אַנדערע הוצאות וואָס
אַ הויז פאָדערט. אייער געלט וועט זיין אין זיכערע הענט און איר וועט
נאָך קריגן פּראָצענט. איך זאָג אייך, איר וועט נאָך אָפּשפּאָרן אַ שיינע
פאַר דאָלער. לאַכט צופרידן.

אסתר:

ווישט די אויגן. איך וועל וווינען ביי דיר און דער פּאַפּאַ וועט
שלאָפן אויף דער קאַנאַפּע ביי עוועלין...

מעקם:

איר ווייסט דאָך, די דירה איז אינגאַנצן צוויי בלאָק פון אונדז.
דאָס איז דאָך כמעט ווי אין דעם זעלבן הויז. יוי עוועלין האָט דער־
ציילט, שלאָפט איר דאָך איצט אויך אין באַזונדערע בעטן און אין
באַזונדערע צימערן. אַזוי, אַז עס איז די זעלבע זאַך. מיר האָבן געקויפט
אַ נייע טעלעוויזיע מיט אַ פיר און צוואַנציק אינטשעדיקע גלאָז, אַקוראַט
די זעלבע וואָס עוועלין האָט זיך געקויפט. אַזוי, אַז איר וועט אפילו
קאָנען זען די זעלבע פּראָגראַמען אין איין און אין דער זעלבער צייט.
עס איז שטיל אַ ווייל.

בערמאַן:

גיט זיך אַ שטעל אויף. אַזוי, איר האָט אַלץ אויסגערעכנט, אָבער

אַן דעם באַלעבאָס! דעם טאַטן, דער מאַמען האָט מען גאָרנישט גע־דאַרפט פרעגן?... דאַכט זיך, אַז מיר האָבן אויך עפּעס צו זאָגן. דו ווייסט דאָך, דאָס הויז איז אונדזערס...

מעקס:

אוודאי איז דאָס אייער הויז, קיינער נעמט נישט צו פון אייך דאָס הויז, דעריבער רעד איך מיט אייך. צוװאָס זאָלט איר אָבער האַלטן אַזויפיל געלט אין אַ באַנק? וואָס צאָלן זיי דאָרטן, צוויי און אַ האַלב פּראָצענט? איך וועל אייך צאָלן פיר פּראָצענט און איר וועט וויסן, אַז אייער געלט איז אין זיכערע הענט און מילדריט וועט נישט דאַרפן זאָרגן וועגן אייך...

בערמאַן:

קוקט בייז אויפן איידעם, האַלט איין זיין כעס. האָסט נאָך עפּעס צו זאָגן, מעקס?...

מעקס:

דאָס איז כמעט אַלץ. וועגן די אַנדערע קלייניקייטן קאָן מען שפּעטער רעדן. צו דער מוטער. איר קאָנט אפילו היינט זיך אַריינקלייבן צו אונדז. איר זייט אַלעמאָל ווילקאָמען. איר ווייסט ווי די קינדער האָבן אייך ליב.

בערמאַן:

גיט אַ געשריי. איך וועל דאָס הויז נישט פאַרקויפן! דאָס איז מיינס! דעמאָנסטרירט זיינע ציטערדיקע הענט. מיט מיינע צען פינגער האָב איך דאָס אויפגעבויט. מיט מיינע צען פינגער האָב איך באַצאָלט ביז דעם לעצטן סענט! דו הערסט?! ביזן לעצטן סענט! גייט אָפּ אין כעס. דערווייל לעב איך נאָך, איך בין דער בעל הבית פון דעם הויז, נעם דיר דאָס גוט אַריין אין קאָפּ!

אסתּר:

דערנענטערט זיך צו איר מאַן מיט געבעט. וואָס דאַרפסטו שרייען?... די שכנים וועלן נאָך מיינען, אַז מיר קריגן זיך.

מעקס:

גיט זיך אַ שטעל אויף. נו טאַקע, מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז איך וויל אייך שלעכטס טאָן צו דער מוטער. וואָס איז דער מער מיט אים? איך האָב אים נאָך קיינמאָל נישט געזען אין אַזאַ צושטאַנד! איך ברעך

מיר דעם קאָפּ און גיי אפילו מאַכן אומבאַקוועם מיינע אייגענע קינ־
דער צוליב אייך — און ער שרייט נאָך!...

בערמאַן:

שרייט נאָך העכער. איך וועל נישט פאַרקויפן דאָס הויז! דו
הערסט?! איך און די מאַמע וועלן דאָ בלייבן ביז...

מעקס:

צו דער מוטער וואָס שטייט אין אַ פאַרלעגנהייט. וואָס איז דער
מער מיטן פּאַ, איז ער אָלרייט? מיר דאַכט זיך אַז ער איז... דורך אַ
ווונק ווייזט ער מיטן פינגער אויפן קאָפּ.

בערמאַן:

נו, זאָג שוין: דער פּאַ איז משוגע! פון מיינע פאַרהאָרעוועטע
הענט האָב איך דיר אָוועקגעגעבן דריי טויזנט דאָלער, אַז דו זאָלסט
זיך קויפן אַ ביזנעס. איך האָב דיר אויסמעבלירט אַ הויז פון שענסטן
און בעסטן, און דאָס וואָס די אַלטע מאַמע האָלט אין איין אַהינברענגען
צו דיר אין הויז אַריין, און דאָס וואָס מילדריט האַלט אין איין שלעפּן
פון דאַנען...

אסתר:

זיי זענען דאָך דיינע קינדער! וועמען גיב איך דען, אויב נישט
מיינע קינדער?

בערמאַן:

האָב איך דען עפּעס אַמאָל געזאָגט?... גיב געזונטערהייט. זאָל נאָר
זיין וואָס צו געבן. זעסט, מעקס, איך קאָן אויסרעכענען אַ סך נאַרישקייטן
וואָס איך בין באַגאַנגען אין מיין לעבן. אָבער פאַרקויפן דאָס הויז
צעשיידן טאַטע־מאַמע נאָך ביים לעבן, דאָס וועסטו ביי מיר נישט
פּועלן...

אסתר:

בעט זיך ביי איר מאַן. אָבער צוּוואָס דאַרפסטו זיך קאָכן? צו
מעקסן. דו ווייסט דאָך, דער פּאַ איז היינט נישט גוט אויפגעלייגט,
וואָס עוועלין איז אַוועקגעפאָרן. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי
איז אַוועק פון דער היים. גיי איצט אַהיים צו דיין ווייב און קינדער.
דער פּאַפּאַ וועט זיך באַרויקן, וועלן מיר דעמאָלט רעדן.

מעקס:

אָלרייט! איך האָב פיינט אַז מען שרייט אויף מיר. אויף מיר

שרייט מען נישט! איך וויל אים טאָן אַ טובה און ער שרייט גאָר. הער, מאַ, אפשר וואָלסטו איצט געגאַנגען מיט מיר? איך האָב דיך מורא איבערצולאָזן מיט אים אליין אין הויז.

אסתר:

שטופּט אים צו דער טיר. זאָרג נישט וועגן מיר. איך בין אַלרייט. גיי, גיי אַהיים צו דיינע קינדער.

מעקס:

אָ קיי, אַז דו זאָגסט אַזוי, זאָל זיין אַזוי. איך וועל אָבער שפּעטער קומען נאָך דיר. מיר זענען איינגעלאַדן צו אַ פּאָקער גיים און מיר קאָנען נישט קריגן קיין בייבי־סיטער.

אסתר:

עפנט די טיר פאַר אים. גיי, גיי איצט אַהיים, מיין קינד...

מעקס:

שוין ביי דער טיר. אפשר וואָלסטו געגאַנגען מיט מיר שוין איצט. איך זאָל נישט דאַרפן קומען נאָכאַמאָל און שפּעטער ווידער אָפּפירן דיך אַהיים?

אסתר שטופּט אים אַרויס און פאַרמאַכט די טיר. זי שטייט אַ ווײַלע. ער שטייט אין אַ זייט און רייכערט די ליולקע. עס איז שטיל אין צימער. זי גייט צו דער קאַנאַפּע, זעצט זיך אַוועק און הייבט אָן וויינען.

אסתר:

מיר האָבן געהאַט אַזעלכע זיסע חלומות... קאָן מער נישט רעדן, וויינט שטאַרקער.

בערמאַן:

אָבי איך האָב געמיינט, אַז ווען זיין וועלן חתונה האָבן, וועלן מיר קאָנען אָפּכאַפּן דעם אָטעם. מיטאַמאָל. איך וועל נישט שלאָפן ביי עוועלין אויף קיין קאַנאַפּעס, דו הערסט?!

אסתר:

האָסט נישט געדאַרפט זיך איינרייסן מיט אים. מען דאַרף זיך נישט איינרייסן מיט די קינדער. פון כעס וועלן זיי אויפהערן שיקן די טשעקס האָלער, וואָס זיי שיקן יעדע וואָך.

בערמאַן:

איך וויל נישט זיין געלט! ער גיט מיר נישט זיין געלט! מיינע

פיס זענען מיר נישט געשוואָלן געוואָרן פון פאַרגעניגן! מיינע הענט ציטערן נישט פון פרייד! איך האָב שווער געהאָרעוועט און געפּראַצע־וועט! אַלץ פאַר די קינדער! קינדער... וואָס האָב איך איצט?..

אסתר:

וויינט ווידער.ביים לעבן נאָך ווילן זיי אונדז צעשיידן... מילדריט וועט שרייען אויף מיר, אַז איך בין אַלטמאָדיש, אַז איך צעפּיעשטשע די קינדער... מיר האָבן געזאָלט פאָרן צו דער מוטער רחלס קבר אויף אַ האָנימון...

בערמאַן:

וואָס האָסטו זיך צעוויינט, וואָס?... וויניק אָנגעזאַלצן איז מיר אויפן האַרצן, דאַרפסטו נאָך זיצן און באַוויינען מיך?!

אסתר:

וואָס וואָלסטו געוואָלט, זאָל איך טאָן? זאָל איך טאַנצן פון אַזעלכע פאַרגעניגנס?... דו ביסט קראַנק, דו קאָנסט מער נישט אַר־בעטן. און איך, וואָס קאָן איך טאָן?...

בערמאַן:

דער הימל ליגט נאָך נישט אויף דער ערד און מיר ליגן נאָך נישט אין גאַס! זעצט זיך נעבן איר און גלעט איר די האַנט. מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל. גיי מאַך וועטשערע. איך וועל שוין עפּעס צוטראַכטן.

אסתר:

שטעלט זיך אויף. אַז איך קאָן קאָכן, וואַשן און רוימען ביי מילדריטן, וועל איך קאָנען קריגן אַ דזשאַב ביי עמעצן אַנדערש אויך..

בערמאַן:

אַזוי שטאַרק ווי דו, בין איך אויך! שטעלט זיך אויף, זיפצט. נישט געזאָרגט, גאָט איז אַ פאָטער. נעמט איר אַרום מיר האָבן אָנגעהויבן צוזאַמען — מיר וועלן פאַרענדיקן צוזאַמען...

אסתר:

ווישט אויס די אויגן. איך וועל גיין מאַכן וועטשערע.

עס קלינגט דאָס גלעקל פון דער טיר. בערמאַן גיט זיך אַ זעץ אַוועק ביים טיש, ווי ער וואָלט געוווען רויק. אסתר גייט עפענען די טיר. זי קומט באַלד צוריק מיט אַסטעל בייקער, אַ מיידל פון אַ יאָר דרייסיק. גאַנץ שיין אָנגעטאָן. נאָך ביי דער טיר זאָגט זי:

אסטעל:

האַלאָ, מיסעס בערמאַן. זי קומט אַריין נענטער אין צימער. האַלאָ מיסטער בערמאַן. איך בין אַריינגעקומען זען וואָס איר טוט אין דעם ערשטן טאָג, וואָס עוועלין איז נישט אין דער היים. זי קוקט אויף ביידן פאַרשעמדיק. איר זעט ביידע אויס אַזוי טרויעריק!...

אסתר:

מיט אַ געמאַכטן שמייכל. וואָס דיר קאָן איינפאַלן. ווער איז טרויעריק? זיץ. זעצט זיך אַוועק נעבן טיש. אדרבא, מיר זענען צו־פרידן וואָס עוועלין האָט געקראָגן אַזאַ פיינעם מאַן.

אסטעל:

זעצט זיך אויך נעבן טיש. וואָס זשע דען זענט איר ביידע אַזוי פאַרטרויערט און דערשלאָגן?

בערמאן:

מיין איידעם האָט אַריינגעגעבן דאָס הויז צו פאַרקויפן.

אסטעל:

וואָס הייסט, ווו וועט איר וווינען?...

אסתר:

עס הייסט, איך דאַרף גיין וווינען מיט מילדריטן און מיסטער בערמאַן וועט וווינען מיט עוועלין אין איר נייער דירה.

אסטעל:

איך פאַרשטיי נישט. דאָס הויז איז נישט אייערס?

בערמאן:

ווער זאָגט, אַז דאָס איז נישט אונדזערס? הערסט אַ מעשה. דאָס הויז איז אינגאַנצן אַן אויסגעצאָלטס. איך בין נישט שולדיק קיין פעני אויף דעם.

אסטעל:

איז פאַרוואָס דאַרפט איר זיין פאַרזאָרגט?

אסתר:

איך האָב מורא, אַז אויב מיר וועלן נישט צושטימען צו מיין איידעם, וועלן די קינדער אונדז אויפהערן שטיצן. איצט, אַז עוועלין האָט אויך חתונה געהאַט, זי וועט מער נישט צאָלן אין הויז, ווייסן מיר נישט, וואָס מיר וועלן טאָן, פון וואַנען מיר ועלן לעבן...

אסטעל:

איצט פאַרשטיי איך... דאָס איז זייער טרויעריק... פאַרוואָס זאָלן זיי טאָן אַזאַ זאַך?..

אסתר:

מיט אַ זיפץ. אַזוי זענען היינטיקע קינדער... אָ, איך האָב מיך נישט צו פאַרקלאָגן אויף מיינע קינדער. זיי זענען זייער גוטע און איבערגעגעבענע קינדער. אָבער...

בערמאַן:

אָבער, איך ווייס נישט צוליב וואָס אַ מענטש דאַרף זיך זאָרגן וועגן די קינדער?!

אסטעל:

קוקט אויףביידן מיט באַדויערן. עס איז שטיל אַ ווייל. איצט פאַרשטיי איך שוין אַלץ. איר ווילט נישט, אַז מען זאָל אייך צעשיידן, איר ווילט זיין צוזאַמען, נאָר איר האָט נישט פון וואַנען צו מאַכן אַ לעבן.

אסתר:

מיר זענען געזעסן און געמאַכט פּלענער וועגן אַ האָנימון. אַזעלכע שיינע פּלענער. איך בין געווען אַזוי גליקלעך, אינמיטן דערינען איז אַריינגעקומען מיין איידעם און אַלץ צעשטערט. הייבט אָן וויינען. צעשטערט ווי אַ שטיבעלע פון זאַמד...

אסטעל:

וואָס איז וועגן אייער „אָלד איידזש פּענשאָן" (עלטער־פאַרזיכערונג פון דער רעגירונג).

בערמאַן:

וואָס פאַר אַ פּענשן? ווער וועט מיר געבן פּענשן?

אסטעל:

גיט זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ פון פרייד. אוי גאָט!... פאַרוואָס האָט איר מיר נישט געזאָגט וועגן די אַלע זאַכן? ווען איך וויס...

אסתר:

וואָס וואָלט געווען ווען דו וואָלסט געוווּסט? דו קאָנסט דען עפּעס העלפן?

אסטעל:

איר ווייסט דאָך, אַז איך אַרבעט אין דער „אינטערנאַל רעווענ־

דעפּאַרטמענט.״ (אַ רעגירונגס־אינסטיטוציע וואָס האָט צו טאָן מיט אינערלעכע פינאַנצן).

אסתּר:

נו, וואָס וואָלט געווען?

אסטעל:

מיסעס בערמאַן, מיין דעפּאַרטמענט האָט צו טאָן מיט פּענסיע פאַר עלטערע מענטשן.

בערמאַן:

איך וויל נישט קיין צדקה! שיין דערלעבט, מאיר בערמאַן זאָל אַרומגיין בעטן נדבות...

אסטעל:

צו אסתּרן. ווי אַלט איז מיסטער בערמאַן און ווי אַלט זענט איר?... אָ, איר מעגט מיר זאָגן. איך וועל קיינעם נישט אויסזאָגן. ס׳וועט זיין אַ סוד.

אסתּר:

מיסטער בערמאַן איז חנוכה געוואָרן פינף און זעכציק, ביז הונ־דערט און צוואנציק יאָר, איך בין אַ ביסל יינגער. קעגן וואָס פרעגסטו דאָס?

אסטעל:

דערפרייט. דאָס איז עס דאָך: לויטן געזעץ איז מיסטער בערמאַן באַרעכטיקט צו אַ פּענסיע. איר אפשר אויך. מען דאַרף זען די פּאַפּירן.

בערמאַן:

גיט זיך אַ שטעל אויף. איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך וועל נישט נעמען קיין נדבות! וועסט אפשר באַלד זאָגן, אַז איך זאָל אָנהייבן גיין איבער די הייזער?... שיין דערלעבט...

אסתּר:

איידער דו ווייסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, ווערסטו שוין אויפ־געקאָכט. לאָמיר הערן וואָס אַסטעל האָט צו זאָגן. אַז עס וועט דיר נישט געפעלן, וועט זיין נישט. דערווייל...

אסטעל:

איר מאַכט אַ טעות, מיסטער בערמאַן. זעצט זיך אַוועק, וועל

איך אייך דערקלערן ער זעצט זיך אַן אַנגעברוגזטער. דאָס איז נישט קיין צדקה. לויט דעם געזעץ, איז יעדער איינער וואָס האָט געאַרבעט ביי יענעם פון דעם יאָר 1939 און ער ווערט פינף און זעכציק יאָר אַלט, באַרעכטיקט צו קריגן אַ פּענסיע. דאָס איז אַ געזעץ פון קאָנ־גרעס. אפילו רייכע לייט קריגן דאָס. איר זאָלט אפילו וווינען אין סאוט אַמעריקע (דרום), צי ערגעץ אַנדערש, וועט אייך דער טרעזשור דע־פּאַרטמענט (פינאַנץ־דעפּאַרטמענט) צושיקן אייער געהאַלט.

בערמאַן:

מער פּאַראינטערעסירט. איך האָב דאָך אָבער שוין אַזוי לאַנג נישט געאַרבעט? אפשר מער פון אַכט יאָר.

אסטעל:

דאָס מאַכט נישט אויס. איר זענט געווען אַ „קארפּענטער״ (סטאָלער) ווען איר האָט געאַרבעט, האָט איר געהאַט אַן אַרבעטסלאָז נומער אויף אַ קליין קאַרטעלע... מיך וווּנדערט וואָס עוועלין האָט דאָס אייך נישט געזאָגט... זאָגט מיר, איר האָט אַזאַ קאַרטעלע?

בערמאַן:

מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב דאָס צווישן מיינע בירגער־פּאַפּירן.

אסטעל:

איר ווייסט, אַז איר קאָנט אַמאָל קריגן, אפשר אַכציק דאָלער אַ חודש. און אפשר מער אויך. און איר, מיסעס בערמאַן, קאָנט אויך קריגן...

אסתר:

אויפגעלעבט. און דאָס איז נישט „טשאַרעטי״ (צדקה) זאָגסטו?

בערמאַן:

איך האָב עפּעס געוווּסט וועגן דעם, אָבער איך האָב געמיינט אַז דאָס איז „טשאַרעטי״. הערסט אַ מעשה. זאָג זשע מיר אַסטעל, אויב אַלץ איז אמת וואָס דו זאָגסט, וועט מען קיין ארץ ישראל אויך שיקן דאָס געלט? דו ווייסט, איך בין אַ בירגער פון 1910.

אסטעל:

דאָס מאַכט נישט אויס. יאָ בירגער אָדער נישט בירגער. ערשט פאַריקע וואָך איז ביי מיר אין אָפיס געווען אַן איטאַליענער מיט זיין פרוי. זיי קלייבן זיך אויסצולעבן זייערע יאָרן אין איטאַליע. אָנקל סעם וועט זיי צושיקן זייערע טשעקס אפילו קיין איטאַליע.

אסתר:

מיט פרייד. דו הערסט, מאיר? גאָט פאַרלאָזט נישט... צו אַסטעלן. וועסט אפשר עסן מיט אונדז „סאַפּער" (וועטשערע). איך האָב זיך ערשט געגרייט צו מאַכן סאַפּער.

אסטעל:

שטעלט זיך אויף, קוקט אויף דעם האַנט־זייגערל. איך וואָלט זייער געוואָלט, נאָר איך דאַרף שוין גיין. צו בערמאַנען. קומט מאָרגן ניין אַזייגער אין דערפרי צו מיר אין „אָפיס". בעת מעשה שרייבט זי עפּעס אויף אַ שטיקעלע פּאַפּיר. דאָ איז דער אַדרעס. זאָרגט זיך גאָר־נישט. עס וועט אייך נישט קאָסטן קיין איין סענט. איך וועל אַלץ דערלידיקן. נעמט מיט אייער סאָציאַל פאַרזיכערונגס־קאַרטעלע. מער דאַרפט איר גאָרנישט. איר וועט דאַרפן אונטערשרייבן געוויסע פּאַ־פּירן. עס וועט נעמען עטלעכע וואָכן און איר וועט זיין באַזאָרגט אויף אייער גאַנץ לעבן. איר וועט מעגן וווינען ווו איר ווילט, נישט דאַרפן זאָרגן וועגן חיונה און נישט זיין אָנגעוואָרפן אויף אייערע קינדער. קוקט נאָכאַמאָל אויף דעם האַנט־זייגערל. גיט אַ שנעלן קוש דער אַלטער. גוד באַי, מיסטער בערמאַן. מאָרגן אינדערפרי. אָפּ.

אסתר:

נו, וואָס זאָגסטו צו דעם, מאיר? גרויסער גאָט, ס'זאָל נאָר אַלץ זיין אמת וואָס זי האָט געזאָגט. שטעלט זיך אויף. ווישט די אויגן. אַ שטיקל ברויט מיט וואַסער, אַבי נישט זיין צעשיידט.

בערמאַן:

גייט איבערן צימער פאַרטראַכט. איך האָב געוווסט וועגן דעם, איך האָב געהערט אויפן ראַדיאָ און אויך געלייענט אין דער צייטונג. איך האָב אַזוי לאַנג נישט געאַרבעט — האָב איך געטראַכט, אַז איך בין נישט באַרעכטיקט. איך בין אויף אַן אמת אַן אַלטער נאַר... מיט־אַמאָל גיט ער זיך אַ דריי אויס צו זיין ווייב. ווייסט וואָס עס איז מיר איינגעפאַלן?

אסתר:

דערנענטערט זיך צו אים מיט פרייד. וואָס?

בערמאַן:

אַז אָנקל סעם שיקט טאַקע די פּענסיע אין יעדן לאַנד, איז פאַר־וואָס זאָלן מיר נישט קאָנען טאַקע פאַרקויפן דאָס הויז, צוזאַמענגע־מען די פּאָר דאָלער און פאָרן קיין ארץ ישראל? נישט בלויז אויף אַ

האַנימון, נאָר אויף שטענדיק. צעשרייט זיך מיט פרייד. מיינע האָפע־נונגען זענען מקוים געוואָרן... לשנה הבאה בירושלים... לשנה הבאה בירושלים!...

אסתר:

וואָס קאָנען מיר טאָן אין ארץ ישראל?

בערמאַן:

מען וועט שוין טאָן, מען וועט שוין טאָן. איך קאָן פיטערן שאָף, זיין אַ שומר אין אַ קיבוץ. און דו, וואָס דאַרפסטו דען טאָן? וועסט מיר ברענגען אָנבייסן אין פעלד אַריין.

אסתר:

און איבערלאָזן די קינדער אַליין?...

בערמאַן:

לאַכט. זיי זענען נישט אַליין. ער דערנענטערט זיך צו איר מיר פאַרלאָזן דען די קינדער? זיי האָבן דאָך אונדז פאַרלאָזן, זיי האָבן איצט זייער אייגן לעבן, אייגענע זאָרגן פון אייגענע קינדער. אַזוי דרייט זיך דאָס רעדעלע און מיר וועלן אָנהייבן פונדאָסניי. דאָס וועט זיין אונדזער צווייטע יוגנט. פונקט ווי איך האָב געהאָפט. וויפל איז דער שיעור צו זיין צוגעבונדן צו קינדער? גיט איר אַ כאַפּ און הייבט אָן זינגען אַ פריילעך לידל צום טאַנצן. אין מיטן דערינען גיט ער אַ געשריי. אסתר המלכה וועט פאָרן קיין ארץ ישראל. אסתר המלכה...

אסתר:

בלייבט שטיין. ווישט דאָס פנים פון פרייד. משוגענער, הער שוין אויף. האָסט מיר איצט פאַרדרייט דעם קאָפּ, פונקט ווי דעמאָלט, איידער מיר האָבן חתונה געהאַט. טאַקע די צווייטע יוגנט... לאַכט און ווישט דאָס פנים.

בערמאַן:

ציט איר ווידער צום טאַנצן. יאָ, די צווייטע יוגנט.

אסתר:

פון גרויס פרייד האָב איך פאַרגעסן אז איך דאַרף נאָך אָנבאַקן די קיכעלעך פאַר די קינדער. מעקס וועט דאָ באַלד זיין נאָך מיר...

בערמאַן:

וועט איין מאָל זיין אָן קיכעלעך. מירן זיי שיקן מאַנדל־ברויטלעך

און **האַניק־טייגלעך פון ארץ־ישראל. אין חומש שטייט: ארץ זבת חלב ודבש...** ער זינגט און ציט איר צום טאַנצן.

אסתר:

**דער קאָפּ דרייט זיך מיר אַ ביסעלע.** ער פירט איר צו דער קאַנאַפּע. זי זעצט זיך און האַלט זיך ביים קאָפּ.

בערמאַן:

דערשראָקן. **זאָל איך דיר ברענגען אַ גלאָז וואַסער?**

אסתר:

**ניין, מען דאַרף נישט, עס וועט באַלד איבערגיין.** ער זעצט זיך נעבן איר. נעמט אירע הענט אין זיינע און קוקט איר אין פנים אַריין. עס איז שטיל אַ וויַיל. זי רעדט טרויעריק. **אסתר המלכה מיט די פעך שוואַרצע צעפּ, ווי אַ קרוין... אַ פּרינצעסין און קאָן מער נישט טאַנצן...** זיפצט און רעדט פאַמעלעך, פאַרחלומט. **האַנימון... צווייטע יוגנט... גרויע האָר... ציטערדיקע הענט...** זי שפּאַרט אָן איר קאָפּ אויף זיין ברוסט. **נישטאָ קיין צווייטע יוגנט... בלויז איין יוגנט... אָן ערשטע איז פאַראַן...** זי גיט אַ שווערן זיפץ.

זי ליגט אָנגעשפּאַרט מיט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט. **ער האַלט איר** אַרומגענומען. עס ווערט ביסלעכוויַיז פינצטער און די פאָרהאַנג לאָזט זיך פּאַמעלעך אַראָפּ.

**אַפּריל, 1956, לאָס אַנזשעלעס, קאַליפאָרניע.**

פּערזאָנען:

**בייטשן האָרוויץ,** אַ דאַר, נידעריק יידל. אַ געוועזענער הויז־פאַרבער
78 יאָר אַלט.

**הילדע ראָזן,** זיין טאָכטער. 34 יאָר אַלט.

**מאַרק ראָזן,** איר מאַן. 38 יאָר אַלט.

**לאַרי האָרוויץ,** אַ זאָרגלאָזער זון. אַ פאַרזיכערונגס־אַגענט.
45 יאָר אַלט.

די האַנדלונג קומט פאָר ביי די ראָזנס אין די פאָדערשטע צווײ־ צימערן: דער גאַסט־און עסצימער, וואָס זײנען אָפּגעטײלט אײנער פון דעם אַנדערן מיט אַ האַלב־רונדן באַלקן, ווי אַ טויער אָן טירן דער אַרײַנגאַנג איז פון דער רעכטער זײט פון דעם גאַסטצימער. צוויי געבעטע שטולן, אַ סאָפע, טישלעך, לאָמפּן, בילדער אויף די ווענט און אַ טעלעפאָן. אין עסצימער איז פאַראַן אַ גרויסער עסטיש נעבן וועלכן עס שטייען פיר שטולן און אויך אַנדערע, נייטיקע מעבל. אין דער רעכטער זייט — אַ באַוועגלעכע טיר וואָס פירט אַרײַן אין קיך. אין דער לינקער זייט — אַן אַרײַנגאַנג וואָס פירט אין די שלאָפצימערן אַרײַן. דאָס הויז איז זייער נעט צוגעקליבן. עס איז אַ זונטיק־נאָכמיטאָג אין אָקטאָבער, היינטיקע צייט.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, טרעפן מיר דעם אַלטן האָראָוויצן זיצן אין עסצימער ביים טיש. ער איז שטאַרק פאַרטיפט אין חשבונות. ער באַמערקט אפילו נישט, אַז זיין טאָכטער איז נאָר וואָס אַרײַנגעקומען דורך דער פאָדערשטער טיר אָנגעלאָדן מיט אַ שוועל־אָנגעפילטן שקאַרמעץ עסנוואַרג. קוים זי קאָן זיך ספּראַווען מיטן אויפשליסן און פאַרמאַכן די טיר. זי איז אַ גאָר סימפּאַטישע פרוי מיט חן־גריבעלעך אין די באַקן. אירע בלויע, ליכטיקע אויגן זײנען זייער בולט. איר קלינגענדיקע שטים איז רויק און געלאַסן. זי טראָגט אַ לאַנגן מאַנטל. זי גייט פאַרביי איר פאָטער וואָס זיצט אײנגעבויגן איבערן טיש, גלייך צו דער קיך. גייענדיק זיפצט זי פון דער אָנגע־ לאָדנקייט.

**הילדע:**

מיט אַ זיפץ. **האַלאָ, פּאַ...**

**האָרוויץ:**

הייבט אויף דעם קאָפּ. דערזעענדיק דעם פּאַק אין דער טאָכטערס

הענט, גיט ער זיך אַ שטעל אויף און זאָגט. זע נאַר, האָסט דאָך מיך געקאָנט רופן, וואָלט איך דיר געהאָלפן.

הילדע:

זיך. דאַרפסט זיך נישט באַמיען, פאַ... איך וועל אַריינגיין צוגרייטן אָנבייסן. זי גיט אַ שטופּ מיטן פוס די באַוועג־טיר און פאַרשווינדט אין קיך.

הארוויץ:

זיפצט. דאָס קינד אַרבעט נעבעך אַזוי שווער... ווען איך וואָלט איר כאָטש געקאָנט מיט עפּעס אַרויסהעלפן... אַ שלעכטער טאַטע בין איך, אַ שלעכטער טאטע. שרייט אַריין אין דער קיך. פאַר מיר גרייט נישט קיין עסן, איך גיי באַלד אַוועק.

הילדע:

קומט אַריין. זי טראָגט מער נישט דעם מאַנטל. וווהין גייסטו?

הארוויץ:

רעדט אַריין אין זיינע פּאַפּירן. איך גיי זיך טרעפן מיט מיינעם אַ פריינד. מירן שוין צוזאַמען עסן אָנבייסן.

הילדע:

אפשר וואָלסטו נישט געגאַנגען היינט?...

הארוויץ:

וואָס איז?!...

הילדע:

ווייל פאַריקע וואָך, ווען דו ביסט אַהיימגעקומען פון דיינע פריינד, האָסטו אויסגעזען אַזוי פאַרמאַטערט, אַז איך האָב זיך שטאַרק געשראָקן.

הארוויץ:

מיט אַ גוטמוטיקן געבייזער, רעדט אַריין אין די פּאַפּירן. שרעק זיך אַ ביסל ווייניקער וועגן דיין טאַטן! דער טייוול וועט מיך נישט אויסכאַפּן.

הילדע:

פאַ... איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט אַזוי רעדן.

הארוויץ:

נו, נו, גוט. וועל איך נישט רעדן. זאָג מיר מיין קינד, וויפל איז זיבן מאָל 26000.00?

הילדע:

פאַרטראַכט זיך. זיבן מאָל 26000.00 איז 182000.00. צוואָס דאַרפסטו דאָס האָבן?

הארוויץ:

פאַרשרייבט. צוואָס דאַרפסטו דאָס האָבן?... איך דאַרף וויסן!... דו באַהאַנדלסט מיך ווי אַ קליין קינד.

הילדע:

ווייל מען דאַרף דיך היטן ווי אַ קליין קינד.

הארוויץ:

היט בעסער אָפּ דיין מאַן און גיב מיר אַן איינציקל, וועל איך זיין מער צופרידן. נאָר מען היט. דאָס גאַנצע לעבן האַלט מען אין איין היטן. ווען מען איז יינגער, היטן די טאַטעס זייערע קינדער. ווען מען ווערט עלטער, היטן די קינדער זייערע עלטערן. אַ לעבן מיט היטן. איינער היט און דער צווייטער פילט, אַז ער דאַרף זיך היטן... אַ היטעניש, כ׳לעבן...

הילדע:

איך קאָן נישט פאַרשטיין: אין די לעצטע עטלעכע וואָכן האַלטסטו מיך אין איין מאַטערן מיט אַזעלכע גרויסע חשבונות און מאַרגיטשעס, ווי דו וואָלסט געווען אַ וואָלסטריט־בראָקער. אפשר מעג איך אויך וויסן וועגן דעם?

הארוויץ:

שמייכלט. זאָל זיין אַ וואָלסטריט־בראָקער. זאָג מיר בעסער, וויפל איז 6541.00, 3160.00 און 3650.00 דאָלער?

הילדע:

נעמט אַ שטיקל פּאַפּיר און בליישטיפט און רעכנט צוזאַמען. זי רוקט אונטער דעם חשבון צום פאָטער. **נאַ. 13351.00 דאָלער.**

הארוויץ:

קאָפּירט דאָס אויף זיין שטיקל פּאַפּיר. **אַז מען נעמט אַרונטער 13351.00 דאָלער פון 26,360.00 דאָלער, וויפל בלייבט ריינע געלט? איך מיין ריינע געלט...**

הילדע:

רעכנט ווידער צוזאַמען און רוקט אונטער דעם חשבון צום פאָטער. **עס בלייבט 1300,9.00 דאָלער ריינע געלט. צוואָס דאַרפסטו דאָס אַלץ וויסן, פרעג איך. האָסט מיר נישט געענטפערט אויף מיין פראַגע.**

הארוויץ:

פאַרשרייבט ביי זיך. טוט אויס די ברילן, נעמט צוזאַמען אַלע פּאַפּירן און לייגט זיי אַריין צו זיך אין בוזעם־קעשענע. ער גיט זיך אַ שטעל אויף און רעדט צו זיך אַליין. **אַזעלכע פּייקערס, אמתע רויבערס! איצט זע איך שוין ווי אַזוי רייכע ווערן רייך... עס איז אפילו נישט ווערט קיין 180 טויזנט דאָלער. גיב זיי גאָר 215 טויזנט דאָלער. אמתע רויבער.**

הילדע:

**קאָנסט מיר אפשר זאָגן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך? עפּעס פיל איך, ווי דו מאַכסט פון דעם אַזאַ מיסטעריע... איך ווייס נישט וואָס צו זאָגן...**

הארוויץ:

שטייט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און זיפצט שטאַרק. **איי, די מאַמע דיינע איז געווען גערעכט. איך בין אַלעמאָל געווען אַ שלימזל. יאָ, אַ גרויסער שלימזל...**

הילדע:

**דו רעדסט נאָך אַלץ פאַרשטעלט. איך ווייס נאָך אַלץ נישט וואָס דו מיינסט.**

הארוויץ:

ווי ער וואָלט זיך געבייזערט. **דער מאַן דיינער לויפט אַרום אַנטלייען אַ ביסל געלט און איך, דער טאַטע דיינער, שטיי מיט דער צונג אין דרויסן.** זיפצט. **ווען איך וואָלט אים כאָטש געקאָנט אַרויסהעלפן מיט עפּעס, וואָלט איך געווען אַ גליקלעכער מענטש. בין איך דאָך אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס... יאָ, די מאַמע דיינע איז געווען גערעכט: אַלץ וואָס איך האָב געוווסט איז — מען האָט מיר געגעבן אַ באַרשט אין דער האַנט אַריין, האָב איך געשמירט. אַלץ פאַר יענעם, נאָר פאַר יענעם. פאַר זיך און פאַר מיינע קינדער — גאָרנישט...** זיפצט שטאַרק. **וויסן זאָלסטו, מיין קינד, אַז מען פאַרשפּעטיקט אַ באַן, קומט אַ צווייטע. אַז מען פאַרשפּעטיקט אָבער די צייט און די געלעגנהייט — איז פּאַרפאַלן!...** גיט אַ מאַך מיט דער האַנט ווי אַ רעזיגנירטער. שוין **צו־אַלט, אַז איך זאָל זיך אָנהייבן יאָגן נאָך גליקן... דער שכל איז געקומען נאָך די יאָרן... וואָלט איך דיך כאָטש געהאַט פאַרזאָרגט מיט עפּעס...**

הילדע:

**װאָס קאָנסטו העלפן?**

הארוויץ:

**דאָס זאָג איך דאָך די גאַנצע צייט: גאָרנישט! גאָרנישט!... איך וועל זיין צוריק אין אַ צוויי, דריי שעה אַרום.**

זיפצט און מורמלט עפּעס צו זיך אַליין. ער גיט אַ לויף אַרויס דורך דער פּאַדער־טיר. הילדע נעמט צוזאַמען די שטיקלעך פּאַפּיר וואָס דער פאָטער האָט איבערגעלאָזט אויפן טיש, מאַכט גלייך דאָס לאַנגע, אויסגעשטריקטע טישטעכל און שטעלט צוריק אַוועק אין מיטן טיש דעם גלעזערנעם לייכטער, וואָס דער פאָטער האָט געהאַט אָפּגערוקט בעת דעם שרייבן. זי שטעלט גלייך די שטולן און הייבט אָן אַריינגיין אין דער קיך. אין דער רגע איז מאַרק, איר מאַן, אַריינגעקומען דורך דער פּאַדער־טיר. ער איז אַ הויכער, ברייטפּלייציקער שיינער מאַן מיט אַ טונקל געזיכט. זיינע ברוינע לאָקן זענען פיין פאַרקעמט. ער איז עלעגאַנט אָנגעטאָן. איצט איז ער שטאַרק פאַר־זאָרגט. ער גיט זיך אַ זעץ אַוועק אויף דער סאָפע, אָטעמט שווער

און פֿאַרדרייכערט די ליולקע. הילדע דערנענטערט זיך און בלייבט שטיין נעבן אים. עס איז שטיל אַ ווײַלע.

מאַרק:

זיפצט. אַלע מײַנע פֿרײַנד זענען אין די זעלבע שיף ווי איך. עס איז דרײַ חדשים פֿאַר קריסמעס. אַלע דאַרפֿן האָבן געלט אויף סחורה...

הילדע:

וואָס וועסטו טאָן?...

מאַרק:

דער אמת איז, אַז איך האָב שוין נישט צו וועמען גיין לײַען געלט. מײַן איינציקע האָפֿענונג איז דײַן ברודער. אַהיימפֿאָרנדיק, איז מיר אײַנגעפֿאַלן: ווען לאַרי זאָל מיר קענען אַנטלײַען אַ צוויי טויזנט דאָלער. קוקט אויפֿן ווײַב. אָ, איך מיין נישט אומזיסט. איך וועל אים געבן אַ פּראָצענט. און דרײַ טויזנט דאָלער זאָל ער מיר העלפֿן קריגן אויף מײַן פֿאַרזיכערונג, וואָלט איך מיר שוין געקענט אַן עצה געבן. פֿאַרשטייסט, הילדע, איך בין נאָך נײַ אין די ביזנעס. קיינער קען מיך נישט, דעריבער האָב איך נישט קיין קרעדיט, דעריבער מוז איך אַלץ קויפֿן פֿאַר מזומן...

הילדע:

איך זע נישט קיין פֿאַרוואָס ער זאָל דאָס נישט טאָן? דו האָסט אים נאָראַיעט געגנוג קליענטן. ער וועט דאָ באַלד זײַן, וועלן מיר רעדן מיט אים. זי זעצט זיך נעבן אים און גלעט זײַנע לאָקן. וועסט עפּעס עסן, מאַרק?...

מאַרק:

דו פֿאַרשטייסט, איצט איז די בעסטע צײַט, אַז איך זאָל זיך צו עפּעס דערשלאָגן. די איינציקע האָפֿענונג איז לאַרי. אויב ער זאָל מיר אָפּזאָגן, וועל איך מעגן גיין שאַרן שניי...

הילדע:

פֿאַרוואָס זאָל ער דיר אָפּזאָגן? זיי נישט פֿאַרזאָרגט, מאַרק. איך וועל אַרײַנגיין צוגרייטן אָנבײַסן. דו ביסט פֿאַרזאָרגט און הונגעריק. זי שטעלט זיך אויף.

מארק:

עס קלינגט דער טעלעפאָן. ער גיט אַ כאַפּ דאָס טרייבל. **האַלאָ... יאָ... דאָס איז האַמבאַלט ניין, זעקס, פינף, זיבן... יאָ... דאָ וווינט מיסטער בייטן האָרוויץ... ניין... צוואָס דאַרפט איר אים?...** בעת ער הערט זיך צו צום טרייבל, בייטן זיך זיינע גרימאַסן. **מיר דאַכט זיך, אַז איר מאַכט אַ טעות... יאָ, דאָס איז אכצן פיר און צוואַנציק סענטער עווניו...** צום ווייב. **הילדע, גיב מיר אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַ בליישטיפט** אין טרייבל אַריין. יאָ, **מיסטער בערמאַן, יאָ... איך הער וואָס איר זאָגט... יאָ...** ער פאַרשרייבט אויפן פּאַפּיר וואָס זי האָט אים געגעבן. **יאָ... אַהאַ... יאָ... איך וועל אים אַלץ איבערגעבן... אַהאַ... אָלרייט מיסטער בערמאַן. יאָ, אַהאַ, יאָ... גוד באַי...** ער הענגט אויף דאָס טרייבל, שרייבט נאָך עפּעס. ווען ער פאַרענדיקט שרייבן גיט ער אַ שווערן זיפץ און בלייבט שטיין פאַרטראַכט.

הילדע:

**וואָס איז דער מער, מאַרק, ס'האָט צו טאָן מיטן טאַטן?**

מארק:

גייט איבערן צימער זייער אומרויק. **איך קאָן נישט פאַרשטיין, הילדע. היינט אין דער פרי האָט טעלעפאָנירט אַן אַגענט. לעצטע וואָך האָט טעלעפאָנירט אַן אַגענט און איצט, אָט אָ דער מיסטער בערמאַן איז אויך אַן אַגענט פון הייזער. דיין טאַטע האָט מיט זיי אַלעמען געמאַכט באַשטעלונגען צו גיין אָנקוקן הייזער. דער מיסטער בערמאַן האָט פאַר אים אַ הויז פאַר הונדערט מיט אַכציק טויזנט דאָלער, מיט אַ צוואַנציק יאָריקן ערשטן מאָרגיטש אויף פינף פּראָצענט. דער בראָקער, אָט אָ דער מיסטער בערמאַן וועט קאָנען פאַר אים קריגן אַ קליינעם צווייטן מאָרגיטש פאַר זעקס פּראָצענט... איך קאָן נישט פאַרשטיין, הילדע... איך פאַרשטיי נישט...**

הילדע:

**דו מאַכסט מיך צום לאַכן, מאַרק. דו ווייסט, אַז דער טאַטע האָט נישט קיין געלט. נאָך דערצו...**

מארק:

**אויב אַ מענטש האָט נישט קיין געלט, טאָ צוואָס גייט ער אַרום**

אַנקוקן הייזער? אַזעלכע זאַכן טוט קיינער נישט, אפילו אַ משוגע־נער טוט נישט אַזאַ זאַך. מיין גאָט... איך ברעך זיך דעם קאָפּ: ווי נעמט מען עטלעכע טויזנט דאָלער אויף אַ קורצער צייט און דיין טאַטע גייט קויפן אַ הויז פאַר הונדערט און אַכציק טויזנט דאָלער און מיט אַ „סווימינג פול". דו הערסט? אַ „סווימינג פול"! אין זיינע יאָרן גייט ער קויפן אַ הויז וואָס ברענגט אַריין הכנסה... איך פאַרשטיי נישט...

הילדע:

מאַרק, דו דאַרפסט נישט רעדן מיט אַזאַ ביטערקייט וועגן דיין טאַטן.

מארק:

אדרבא, זאָג דו מיר, ווי אַזוי זאָל איך רעדן?... עס איז שטיל אַ ווײַלע. לויט דיר קומט אויס, אַז איך דאַרף אים גאָר דאַנקען פאַר דעם וואָס ער טוט? צוליב וואָס דאַרף ער אַזאַ הויז? פאַר וועמען דאַרף ער דאָס?

הילדע:

גייט צו צו אים, זי וויל אים באַרויקן. מאַרק, דו ווייסט ווי דער טאַטע איז גליקלעך וואָס ער וווינט מיט אונדז. איך ווייס אויך, אַז דו האָסט אים ליב. דו ווייסט, אַז ער וואָלט אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ לעבן פאַר דיר. זע, וואָס ער טוט פאַר דיר: ער פוצט דיין אויטאָמאָביל, ער האָט אונדז געצוווּנגען, אַז מיר זאָלן אָפּזאָגן דעם גערטנער און ער אַליין טוט די אַרבעט. ער פאַרזייעט בלומען, ער קלאַפּט, פאַרריכט אַלץ, ער האָט אויסגעפּאַרבט דאָס הויז. וואָס נאָך קאָן מען פאַרלאַנגען פון אַן אַלטן מאַן אין זיינע יאָרן?

מארק:

אַלץ וואָס דו זאָגסט איז אמת. אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס מיט דעם? ער ווייסט ווי מיר מאַטערן זיך. ער ווייסט אַלץ וואָס עס טוט זיך ביי אונדז. ווען ער אַנטלייט מיר אַ פּאָר טויזנט דאָלער, וואָלט מיר אַראָפּ אַ שטיין פון קאָפּ. דאָס וואָלט געווען וויכטיקער ווי פּוצן דעם אויטאָמאָביל. דו וואָלסט נישט געדאַרפט גיין אַרבעטן. אַזוי אָבער...

הילדע:

איך קאָן דיך נישט פאַרשטיין, מאַרק. דו האָסט אַלעמאָל אויסגע־רעכנט דעם טאַטן צום גוטן, האָסט אַלעמאָל אויסגעדריקט סימפּאַטיע צו אים — און איצט רעדסטו מיט אַזאַ ביטערקייט... דו מאַכסט אים פאַר דעם שולדיקן אין יעדער זאַך...

מאַרק:

אפשר בין איך נישט גערעכט?

הילדע:

איך פיל דיך מיט, מאַרק. הלוואי וואָלט איך מער געקאָנט אַרויס־העלפן. איך הער דיך אָבער צום ערשטן מאָל אַזוי רעדן וועגן מיין פאָטער. איך האָב עגמת נפש פון דעם...

מאַרק:

צו דיר האָב איך גאָרנישט. דו העלפסט מיר שוין אַזוי אויך גענוג. אדרבא, איך בין גליקלעך. איך זאָג נאָר, אויב אַ פאָטער האַנדלט אַזוי, איז ער קיין פאָטער נישט... וועסט אים קאָנען זאָגן אַז ער וועט זיך מעגן אַריינקלייבן אין זיין ניי הויז מיטן „סווימינג פול", וואָס ער וועט זיך איינקויפן אויף די עלטערע יאָרן! גייט אָפּ בייז.

הילדע:

גיט זיך אַ שטעל אויף . אין כעס. איך וועל בעסער אַרבעטן מיין גאַנץ לעבן אין אָפּיס, איידער איך זאָל פון דיר הערן אַזעלכע רייד. און צוליב וואָס?... צוליב געלט...

מאַרק:

דו ביסט מיין פרוי און דו פאַרשטייסט נישט מיין לאַגע... דו ווייסט נישט ווי איך האָב זיך היינט דערנידעריקט. איך האָב זיך פשוט געבעטן ווי אַ קליין קינד. איך בין געווען גרייט צו צאָלן צען פּראָצענט... איך...

הילדע:

פאַלט אַריין אין די רייד. איך וויל נישט פאַרשטיין! איך האָב

געוואַרט דריי און האַלב יאָר ביז דער גוטער, דער שכלדיקער, דער הארציקער מאַרק ראָזן איז אַהיימגעקומען פון דער מלחמה. איך האָב חתונה געהאַט מיט אַ מאַן, וואָס האָט זיך באַרימט, אַז אפילו אויפן שלאַכטפעלד האָט ער קיין איין מענטשן נישט געשאָסן. און איצט וויל ער אַן אייגענעם טאַטן פאַרטרייבן פון הויז. און צוליב וואָס? צוליב געלט... צוליב געלט איז ער גרייט... גייט אָפּ טרויעריק. אָ... איך וויל נישט זאָגן...

מארק:

גייט איר נאָך. אָבער הילדע טייערע! אַן אייגענע פרוי און דו קאָנסט נישט פאַרשטיין...

הילדע:

גיט זיך אַ דריי אויס צו אים. לאָמיר בעסער נישט רעדן וועגן דעם. איך בין אינגאַנצן דערשיטערט. איך בין...

הילדע זעצט זיך אַוועק מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און הייבט אָן ווישן די אויגן. מאַרק בלייבט שטיין פאַרטרויערט אין אַ זייט, עס איז שטיל אַ ווײַלע. באַלד גיט אַ קום אַריין איר ברודער לאַרי. ער איז אַ פעטלעכער מאַן מיט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל. ער איז שיין אָנגעטאָן און, ווי אַלעמאָל, איז ער אין אַ זאָרגלאָזער שטימונג. ער בלייבט שטיין ביי דער טיר, קוקט זיך גוט אַרום און רופט אויס:

לארי:

„האַלאָ עוועריבאָדי!" (האַלאָ צו אַלעמען). וואָס איז דער מער?... דערנענטערט זיך אין צ'מער אַריין. וואָס איז דער מער, מיין שוועסטערל דו ווײנסט?... און דו מאַרק, שטייסט מיר עפּעס ווי אַן אָפּגעשמיסע־נער... לאַכט. איר האָט זיך געקריגט?... אויף אַלץ קומט אַ צייט. ס'ערשטע מאָל וואָס איך זע, אַז מיין שוועסטער און מיין שוואָגער זאָלן זיך האָבן געקריגט...

הילדע:

טרויעריק און מיט אַ געבייזער. ס'איז אַ ליגן. מיר האָבן זיך נישט געקריגט... זאָלסט דאָס נישט זאָגן דעם טאַטן. דו הערסט, מיר האָבן זיך נישט געקריגט...

לאַרי:

נו גוט. זאָל זיין נישט געקריגט. ווו איז דער טאַטע?

הילדע:

ער איז אַרויס אויף עטלעכע מינוט און עס איז שוין מער פון אַ שעה צייט.

מאַרק:

גייט צו לאַרין. פון דיין שוועסטער קאָן איך גאָרנישט אַרויס־קריגן. אפשר קאָנסטו מיר זאָגן פון וואַנען דיין טאַטע האָט געלט צו קויפן אַ הויז פאַר צוויי הונדערט טויזנט דאָלער? מיט אַ סווימינג פול! דו הערסט? אַ סווימינג פול! לאַכט סאַרקאַסטיש.

לאַרי:

לאַכט שטאַרק, קוקט אויף דער שוועסטער און אויפן שוואָגער מיט איבערראַשונג. וואָס האָסטו געזאָגט? צוויי הונדערט טויזנט דאָלער?... אַ סווימינג פול?... גיי, דו מאַכסט שפּאַס!

מאַרק:

לאַך נישט, עס איז אמת, זאָל זי דיר זאָגן. שוין עטלעכע וואָכן ווי ער מאַטערט דיין שוועסטער מיט זיבן מאָל די גראַס, זעקס און און אַ האַלב מאָל די גראַס, מיט פּראָצענטער און מאַרגיטשעס. ערשט מיט פופצן מינוט צוריק האָט טעלעפאָנירט אַ בראָקער, אַז ער האָט פאַר אים אַ מציאה.

לאַרי:

לאַכט נאָך אַלץ, אָבער דער געדאַנק פון אַזויפיל געלט איז אים אַריין אין קאָפּ. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת: איך ווייס נישט וואָס צו זאָגן... אָבער, אויף מיין טאַטן איז אַלץ צו גלייבן. ער איז אַלעמאָל געווען אַ באַהאַלטענער...

הילדע:

לאַרי! דו אויך? זייער פיין, מיין ברודער. זייער פיין!...

לאַרי:

ס'איז אפשר נישט אמת?...

הילדע:

און איר קאָנט נישט וואַרטן ביז דער טאַטע וועט אַהיימקומען? אַלץ הינטער די אויגן... זייער פיין...

לאַרי:

דו וואָלסט אפשר געווען גערעכט, ווען ער וואָלט זיך צוזאַמענ־גערעדט מיט אַן אייגענעם זון. אפשר וואָלט איך אים נאַראַיעט אַ בעסער געשעפט ווו ער זאָל אינוועסטירן זיין געלט, ווי אין הייזער. מיר דאַכט זיך, אַז איך ווייס אַ ביסעלע מער וועגן ביזנעס, ווי ער. בנו. טאַקע, פון וואַנען זאָל דער טאַטע וויסן וועגן מסחר? זינט איך געדענק אים, איז ער אַלעמאָל געווען אַ הויז־פּאַרבער ביי יענעם. וואָס ווייסט ער וועגן ביזנעס? ער ווערט מער ערנסט. אַז אַ טאַטע האָט סודות פאַר אַן אייגענעם זון, איז דאָך שוין אויס וועלט... מאַרק, איך בין זיך מודה, איך ווייס דיר נישט וואָס צו זאָגן.

מאַרק:

פּאַרזאָרגט. פינף טויזנט דאָלער וואָלט מיך געשטעלט אויף די פיס. אינגאַנצן פינף טויזנט שמאָלאַרעס... מיטאַמאָל. הער זיך איין, לאַרי, אפשר וואָלסטו מיר געקענט אַרויסהעלפן?...

לאַרי:

האָט נישט דערוואַרט די פראַגע. ווי אַן אָפגעבריטער גיט ער זיך אַ שטעל אויף, קוקט אויפן האַנט־זייגערל. איך האָב זיך שוין צופיל פאַרזעסן. פאַררייכערט דאָס שטיקל ציגאַר אין מורמלט מען דאַרף שוין גיין.

מאַרק:

דערזעט ווי זיין שוואָגער דרייט זיך אַרויס פון אַן ענטפער, גיט ער אויף גיך אַ בייט דעם געשפרעך. לאַרי, איך האָב נישט געמיינט דו פערזענלעך. איך מיין, איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט גראָד זיין דאָ ווען דער טאַטע וועט אַהיימקומען. דערצייל דו אים מיין לאַגע...

לאַרי:

זעצט זיך צוריק מיט אַ געמאַכטן שמייכל. אַז ער האָט מיר ביז

היינט נישט געזאָגט ווי ער האָט גענומען אַזויפיל געלט, מיינסטו, אַז ער וועט מיר איצט זאָגן? צו מיין טאַטן, זעסטו, קאָנסטו רעדן ווי צו דער וואַנט. הערסט, מאַרק איך האָב זיך איינמאָל שטאַרק גע־נייטיקט אין דריי הונדערט דאָלער. הערסט, מיזעראבלע דריי הונדערט דאָלער. מיינסטו, אַז ער האָט מיר געגעבן? אַ נעכטיקער טאָג. ער גיט דיר אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע, לאַכט זיך אויס און גייט אַוועק. איך קען מיין טאַטן, איך קען אים, אוי, קען איך אים...

הילדע:

אפשר האָט ער נישט געהאַט?

לארי:

ער האָט געהאַט! געהאַט! פון וואַנען האָט ער איצט אויף איינ־צאָלן אויף אַזאַ גרויס הויז? דו ביסט דאָך זיין בוכהאַלטערין. דו ווייסט דאָך... דערנענטערט זיך צו דער שוועסטער. עס גייט מיר שוין נישט אין דעם געלט וואָס ער וועט דאָרט אַוועקפּטרן, נאָר אין פּרינציפּ. אַז אַ פאָטער זאָל נישט וועלן אַנטלייען אַן אייגענעם זון דריי הונדערט דאָלער — איז שוין אויס וועלט.

מארק:

דערפאַר וויל איך טאַקע, אַז דו זאָלסט בלייבן.

לארי:

דערנענטערט זיך צו מאַרקן. בלויז צוליב דעם פּרינציפּ וועל איך וואַרטן אויף אים. בלויז צוליב דעם פּרינציפּ. לייגט אַרויף די האַנט אויף מאַרקס אַקסל. מאַרק, דו ווייסט אַז איך בין צו דיר אַזוי איבערגעגעבענער שוואָגער. איך וועל דיר העלפן מיט וואָס נאָר איך וועל קאָנען..

מארק:

פאַרזאָרגט, קוקט מיט אומצוטרוי צו זיין שוואָגער. איך ווייס, איך ווייס... גייט אָפּ פון אים.

הילדע:

פאַרטרויערט. טאָמער האָט דער טאַטע נאָך עטלעכע יאָר צום

לעבן, גייט איר זיי פאַרקירצן. איר ווילט צעברעכן זיין האַרץ. ס׳איז אָלרייט, מאַרק. וואָלסטו געמעגט זיין אַ ביסל מער טאָלעראַנט.

לארי:

זאָג מיר, שוועסטער מיינע, און דער טאַטע איז טאָלעראַנט?.. וואָס וואָלט אים געשאַדט ווען ער וואָלט אַנטליען דיין מאַן די פּאָר דאָלער? וואָס פאַר אַ ראָלע שפּילן זיי ביי אים? צוואָס דאַרף ער זיי?...

הילדע:

אַלץ וואָס איך ווייס איז, אַז אַזוי גיך ווי ער דערהאַלט דעם טשעק פון וואַשינגטאָן און פון דער יוניאָן, גיט ער זיי מיר גלייך אַוועק. נישט איינמאָל האָט ער זיך פאַרקלאָגט, אַז ער וואָלט געוואָלט עפּעס טאָן פאַר אונדז, נאָר ער ווייסט נישט וואָס און ווי אַזוי...

לארי:

צו הילדען. עס איז זייער נישט אָנגענעם צו זאָגן אַזאַ זאַך אויף אַן אייגענעם טאַטן; דו ווייסט אָבער, אַז מיר לייענען פיל מאָל אין די צייטונגען, ווי אַלטע מענער און אַלטע פרויען, וואָס האָבן ביים לעבן געלעבט ווי שנאָרערס און חזרים, און נאָכן טויט געפינט מען ביי זיי אין מאַטראַץ טויזנטער און טויזנטער דאָלאַרן. איז וואָס דער־ציילסטו אַ מעשה?...

הילדע:

איך בעט אייך, רעדט נישט אַזוי וועגן דעם טאַטן. ער איז אַ גוטער און אַן ערלעכער מענטש. איך ווייס, אַז ווען ער וואָלט געהאַט — וואָלט ער געגעבן... איך קען מיין טאַטן. זי איז פאַרטרויערט.

לארי:

איך קען אויך מיין טאַטן!

מארק:

זעט, אַז זי איז פאַרטרויערט. גלייב מיר, הילדע, איך וויל נישט ווייטאָן דיינע געפילן. איך האָב האָלט דיין פאָטער און האָב אַ סך רעספּעקט פאַר אים. עס איז אָבער נישט ריכטיק פון זיין זייט... דאָס וועסטו דאָך צוגעבן...

לאַרי:

וואָס אמת, איז אמת: איך האָב ליב ערלעכקייט, איך האַלט, אַז דיין מאַן איז גערעכט.

הילדע:

מיט געבעט, צו איר מאַן. קאָנסט זיך פאָרשטעלן ווי דער אַלטער פאָטער וועט פילן, ווען דו, זיין באַליבטער איידעם, וועט אים באַשולדיקן אין אַזאַ זאַך?...

לאַרי:

שמייכלט: מיין שוועסטער איז אַזוי נאַיוו. הלוואי וואָלט איך איר געקאָנט באַווייזן, אַז מען מוז נישט אַלעמאָל גלייבן אין אַלץ וואָס מען זאָגט איר.

הילדע:

אויפגערעגט. אויב אַזוי דאַרף איך דיר אויך נישט גלייבן. איך דאַרף אויך נישט גלייבן מיין אייגענעם מאַן. אויס וועלט. קיין שום מענטשן דאַרף מען נישט גלייבן. אפילו אַן אייגענעם טאַטן דאַרף מען נישט גלייבן?... וואָס טוט זיך מיט אייך?... גיט זיך אַ שטעל אויף.

מארק:

זאָל זיין גענוג גערעדט! צום ווייב. דו ביסט היינט נישט גוט אויפגעלייגט. גענוג, גענוג!

הילדע:

בעט זיך. אפילו דער טאַטע זאָל שוין האָבן געלט, אָבער אויב ער זאָגט נישט אַליין און איר וועט אָנהייבן רעדן צו אים וועגן דעם — וועט דאָס הייסן, אַז איר האָט אים געכאַפּט ביי אַ ליגן. איר מיינט, אַז מיט דעם וואָס איר וועט באַליידיקן זיינע געפילן, וועט איר טאָן אַ גוטע זאַך? איר קאָנט טאָן וואָס איר ווילט. איך וועל זיך אפילו נישט אַריינמישן...

לאַרי:

איצט גייט שוין נישט אין געלט, הילדע. איצט האַנדלט זיך אין פּרינציפּ.

מארק:

**אָבער הילדע טייערע, ווערסט דאָך מיך נישט באַשולדיקן אין...**

הילדע:

איז בייז. פאַלט אַריין אין די רייד. **אַלע אייערע אַרגומענטן האָב איך שוין געהערט! עס איז מיר שוין נישט גוט פון זיי! ווען עס קומט צו געלט, איז מיין ברודער געוואָרן אַ מענטש מיט פּרינציפּן און מאַרק ראָזן האָט פאַרלוירן אַלע פּרינציפּן!... און מצער זיין אַן אַלטן טאַטן? און אַ ווייב?... און אַ שוועסטער?... איין איינציקע שוועסטער. דאָס אַלץ איז גאָרנישט.** מיט ביטערקייט. **אַ... די וואָג פון געלט שלעפּט אַראָפּ דעם פיינסטן מענטשן...**

מארק:

**מיר האָבן זיך גענוג געקאָכט. לאָמיר זיצן שטיל און וואַרטן ביז דער טאַטע וועט קומען.** הילדע הייבט אָן אַריינגיין אין דער קיך. ער גייט איר נאָך. **הילדע טייערע, איך בעט דיך, זיי נישט בייז. דו ווייסט, אַז איך וויל דיר נישט וויי טאָן...**

הילדע:

גיט זיך אַ דריי אויס מיט כעס. **דיין היינטיקע האַנדלונג האָט מיך שטאַרק אַנטוישט. איך בין דערשלאָגן. ביז היינט בין איך געווען גליקלעך. איך באַרים זיך אַלעמאָל פאַר די מיידלעך אין אָפיס, אַז מיין מאַן איז אַ פיינער, אַן איידעלער און אַ ליבעראַלער מענטש...** זי ווישט די אויגן, זי קאָן נישט פאַרענדיקן דאָס רעדן, די טרערן שטיקן איר אין האַלדז. מיטאַמאָל גיט אַ קום אַריין דער פאָטער. זי ווישט גיך אויס די אויגן, כדי דער פאָטער זאָל נישט באַמערקן, אַז זי האָט געוויינט, און לויפט אים אַנטקעגן מיט אַ שמייכל. **ווו ביסטו געווען?... איך האָב שוין נישט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן...**

לארי:

הייבט זיך נישט אויף פון זיין פּלאַץ. **איך וואַרט שוין מער פון אַ שעה צייט אויף דיר.**

הארוויץ:

נאָך ביי דער טיר, באַטראַכט אַלעמען מיט חשד, צו לאַרין. **וואָס האָסטו גערדאַרפט וואַרטן?**

מארק:

דער אמת איז, אַז ער האָט געוואָלט אַוועקגיין, נאָר איך האָב אים פֿאַרהאַלטן.

הארוויץ:

וואָס איז דאָס אַזוי געווען די ספּעשקע?...

מארק:

אַ ביסל איינגעהאַלטן. עטלעכע בראָקערס האָבן דאָ טעלעפֿאָנירט, האָבן מיר געטראַכט: אפשר איז דאָס אַ טעות...

הארוויץ:

שמייכלט, קומט אַריין נענטער אין צימער. וועלכע בראָקערס? זיי האָבן איבערגעלאָזן זייערע נעמען?

הילדע:

זעץ זיך אַוועק, טאַטע, רו זיך אָפּ. ווילסט אפשר עפּעס עסן?

מארק:

איינער, אַ מיסטער בערמאַן, האָט ערשט נישט לאַנג צוריק טעלעפֿאָנירט.

הארוויץ:

זעצט זיך אַוועק אויף אַ געבעטעט שטול. רעדט פֿאַמעלעך. אָ, ער?... ער האָט דאָך נישט וואָס צו פֿאַרקויפֿן. זיינע הייזער זענען אָפּגעשלאָגענע הושענות... די פֿאַרב שיילט זיך און דער פּלאַסטער קרישלט זיך... זיי טויגן אויף תשעה ביינציק כפּרות...

לארי:

קוקט אויף דער שוועסטער ווי אַ זיגער און ווענדט זיך צום פֿאָטער. הייסט עס, אַז עס איז אמת: דו גייסט אַרום באַקוקן הייזער?...

הארוויץ:

ווער האָט אייך געזאָגט, אַז עס איז נישט אמת? אוודאי גיי איך אַרום באַקוקן הייזער. האָסטו געהערט אַ מעשה. ער זעט ווי אַלע ... אויף אים — גיט ער זיך אַ ווענד. וואָס איז?...

מארק:

אַז איר גייט אַנקוקן, וועט איר דאָך אוודאי קויפן?

הארוויץ:

אַז מען גייט אָנקוקן, מיינט דאָס נאָך נישט, אַז מען גייט שוין קויפן. הערסט אַ מעשה...

לאַרי:

צוואָס זשע דער גאַנצער „באדער"?" (טרחה).

הילדע:

לאָזט דעם טאַטן אָפּכאַפּן דעם אָטעם! ווי די בינען האָבן זיי זיך צוגעטשעפּעט...

הארוויץ:

פאַררייכערט אַ ציגאַרעט און ווענדט זיך צו דער טאָכטער מיט אַ שמייכל. ס'מאַכט נישט אויס, מיין קינד. ווען דו וואָלסט אַרומגעפאָרן אין אַזאַ שיינעם קאַטילאַק און וואָלסט געווען אויף אַזעלכע שיינע פּלעצער ווי איך בין היינט געווען — וואָלסטו אויך נישט געווען פאַרמאַטערט.

לאַרי:

אָבער...

הארוויץ:

ער באַמערקט ווי אַלע גאַפן אויף אים. איר קאָנט נישט פאַר־שטיין אַזאַ קלייניקייט: מען קאָן אָנקוקן און דאָך נישט קויפן.

לאַרי:

איך ווייס איין זאַך: אַז מען גייט אָנקוקן הייזער קלייבט מען זיך צו קויפן.

הארוויץ:

בלאָזט דעם רויך, באַטראַכט אַלעמען וואָס קוקן אויף אים מיט חשד. וואָס איז, איר האָט גאָרנישט קיין סענס אויף הומאָר? און אַז ווייבער גייען אין אַ „דעפּאַרטמענט סטאָר" (מאַגאַזין) אָנקוקן. קויפן זיי שוין אַלצדינג?...

הילדע:

פּאַפּאַ, דו מעגסט אַמאָל רעדן ערנסט מיט דיינע קינדער.

הארוויץ:

איך בין ערנסט. ווען בין איך געווען נישט ערנסט צו מיינע קינדער? הערסט אַ מעשה...

הילדע:

אַזוי ווי דו רעדסט — קאָן מען דיך נישט פאַרשטיין.

הארוויץ:

לייגט אַוועק דעם ציגאַרעט. ווי איך זע, דאַרף מען פאַר אייך אַלץ צעקייען, ווי פאַר קליינע קינדער. נו גוט, וועלן מיר אויפדעקן די קאָרטן. אַלע זעצן זיך אַוועק און קוקן אויף אים. וואָס זאָל איך אייך זאָגן, מיינע ליבע קינדער, דאָס העמד צו פאַרזעצן און אַ גביר זאָל מען זיין!

לאָרי:

דאָס ווייסט מען אָן דיר אויך.

הארוויץ:

גיט אויף אים אַ בייזן קוק, אַז יענער בלייבט שטיל מיטאַמאָל איר האָט געזאָלט זען מיט וויפל כבוד, מיט וויפל רעספּעקט און דרך ארץ מען האָט זיך באַצויגן צו מיר. בעסער ווי מיין זון אָדער מיין באַלעבאָס, ווען איך האָב אַלעמאָל געגעבן אַ געטרייען טאָג אַרבעט... זיפצט. מען רעכנט זיך מיט מיין מיינונג. מען רעדט נישט אַנטקעגן, נאָר שטיל און געלאַסן ווי צו אַ דזשענטלמאַן. יעס, סער, יעס, סער, יעס, מיסטער האָרוויץ. נאָ, מיסטער האָרוויץ. גערעכט, מיסטער האָרוויץ. איך זאָג אייך, אַ פרייד איז מיר צעגאַנגען אין אַלע ביינער. מען מאַכט דיך פילן, אַז דו ביסט אַ וויכטיקער מענטש. איר פאַרשטייט? אַ וויכטיקער מענטש!...

הילדע:

אַלץ איז גוט און פיין. אָבער צוואָס קוקן אויף הייזער, אַז דו ועסט זיי נישט קויפן?... האָסט שוין גאָרנישט וואָס צו טאָן נאָר אַרומלויפן קוקן אויף הייזער?... וועלכער משוגענער טוט דאָס?

הארוויץ:

לאכט. דיין טאטע... זעט אַז יענע לאַכן ניִשט מיט אים, זאָגט ער. איך זע נישט אין דעם קיין שום עוולה. מענטשן טוען אָפּ ערגערע זאַכן און קיינער זאָגט זיי גאָרנישט. האָסט געהערט אַ מעשה?

הילדע:

רעד נישט אַזעלכע ווערטער, פּאַפּאַ. האָסט כאָטש געטראַכט וועגן דער שאַנד און די באַליידיקונג וואָס אַזאַ האַנדלונג קאָן אונדז ברענגען? און דאָס וואָס די בראָקערס פטרן צייט, זייערע אויטאָ־מאָבאָבילן? און דער געזאָלין קאָסט אויך געלט. דאָס אַרט דיך גאָרנישט?...

לארי:

גיט זיך אַ שטעל אויף. וואָס ווילסטו פון אים? ער האָט וועגן אונדז קיינמאָל נישט געטראַכט!

מארק:

זאָל זיין שטיל, לאַרי. לאָז דעם טאַטן רעדן. צום פאָטער. אָבער, וואָס עפּעס הייזער?

הארוויץ:

זיפצט, מיט אַ טרויעריקן טאָן. וואָס דען זאָל איך טאָן? זיצן אין הויז און קוקן אויף די פיר ווענט? באַלד אין דער פרי גייט איר אַוועק צו דער אַרבעט און איך בלייב אַליין אין הויז. איך שפּיל נישט קיין קאָרטן און זאָג אויך נישט קיין תהילים. איך האָב מיך נישט ווי אַהינצוטאָן. זינט די מאַמע איז געשטאָרבן קאָן איך זיך קיין אָרט נישט געפינען. מען קאָן דאָך נישט יעדן טאָג פאָרן אויפן בית עולם און וויינען. איך בין נישט קיין וויינער... ווישט די אויגן.

מארק:

אָבער וואָס עפּעס הייזער?...

הארוויין:

איך האָב אַלעמאָל געאַרבעט ביי הייזער. אין מיין לעבן האָב איך שוין אויסגעפּאַרבט אַזויפיל הייזער... איך האָב אַלעמאָל געשטרעבט צו האָבן אַן אייגן הויז... איך האָב געטראַכט: איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר זאָלן מיינע קינדער אויך עפּעס ירשנען, ווי עס פּירט זיך ביי לייטן... מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. איך האָב אַלעמאָל געאַרבעט שווער, כדי מיינע קינדער זאָלן האָבן פון דעם שענסטן און דעם בעסטן... נו, בין איך געוועזן אַ שלימזל... הייבט אויף דעם קאָפּ מיט מוט. וויסן זאָלט איר, מיינע קינדער: פון נישט קאָנען טאָן טוט מער וויי, ווי פון נישט וועלן טאָן... זיי קוקן אויף אים פאַרגאַפט. הילדע ווישט די אויגן. איצט זע איך, אַז מיין האַנדלונג פאַרשאַפט אייך עגמת נפש... נו, איז טאַקע די בעסטע זאַך, אַז איך זאָל גיין אין מושב זקנים. דאָרט וועל איך נישט זיין אַליין. איך וועל האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן... אַלע זענען שטיל. ער זיפצט. אוי... איר, און קיין שום ייד זאָל נישט וויסן דעם טעם פון בלייבן אַליין אויף דער עלטער... ווישט די אויגן. ס׳איז אַזוי אומעטיק... קיין שום ייד זאָל נישט וויסן דעם טעם...

מארק:

גיט זיך אַ שטעל אויף. דאָס פאַרענטפערט אַלע קשיות. וועגן גיין אין מושב זקנים, איז אויסגעשלאָסן... איך וועל דאָס נישט דער־לאָזן... צום שווער. איר האָט דאָך געזאָגט, אַז איר האָט דאָ אַ גוטע היים און איצט ווילט איר אונדז פאַרלאָזן?...

הארוויין:

מאַרק, דו דאַרפסט מיך שוין קענען. איך האָב פיינט צו זיין עמעצן אין וועג. איך האָב זיך קיינמאָל נישט אָנגעוואָרפן אויף עמיצן. דעמאָנסטרירט זיינע הענט. אַלעמאָל זיך פאַרלאָזן אויף מיינע אייגענע צען פינגער. איצט, קאָן איך מער נישט... איך קאָן נישט! אַז איך קאָן נישט אַרבעטן ביי הייזער — פאַר איך כאָטש אַרום באַקוקן הייזער. איך וויים נישט פון קיין אַנדער לעבן... אַז נישט קיין הייזער — איז די בעסטע זאַך דער מושב זקנים...

מארק :

**איך רעספעקטיר אייער זעלבשטענדיקייט, מיר געפעלט אייער צוגאַנג. איר ווילט נישט זיין אָנגעוואָרפן אויף אייערע קינדער. דאָס איז זייער פיין, אָבער...**

לארי :

**„וואס איי דזשאָק!" (אַ שיינער שפּאַס). איך האָב דיר געזאָגט** מאַרק, אַז מיין טאַטע האָט ליב אָפּצוטאָן שפּיצלעך. **כאַ, כאַ, כאַ. נו, איך דאַרף** שוין גיין. ער גיט אַ קלאַפּ דעם פאָטער אין דער פּלייצע. **ביסט אָ. קיי. פּאַ... ביסט אָלרייט!... כאַ, כאַ, כאַ....**

הילדע :

גיט אַ לויף צו מאַרקן און נעמט אים אַרום. **מאַרק! ביסט אַזאַ גוטער. איך האָב דיך אַזוי שטאַרק ליב. איך האָב געוווסט, אַז דו האָסט נישט געמיינט דאָס אַלץ, וואָס דו האָסט געזאָגט אין אַן אויפ־געגרעגטן מאָמענט.** (זי דריקט אים שטאַרק צו זיך און גיט אים א קוש).

מארק :

**דאָס איז געווען א גוטע לעקציע. לאָמיר פארגעסן דעם גאנצן אינצידענט.**

**הארוויץ :**

שטעלט זיך אויף, ווענדט זיך צו מאַרקן. **ביסט נישט בייז אויף מיר?**

מארק :

**בייז?... כאַ, כאַ, כאַ.** נעמט אַרום דעם פאָטער מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער האַנט האַלט ער שוין פריער אַרומגענומען זיין פרוי. **איך האָב אייך ליב. איך האָב אָבער נאָך מער ליב אייער טאָכטער.**

**הארוויץ :**

ווישט די אויגן פון פרייד. **הלוואי וואָלט איך געווען אַ ביסל**

**יינגער. איידער איך מאַך צו מיינע אויגן, וואָלט איך זייער שטאַרק געוואָלט עפּעס טאָן פֿאַר דיר...**

לאַרי:

האַלט שוין די קליאַמקע פֿון דער טיר. **גוד באַי עוועריבאַדי! דאָס איז געווען אַ שיינער שפּאַס. כאַ, כאַ, כאַ. איך וועל דאָס דערציילן די חברה, וועלן זיי זיך האַלטן ביי די זייטן. כאַ, כאַ, כאַ...** אָפּ.

דער פֿאָרהאַנג לאָזט זיך פּאַמעלעך אַרונטער ווען מאַרק האַלט אַרומגענומען דעם שווער און זיין פֿרוי מיטביידע הענט. מיט פֿריי־דיקע פּנימער קוקן זיי ווי לאַרי פֿאַרלאָזט דאָס צימער אַ לאַכענדיקער.

**דעצעמבער, 1955. לאָס אַנזשעלעס, קאַליפֿאָרניע.**

## פערזאָנען:

**לואי גלעס,** אַ דאַרער, נידעריקער מאַן פון אַ יאָר 60.

**גאָסי,** זייַ ווייב, אַ הויכע, פעטע פרוי מיט אַ געפאַרבט פנים און האָר, פון אַ יאָר 55.

**הערמאַן,** איר ברודער, אַ גוטמוטיקער, פעסט געבויטער מאַן פון אַ יאָר 65.

**עטל האָלדן,** אַ ליכטיק־בלאָנדע נוירס אין אַ ווייסן גאַרניטור, פון אַ יאָר 28.

די האַנדלונג קומט פאָר אין אַ שיין אויסגעשטאַטן אַמעריקאַנער מיטלקלאַס־סאַלאָן. אויף דער רעכטער וואַנט — אַ פייער־קאַמין, איבער וועלכן עס הענגט אַ גרויסער שפּיגל. אין דער צענטער וואַנט — אַ קליינער טויער, פאַרהאַנגען מיט פּאָרטיערן, וואָס פירט אַריין אין די אַנדערע צימערן. אויף דער לינקער זייט פון דער זעלבער וואַנט איז פאַראַן אַ טיר, וואָס פירט אַרויס אין גאַס. אויף דער זעלבער וואַנט איז אויך פאַראַן אַ גרויס פענצטער דורך וועלכן עס שיינט איצט אַריין די זון. עס איז אַ שיינער מאַי־טאָג פון יאָר 1955.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זיצט לואי גלעס אויף אַ געשטעפטער שטול. ער איז אָנגעטאָן אין אַ זיידענעם שלאָפראָק, פּיזשאַמע און שטעק־שיך, דאָס ווייב פּאָרעט זיך אַרום אים. זי דרייט די שטול אַזוי, אַז ער זאָל האָבן אויף זיך אַלע זון־שטראַלן.

גאסי :

**אַזוי... וועסט זיצן אַ ביסעלע, צופיל מיטאַמאָל איז אויך נישט גוט. איך וועל זאָגן דער נוירס, אַז זי זאָל דיך באַלד צוריקנעמען אין בעט אַריין.**

לואי :

**כ'בין שוין מיד פון ליגן, כ'וואָלט שוין געוואָלט צוריקגיין אין „סטאָר", די אַרבעטס אַזוי שווער און איך...** קרעכצט און כאַפּט אָפּ דעם אָטעם.

גאסי :

טוענדיק איר אַרבעט. **זאָרג זיך נישט וועגן מיר. די „ביזנעס" זענען אָלרייט. אַלע פרעגן זיך אויף דיר.**

לואי :

אָפּגעשוואַכט. **ווער האָט זיך געפרעגט?**

גאסי:

מיט אַ שמייכל. דו פרעגסט ווער? אַלע, „די סיילסלייט", (פאַר־קויף־אַגענטן) די „קאַסטימערס", (קונים) אַלע פרעגן זיך.

לואי:

ס'איז נישט קיין ווונדער: מען שטייט אָפּ אַכצן יאָר אויף איין פּלאַץ און מען באַהאַנדלט גוט די קונים, דערוועבט מען זיך פריינד.

גאסי:

נעכטן קומט אַריין מיסטער ראָמאַנאָוו, ער וויל קויפן וועש, האָב איך געמיינט, אַז ביי אַ פרוי וועט ער זיך שעמען. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין דיין פרוי, האָט ער אויסגעגעבן אַ שיינע פּאָר דאָלער, ער האָט געזאָגט, אַז איך זע נישט אויס ווי אַ פרוי פון צוויי אויסגעגעבענע קינדער.

לואי:

דו ווייסט כאָטש, אַז ער איז נאָך אַ בחור?

גאסי:

איך ווייס, זיין גאַנצע ביאָגראַפיע ווייס איך שוין. ווען איך זאָג אים נישט, אַז איך האָב צוויי פאַרהייראַטע טעכטער פון מיין ערשטן מאַן, וואָלט ער מיך געשאַצט פאַר אַ פרוי פון צוויי, העכסטנס דריי און דרייסיק יאָר אַלט.

לואי:

אומרויק. דו היט זיך בעסער פאַר אים, דאָס איז דער גרעסטער וואָלף פון אַלע וועלף אויף האָליוווד־בולוואַר. יעדן טאָג — אַן אַנדערע פרוי, ער איז נישט איבערקלייבעריש.

גאסי:

שמייכלט מיט פרייד. איך האָב זייער וויניק מורא פאַר אים.

לואי:

אַ געשעפט ווו עס קומען אַריין בלויז מענער, דערצו מווי־אַקטיאָרן און די אַנדערע חברה, איז נישט קיין פּלאַץ פאַר אַ פרוי.

גאסי :

קאַקעטיש. ווי איך זע, ביסטו אויך אייפערזיכטיק. קאָנסט זיין זיכער, אַז זיי ליגן מיר נישט אין זינען. ווי צו זיך אַליין. מיין צווייטער מאַן איז אויך געווען אייפערזיכטיק, אַלע זענען אויף מיר אייפערזיכטיק.

לואי :

מיט דער חברה איז מען קיינמאָל נישט זיכער. אומרויק. ווען האָט דער דאָקטער געזאָגט, ווען איך שוין קאָנען אַרויסגיין אין גאַס ?

גאסי :

דערווייל דאַרפסטו אָוועקפאָרן דערהאָלן זיך, ביסט אָפּגעשוואַכט.

לואי :

ווען דו קאָנסט אַוועקפאָרן אויף אַ צוויי וואָכן וואָלט געווען ווילכטיקער פון אַלץ.

גאסי :

און ווער וועט אויפפּאַסן אויף די ביזנעס ? לואי, די פינף יאָר וואָס מיר זענען פאַרהייראַט האָב איך דיר נישט געגעבן קיין געלעגנהייט צו זיין אייפערזיכטיק.

לואי :

ווער קאָן וויסן ? אַז איך בין אַ גאַנצן טאָג... דאָס געשפּרעך ווערט איבערגעריסן.

עס קלינגט דאָס טיר־גלעקל, גאָסי גייט עפענען די טיר. עס באַווייזט זיך איר ברודער הערמאַן. נאָך ביי דער טיר שרייט ער אויס מיט פרייד :

הערמאַן :

וואָס מאַכט דער קראַנקער ? ביסט אָלרייט, לואי.

גאסי :

דאַנקען גאָט.

הערמאַן:

זעצט זיך נעבן קראַנקן. איצט קאָן איך זאָגן, אַז דו האָסט זיך גוט אַרויסגעדרייט. און דו גאָסי, אַז דו ווילסט, קאָן איך קומען אויף שבת דיר העלפן אין „סטאָר.“

גאָסי:

ווען דו קאָנסט קומען פרייטיק, ווען דאָס געשעפט איז אָפן ביז ניין אַ זייגער...

הערמאַן:

זאָגסט פרייטיק, וועט זיין פרייטיק. וואָס טוט מען נישט פאַר אַ שוועסטער.

גאָסי:

איר קאָנט זיצן און רעדן. איך גיי אין „דראָג־סטאָר“. (אַפּטייק). הערמאַן, זע, אַז ער זאָל נישט רעדן קיין סך, ער ווערט גיך אויסגע־מאַטערט. די נוירס גרייט צו עסן. נאָכן עסן, זאָל זי אים גלייך צו־ריקפירן אין בעט אַריין. זי טוט אָן דעם מאַנטל און גייט אָפּ.

הערמאַן:

נו, וואָס זאָגט דער דאָקטער?

לואי:

ער האָט געמאַכט אַראַנזשירונגען אין אַ רעזאָרט־פּלאַץ פאַר מיר.

הערמאַן:

וואָס הייסט? ווי אַזוי קאָן מען דיך לאָזן פאָרן אַליין?

לואי:

ער וויל אַז די נוירס זאָל מיטפאָרן, זי ווייסט שוין ווי אומצוגיין אַרום מיר. ער בלייבט שטיל און זיפצט. איך וויל אָבער, אַז גאָסי זאָל אויך פאָרן.

הערמאַן:

ווי קאָן זי מיטפאָרן? עמיצער דאַרף דאָך אויפפּאַסן אויפן געשעפט.

לואי:

דאָס איז עס דאָך. רוט זיך אָפּ אַ ביסעלע. האָסט געבראַנגט?

איידער איך פאַר אַוועק וואָלט געוועז די ריכטיקע צייט איר דאָס צו געבן.

הערמאַן:

נעמט אַרויס פון קעשענע אַ צירונג־שאַכטעלע און באַלד נעמט ער פון דעם אַרויס אַ גלאַנציקן בראַסלעט. ער דערלאַנגט איס צו לואין, מיט פרייד. **זעסט, דאָס איז אַקוראַטנע אַ קאָפּיע פון דער „ריעל־מעקאַי.״ (פון דער אמתער סחורה).**

לואי:

באַטראַכט דעם בראַסלעט מיט פרייד. **ווען דו זאָגסט מיר נישט, וואָלט איך געמיינט, אַז דאָס איז פערצן קאַראַט גאָלד. וויפל קאָסט דער פאַרגעניגן?**

הערמאַן:

**„האָלסייל״ (הורטאָווגע) אכט דאָלאַר, שוין מיט טעקס. זאָל זי אָנמעסטן, אפשר דאַרף מען אַראָפּנעמען אַ רינגעלע.**

לואי:

קאָן זיך נישט זאַט אָנקוקן. **אַ מציאה, כ׳לעבן. גיי רוף זי אַריין**

הערמאַן גייט צום טויער וואָס פירט אין די אַנדערע צימערן און רופט „מיס האָלדן, מיס האָלדן״, ער קומט באַלד צוריק.

עטל:

גיט אַ קוק אַריין. **איר האָט עפּעס געוואָלט, מיסטער גלעס?**

לואי:

שמייכלט און דעמאָנסטרירט דעם בראַסלעט אין דער לופטן. **נאַ, מעסט אָן, מיין שוואָגער האָט אים ערשט איצט געבראַכט פאַר דיר.** זי שטייט און רויטלט זיך. **אַזוי ווי דו ביסט אַ גוטע נוירס, האָב איך געטראַכט, אַז מען דאַרף דיר געבן אַ שטיקל פּרעזענט.**

עטל:

נעמט דעם בראַסלעט. **אַ דאַנק, איר האָט דאָס נישט געדאַרפט טאָן.**

הערמאַן:

**מעסט אָן, לאָמיר זען, צי עס איז די ריכטיקע מאָס.** ער העלפט איר אָנטאָן.

לואי:

אויב ער געפעלט דיר נישט קאָן מען איבערבייטן אויף עפּעס אַנדערש.

הערמאַן:

מיט פרייד. ווי אָנגעמאָסטן פאַר איר. נאַ, עס איז געקומען אין דעם שאַכטל.

עטל:

נעמט דאָס שאַכטל און לייגט עס אַריין אין איר גאַרניטער קע־שענע. איר פּנים שיינט פון פרייד. איך וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר איך ווייס נישט וואָס. דאָס איז געקומען אַזוי אומדערוואַרט... מיר קומט נישט קיין פּרעזענטן, איך טו מיין פליכט און באַקום באַ־צאָלט דערפאַר.

לואי:

דאַרפסט גאָרנישט זאָגן. ס'איז מיין פאַרגעניגן, וואָס דו נעמסט די קליינע מתנה.

עטל:

נאָך אַלץ איבעראַשט פון דער מתנה. אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק. איך דאַרף אַריינגיין אַ קוק טאָן אויפן עסן. זי גייט אַפּ.

לואי:

צום שוואָגער. גאָסי וועט קומען, וועט זי דיר באַצאָלן.

הערמאַן:

זעצט זיך צוריק אַוועק. וואָס איילסטו זיך? איך מאָן ביי דיר? ווען איך וועל דיר ברענגען די אוירינגלעך פאַר גאָסי, וועסטו באַצאָלן צוזאַמען.

לואי:

שאַ, איך וויל, אַז די אוירינגלעך זאָלן זיין אַ סורפּריז, גאָסי דאַרף וועגן זיי נישט וויסן, פאַר זיי וועל איך אַליין באַצאָלן...

גאָסי:

גיט אַ קום אַריין, וואַרפט אַראָפּ דעם מאַנטל, מען דערקענט אַז

זי איז געלאָפן. זי וויזט די פלעשלעך. איר זעט, דאָס קאָסט ביין דאָלער מיט אַכציק סענט און דאָס קליינע שאַכטל — זעקס דאָלער. אַ „דראָג־סטאָר״ איז די בעסטע ביזנעס. מען נעמט וויפל מען וויל. איך וועל אַ קוק טאָן, צי זי האָט אויסגעלופטערט דעם צימער. איך וויל, אַז זי זאָל לייגן ריינע וועש. גייט אַפּ אין דער קיך אַריין.

הערמאַן:

שטעלט זיך אויף. איך גיי שוין, גאַסי האָט געזאָגט, אַז איך זאָל דיך נישט מאַטערן.

לואי:

ווען וועסטו ברענגען די אוירינגלעך?

הערמאַן:

דאָס וועט זיין די איינציקע פּאָר אוירינגלעך אין דער וועלט. אין מיט, פון אַ גאָלדן הערצעלע וועט זיין אַ דימענטל און...

לואי:

שאַ... ־אַכט זיך, אַז זי קומט, נו, גוט, מיר וועלן זיך זען מאָרגן.

גאַסי:

גיט אַ ־ום אַריין אין כעס, זי איז פלאַם פייער. דו ביסט אַ פאַל־שער מאַן! ־ו ביסט נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט דיך! דו ביסט נישט ווערט וואָס איך טו פאַר דיר! פינף יאָר בין איך געווען דיין דינסט! איך האָב געקאָכט און געוואַשן! איך בין געווען דיין שקלאַף! איך האָב זיך קיינמאָל נישט פאַרקלאָגט! איך האָב געטראָגן מיין גורל שטיל און רויק! וויינט. איך האָב געהאָפט, אַז ביי דיר וועל איך האָבן מער מזל, ווי ביי מיינע פריערדיקע מענער. ברעכט די הענט. וועגדט זיך צום ברודער. דו ווייסט גאַרנישט ווי איך האָב גע־ליטן די פינף יאָר. ס׳איז פון מיר געוואָרן אַ תל! ס׳איז מיך נישט צו דערקענען. זי איז היסטעריש, די מענער קוקן זיך אום, זיי ווייסן נישט פון וואָס צו זאָגן.

הערמאַן:

גאַסי, קאָנסט אפשר זאָגן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך?

גאסי:

היסטעריש. מיין בראַסלעט, מיין גאָלדענעם בראַסלעט האָט ער אַוועקגעגעבן דער נוירס! דו הערסט, מיין בראַסלעט! צום מאַן. דערפאַר וואָס זי איז אַ בלאָנדע און שמייכלט צו דיר? ער ענטפערט נישט. זי שרייט העכער. מיר וועט מען נישט דערציילן קיין מעשיות. בחינם גיט מען נישט קיין בראַסלעטן! אונטער מיינע אויגן זאָלן פאַרקומען אַזעלכע זאַכן. וויינט. ווער ווייסט וואָס זיי האָבן דאָרט אָפּגעטאָן אין דער צייט וואָס איך האָב מיך געמאַטערט אין געשעפט, איך וויל דאָס אפילו פאַר מיינע ליפּן נישט ברענגען. מען לעבט מיט אַ מאַן אַזויפיל יאָרן און איצט טויג איך מער נישט, איך בין אים שוין צוגעגעסן, אַ בלאָנדע נוירס ווילט זיך אים...

הערמאַן:

זעצט זיך נעבן איר. דו קאָסט זיך אומזיסט, גאָסי, דער בראַס־לעט איז נישט פון גאָלד, ער קאָסט איינגאַנצן אַכט דאָלער.

גאָסי:

ווישט די אויגן. אפילו מיין אייגענער ברודער איז קעגן מיר. מיין ערשטער מאַן...

הערמאַן:

גאָסי, זי איז אַ גוטע נוירס, האָט ער איר געקויפט אַ מתנה. איז דאָס אַ פאַרברעכן?

גאָסי:

גיט אַ געשריי. דו דאַרפסט אים נישט פאַרענטפערן! אויב ער קאָן אַוועקגעבן זיין ווייבס זאַכן צו געליבטע, קאָן ער אַליין ענטפערן! ווייזט אויפן מאַן. זעסט ווי ער איז שטיל? ער ווייסט, אַז איך בין גערעכט!

לואי:

הערמאַן, דיין שוועסטער האָט פאַרגעניגן, אַז זי עסט מיר אויס דאָס האַרץ.

גאסי:

שטעלט זיך אויף. אין מיר קאָכט דאָס בלוט און איך עס אים גאָר אויס דאָס האַרץ...

הערמאַן:

גאָסי, דאָס איז אַ שלעכטע איינרעדעניש.

לואי:

איינרעדעניש זאָגסטו? עס איז משוגעת.

גאסי:

בין איך שוין משוגע אויך. וואָס נאָך וועסטו אויסטראַכטן אויף מיר? קאָנסט שוין זאָגן וואָס דו ווילסט. אַז מיין אייגענער ברודער האַלט מיט דיר, וויל איך אַז דו זאָלסט וויסן: זי וועט נישט פאָרן מיט דיר אין דער „קאַנטרי" (איוף דאַטשע). דאָס הויז איז צו קליין פאַר צוויי פרויען! מיטאַמאָל צום מאַן. זאָג מיר דעם אמת: איך וויל וויסן, צי עס איז עפּעס פאָרגעקומען צווישן דיר און די נורס! איך וויל וויסן!!!

לואי:

איך שווער דיר, אַז איך האָב אפילו נישט געטראַכט וועגן איר.

גאסי:

דו ביסט אַ ליגנער! דו צאַפּסט מיין בלוט!

לואי:

אויף מיין ערן־וואָרט.

גאסי:

פונקט ווי דיין ערן־וואָרט וואָלט עפּעס ווערט געווען. זאָג מיר, בין איך נישט קיין געטרייע ווייב? האָב איך דיך פאַרראַטן מיט אַן אַנדערן מאַן? איך וועל זי אַרויסטרייבן...

לואי:

הערמאַן, זאָג דו אַליין, וואָס אַ בידנע שטיקל פרעזענט קאָן אָפּמאַכן. זיפצט. גיי ווייס, אַז עס וועט זיך אַזוי אויסלאָזן. און איך... לאָמיר בעסער שווייגן... ער איז מיד.

גאסי:

**קאָנסטו זאָגן וואָס דו ווילסט, פון היינט אָן וועל איך זיין קליגער: מיסטער ראַמאַנאָוו האָט געזאָגט, אַז איך זע אויס אפשר דרייסיק יאָר...**

**לואי:**

גיט אַ שווערן זיפץ. **הערמאַן, נעם מיך אַריין אין „בעדרום"** (**שלאָפצימער**).

לואי פאַרמאַכט די אויגן און לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ. הערמאַן פירט איה אַריין הינטער די פאָרטיערן. גייענדיק וואַרפט ער אַ בייזן בליק צו זיין שוועסטער וואָס שטייט פאַרצווייפלט און ברעכט די הענט. זי גייט צום שפיגל און הייבט אָן פאַרקעמען אירע האָר און פודערן איר פּנים. אין דעם קומט צוריק הערמאַן.

הערמאַן:

**אַ פיינע סצענע האָסטו אָנגעשפילט, מיין שוועסטער.** זי ענטפערט נישט. **מיט אַזאַ האַנדלונג ווונדערט מיך, וואָס ער האָט געוווינט מיט דיר ביז איצט.**

גאַסי:

מיט כעס. **דו האָסט געהאַנדלט ווי אַן אמתער ברודער.**

הערמאַן:

**גאַסי, דו האָסט נישט קיין האַרץ, פון קליינווייז אויף ביסטו אַלעמאָל געווען אַ שלעכטס.**

גאַסי:

זעצט זיך אויף אַ שטול. **די ערשטע צייט נאָך דער חתונה, איידער ער פלעגט אַוועקגיין אין געשעפט, פלעגט ער מיר געבן אַ קוש, איצט? גאָרנישט, ווי אַ דינסט אין הויז...**

הערמאַן:

**איידער דו האָסט זיך צעיאַכמערט, האָסטו געמעגט פריער אַ קוק טאָן, צי דו האָסט דיין בראַסלעט, צי נישט.**

גאַסי:

**דו מיינסט, אַז איך דערקען נישט מיין בראַסלעט?**

הערמאַן:

ווי איך זע, ווילסטו אים פאַרטרייבן — ווי דו האָסט פאַרטריבן יענע מענער.

גאָסי:

ער גיט אַוועק מיינע זאַכן צו אַ געליבטע און איך בין גאָר די שולדיקע.

הערמאַן.

דו וועסט אַלעמאָל אַזוי מאַנעווורירן, אַז דו זאָלסט האָבן דאָס לעצטע וואָרט. וועסט אַלעמאָל געפינען תּירוצים, אַז דו זאָלסט בלייבן די גערעכטע.

גאָסי:

ווי צו זיך אַליין. ער טוט אָפּ אַזאַ זאַך און איך טאָר אפילו דאָס מויל נישט עפענען. זי זעט ווי הערמאַן שאָקלט מיטן קאָפּ און קוקט אויף איר מיט ביטערקייט, גיט זי אַ הייב אויף דעם קאָפּ מיט געבעט. איך בין קראַנק, איך בין אַ צעבראָכענער מענטש, קיינער ווייסט נישט מיינע ליידן. אַ גאַנצן טאָג בין איך אַליין מיט די פיר ווענט. ווען ער קומט אַ היים, עסט ער אָפּ און לויפט צו דער טעלעוויזיע, אויף מיר קוקט ער זיך אפילו נישט אום, אין מיר פלאַצט דאָס האַרץ. איך שלאָף נישט קיין נעכט. אַלץ וואָס איך בעט, איז אַ קליין ביסעלע ליבע. וואָס קריג איך דערפאַר? אַ נייע געליבטע. אַ פרוי קאָן אַראָפּ־שלינגען אַ סך ביטערע פילן. אַז ער האָט אָבער געקאָנט אַוועקגעבן אַ מתנה וואָס ער האָט מיר געגעבן, איז אַ סימן, אַז ער קאָן זיך באַגיין אָן מיר, אַז איך טויג מער נישט פאַר אים. מיט געבעט. אָ, הערמאַן, דו ביסט מיין ברודער, גיב מיר אַן עצה, וואָס איך זאָל טאָן אַז ער זאָל מיך ליב האָבן.

הערמאַן:

בייז דו ביסט אויף אַן אמת אַראָפּ פון זינען.

גאָסי:

גיט זיך אַ שטעל אויף. וואָס איז? איך בין נישט פעט, איך בין אויך

**נישט אַלט. אַז איך זאָל געבן איין פּיפּס מיין ערשטן מאַן... און אפילו דער מיסטער ראָמאַנאָוו...**

הערמאַן:

פאַלט אַריין אין די רייד. **דו מיינסט, אַז דו ביסט ערשט אַלט געוואָרן זעכצן יאָר?**

גאסי:

פאַרשייט. **איך בין יינגער פון דיר, איך בין יינגער פון לואי,** דירעקט צום ברודער. **דו ביסט שוין אָפּגעלעבט, איך בין נאָך יונג, איך וויל לעבן! יאָ! לעבן!!**

הערמאַן:

מיט ביטערקייט. **איך קאָן מיט דיר היינט נישט רעדן, דו פירסט זיך אויף ווי אַ...**

הערמאַן גיט אַ לויף אַרויס מיט אַ קנאַק אין דער טיר, גאָסי פאַררייכערט אַ ציגאַרעט. זי גייט איבערן צימער אומרויק. מיטאַמאָל גיט זי אַ לויף אַריין הינטער די פאָרטיערן, זי קומט באַלד צוריק מיט איר אייגענעם בראַסלעט. זי באַטראַכט אים פון אַלע זייטן און טוט אים אָן אויף דער האַנט. עס קלינגט דער טעלעפאָן, זי לויפט גיך ענטפערן.

גאסי:

**האַלאָ?... יאָ... יאָ, איין מאָמענט.** גייט צום פאָרטיער און שרייט אַריין. **עטל, מיס האָלדן, אַ טעלעפאָן פאַר אייך.**

עטל:

קומט אַריין. דער בראַסלעט גלאַנצט אויף איר האַנט. זי גייט גלייך צום טעלעפאָן. האַלאָ?... **אָ, העראָלד** אַ שמייכל באַווייזט זיך זיך אויף איר פּנים, גאָסי זיצט און מאַכט זיך, אַז זי הערט נישט. **איך האָב דיך נישט דערוואַרט אַזוי פרי, ניין... נאָך נישט... ניין, יאָ, היינט... אָלרייט... יאָ... גוד באַי.** מיט אַ שמייכל צו גאָסי. **דאָס איז געווען מיין חתן.**

גאסי:

**אָ... איר האָט אַ חתן? איך האָב געמיינט...**

עטל:

מיט פרייד. איר זעט, מיסעס גלעס, איך דאַרף אייך היינט געבן „נאָטיץ" (פאַרלאָזן די שטעלע). איך האָב שוין גערעדט מיטן דאָק־טער. מיין חתן וויל, אַז איך זאָל אויפגעבן די אַרבעט, קומענדיקן זונטיק גייען מיר חתונה האָבן.

גאסי:

שטעלט זיך אויף דערשראָקן. וואָס רעדט איר, מיס האָלדן, אויף וועמען וועט איר איבערלאָזן מיין מאַן? איר ווייסט שוין...

עטל:

דערנענטערט זיך צו גאָסין. מיין חתן האָט געוואָלט, אַז איך זאָל אויפגעבן די אַרבעט נאָך מיט אַ חודש צוריק. איך האָב אַלץ אָפּגע־לייגט, איר און אייער מאַן זענט געווען אַזוי גוט צו מיר. דערצו האָב איך געוואָלט פאַרדינען נאָך אַ ביסל געלט כדי איינקויפן זאַכן...
זי טוט אויס דעם בראַסלעט און דערלאַנגט אים צו גאָסין.

גאסי:

פאַרשעמט. וואָס איז דאָס... זי נעמט זעם בראַסלעט.

עטל:

קוקט איר גלייך אין פּנים אַריין. איך האָב געהערט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען צוליב דעם בראַסלעט. אייער מאַן איז גאָרנישט אַזאַ, ווי איר ווילט זיך אַליין איינרעדן.

גאסי:

פאַרשעמט, מיט דעם צווייטן בראַסלעט אין האַנט. איר קענט נישט מיין מאַן, מ'דאַרף אים היטן.

עטל:

מיט אַ שמייכל, פאַלט אַריין אין די רייד. יאָ, יאָ, אַלע מענער דאַרף מען היטן.

גאסי:

מיין ערשטער מאַן איז אויך נישט געווען קיין מלאך, אָבער...

עטל:

אייער מאַן איז אָפּגעשוואַכט, ער נייטיקט זיך אין סימפּאַטיע און איבערגעגעבנקייט.

גאָסי:

הייבט אָן ווישן די אויגן. אַז איך זאָל חלילה פאַרלירן מיין מאַן, וועל איך פאַרענדיקן אין אַ משגעים־הויז... אַ סך מאָל ווייס איך אַליין נישט וואָס עס טוט זיך מיט מיר...

עטל:

מיסעס גלעס, פאַר מיר וועט אייער וויינען אייך גאָרנישט העלפן. איוב וויינען, ווייַנט איבער זיך אַליין. וויסן זאָלט איר, אַז ליבע אָן צוטרוי איז קיין ליבע נישט. איך רעד צו אייך, ווי איין פרוי צו אַ צווייטער. איך זע, אַז דאָס ווערטל איז ריכטיק: „די אייגענע צונג איז דעם מענטשנס גרעסטער שונא". איר קריגט זיך מיט אייער מאַן אומזיסט.

גאָסי:

ווישט די אויגן מיט אַ שמייכל אויפן פּנים. איר ווייסט, מיס האָלדן, איך בין זיין ערשטע געליבטע. נאָך פון דער אַלטער היים איז ער געווען פאַרליבט אין מיר. ווען זיין פרוי איז געשטאָרבן און איך האָב געהאַט אָפּגעגט מיין צווייטן מאַן, האָט ער זיך ווידער אָנגע־הויבן שדכנען צו מיר. אַלע פרויען אין דער סאָסייעטי האָבן אים אָפּגערעדט פון מיר... זיי האָבן מיר נישט פאַרגונען... אפילו איצט... טרויעריק. איך ווייס נישט וואָס עס איז געשען מיט מיר. טייל מאָל ווער איך אַזוי אומרויק און דערשראָקן, אַז די בלוטן הייבן אָן קאָכן אין מיר. איך פיל ווי אויסצוטאָן זיך נאַקעט און צערייסן מיינע קליי־דער. איך האָב מורא, אַז אַן אַנדערע פרוי זאָל אים נישט צונעמען פון מיר. זיי פאַרגינען מיר נישט דאָס לעבן. ברעכט די הענט.

עטל:

מאַכט דאָס נישט אַזוי טראַגיש. גייט בעסער אַריין צו אים, באַ־רויקט אים, ער וועט זיך פילן בעסער, אַז איר וועט רעדן צו אים צאַרט און רויק. זאָגט, אַז איר האָט נישט געמיינט דאָס אַלץ וואָס

**איר האָט געזאָגט. אָ, איך דאַרף אייך נישט לערנען וואָס צו זאָגן...**

גאָסי:

שטייט אין אַ פאַרלעגנהייט. ביידע בראַסלעטן גלאַנצן ביי איר אין די הענט, עטל טוט אויס דעם גאַרניטער און בעת מעשה, וואַרפט זי בליקן צו גאָסין. **איך גיי נישט! ער וועט מיינען, אַז איך פאַל צו זיינע פיס. אָ, ניין! איך וועל מיך נישט דערנידעריקן!... דאָס נישט,**

עטל:

שטייט שוין אין איר קלייד. זי האָט אויסגעטאָן איר היטעלע, מאַכט גלייך אירע האָר און רעדט אַריין אין שפּיגל. **ווי לייכט עס איז צו מאַכן אַ תל פון דעם אייגענעם לעבן. מענטשן רוּינירן זיך אַלייך און וואַרפן די שולד אויף אַ צווייטן...** גיט זיך אַ דריי אויס צו גאָסין. **איר זייט דאָך מאַן און ווייב! איר זאָגט דאָך, אַז איר האָט אים ליב. וואָס וועט אייך שאַדן, אַז ער וועט מיינען? אויב דאָס וועט העלפן צו זיין געזונט, זאָל ער מיינען... אַז ער וועט מיינען, איז וואָס?...** דערנענטערט זיך צו גאָסין וואָס שטייט אַ דערשלאָגענע, מיט באַדויערן. **איך האָב היינט געלערנט, ווי אַזוי נ י ש ט צ ו פ י ר ן מיין פאַרהייראָט לעבן. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ גוטע לעקציע.** זי קוקט אויף גאָסין מיט באַדויערן, יענע קוקט אויף עטלען מיט אויסגעגלאָצטע אויגן.

הערמאַן:

גיט אַ קום אַריין מיט אַ שמייכל. **פון גרויס איילעניש האָב איך פאַרגעסן מיין הוט.** קוקט זיך אַרום און ווענדט זיך צו גאָסין. **ווו איז מיין הוט?** ער דערזעט ביידע בראַסלעטן אָנגעטאָן אויף גאָסיס הענט — בלייבט ער שטיין פאַרווונדערט און דערשראָקן. גאָסי פאַרמאַכט די פאַרגלאָצטע אויגן און לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ. אַלע דריי בלייבן פאַרשטיינערט. ער איז נאָך מער איבערראַשט וואָס די נוירס טראָגט נישט דעם אוניפאָרם. צו דער נוירס. **וואָס איז דאָס?!!**

עטל:

באַטראַכט זיך אַליין מיט אַ שמייכל. **אָ, איך דאַרף גיין באַגעגענען מיין חתן. מיר גייען חתונה האָבן קומענדיקע וואָך.**

הערמאַן:

צו גאָסין מיט באַדויערן. **נו, איצט ביסטו צופרידן?** זי ענטפערט נישט און קוקט נישט אויף קיינעם. ער רעדט העכער מיט ביטערקייט. **צופרידן, האָסט געצאַפּט זיין בלוט אומזיסט און אומגישט.** צו עטלען. בעת מעשה וויזט ער אויף די פּאַרטיערן. **וואָס מאַכט ער דאָרט?**

עטל:

**איך האָב פאַרגעשלאָגן מיסעס גלעס, אַז זי זאָל אַריינגיין צו איר מאַן און אים באַרויקן. האָט זי מורא, אַז זי וועט זיך דערנידעריקן.**

הערמאַן:

מיט ביטערקייט צו גאָסין. **אַזוי, האָסט מורא, אַז דו וועסט זיך דערנידעריקן? אַזוי... אַזוי..** עס איז שטיל, מיטאַמאָל דערזעט ער ווי לואי שטייט, אַנהאַלטנדיק זיך אין די פּאַרטיערן. ער גיט אַ לויף צו אים. **וואָס איז דאָס, אַליין אַרויס פון בעט?...**

לואי:

**איך האָב נישט געקאָנט איינליגן אין בעט.** ער זיפצט, הערמאַן און די נוירס פירן אים צו דער געבעטער שטול און זעצן אים אַוועק, ער דערזעט די נוירס אין דעם ציווילן קלייד — איז ער גאָר פאַרוווּנדערט. **וואָס איז דאָס?...**

עטל:

**זי דעקט אים צו מיט אַ קאָלדרע. איר דאַרפט זיך נישט אויפרעגן, מיסטער גלעס...**

לואי:

ער הערט נישט וואָס די נוירס זאָגט. צו גאָסין מיט ביטערקייט. **אַזוי... דו האָסט אויסגעפירט, דו פאַרטרייבסט די נוירס!...** הערמאַן וויל אים באַרויקן, גאָסי ציט אויס ביידע הענט און וויל זיך דערנענטערן צו אים, דערזעט ער אָבער ביידע בראַסלעטן אויף אירע הענט גלאַנצן, ווערט ער נאָך מער דערשראָקן און בייזן. **איצט ביסטו צופרידן, ביידע בראַסלעטן זע איך גלאַנצן אויף דיינע הענט...** זיפצט און שאָקלט מיטן קאָפּ. **צוליב דעם פאַרטרייבסטו די נוירס. צוליב**

**דעם האָסטו...** ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט ווי ער וואָלט געוועז מיד און רעזיגנירט, ער זיפצט. **הערמאַן...**

**גאסי:**

גיט שטאַרקן זיפץ. **אוי!** זי האַלט זיך ביי דער ברוסט. פאַרמאַכט די אויגן און גיט אַ פאַל אַוועק אויף דער קאַנאַפּע וואָס שטייט הינ־טער איר. זי ציט אויס די פיס און לאָזט אַרונטער אירע הענט אויף איר שויס. עטל גיט אַ לויף צו איר און בעת מעשה ווענדט זי זיך צו הערמאַנען וואָס איז געזעסן נעבן לואין און האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף.

**עטל:**

**טעלעפאָנירט נאָכן דאָקטער, שנעל, זאָל ער שוין אַהערקומען.**

**פאָרהאַנג פאַלט.**

**פעברואַר, 1956. לאָס אַנזשעלעס, קאַליפאָרניע.**

פ ע ר ז אָ נ ע ן :

**דיינא מארשלי** אַ פריילין, 29 יאָר אַלט.

**סיימאָן שילער,** אַ מאַן פון אַ יאָר 32.

אַ רייך־איינגעאָרדנטער מוזיק־זאַל. אין דער לינקער וואַנט אַ טיר, וואָס פירט אַריין אין די אַנדערע צימערן. אויף אַ האַלבער צענטער־וואַנט — אַ גרויסע טיר, פאַרהאַנגען מיט פּאָרטיערן, דורך וועלכער עס זעט זיך אַרויס דער סאַלאָן. אין דער עקסטרעם־רעכטער וואַנט, נענטער צום עולם, איז פאַראַן אַ טיר וואָס פירט אין אַ שלאָפצימער. די טיר שטייט אַ ביסעלע אָפן. אין זאַל זענען פאַראַן אַ קאַמין, איבער וועלכן עס הענגט אַ גרויס בילד פון אַ זיידן. ביכער־פּאָליצעס, גע־בעטע שטולן, אַ פּיאַנאָ, אויף וועלכן עס שטייען צוויי גרויסע לייכטער מיט דריי ברענענדיקע ליכט אין יעדער. אַ טישל, אויף וועלכן עס שטייט אַ וואַזע מיט בלומען. לאָמפּן, אַ טיש מיט שטולן און אויך אַ קליין טישעלע מיט אַ טעלעפאָן. דאָס טישעלע איז נענ־טער צום פּיאַנאָ. עס איז אַ פרילינג־אָוונט אין יאָר 1957.

בעת דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זיצט דיינא מאַרשל ביי דער פּיאַנאָ, מיטן פּנים צום עולם, פאַרטיפט אין שפּילן בעטהאָווענס „די סאָנאַטע פון אַ לבנהדיקער נאַכט.״ אירע ברוינע האָר וואָס הענגען אַרונטער ביז די אַקסלען, זענען פאַרבונדן מיט אַ טאַשמע, כדי זיי זאָלן נישט פאַלן אין פּנים אַריין. זי טראָגט אַ ווייסע בלוזקע, אַ טונ־קעלע ספּודניצע און אַ סוועטער הענגט אויף אירע אַקסלען.

אינמיטן פון איר שפּילן דערהערט זיך אַ קלינגען ביי דער טיר. זי רייסט איבער דאָס שפּילן און גייט דורך די פּאָרטיערן אין גאַסט־זאַל אַריין. דורך דער צייט קלינגט דאָס גלעקל עטלעכע מאָל. עס דויערט נישט לאַנג און זי קומט באַלד צוריק.

נאָך איר קומט אַריין סיימאַן שילער. ער איז אַ הויכער, שיינער, אַטלעטיש געבויטער מאַן. ער גייט גלייך און שטאָלץ. זיין פּנים האָט שטאַרקע שטריכן פון אַ דעטערמינירטן, פּאַרעקשנטן מענטשן. ער שמייכלט זעלטן. ער איז אַקוראַטנע אָנגעטאָן. זיינע טונקעלע, געלאָקטע האָר זענען גלאַט פאַרקעמט. אַריינקומענדיק, איז ער געבליבן שטיין

נעבן די פּאַרטיערן אין איבערמאַנטל און מיטן הוט אין דער האַנט. זי איז אַוועק טיפער אין זאַל. זי רעדט צו אים, אָבער זי קוקט נישט אויף אים. ער פֿאָלגט נאָך אירע באַוועגונגען מיט זיינע אויגן.

**דיינא:**

**איך האָב דיר אויסדריקלעך געשריבן, אַז דו זאָלסט נישט קומען.** ס'איז שטיל אַ ווייל. זי גיט זיך אַ דריי אויס צו אים **האָסט נישט דערהאַלטן מיין בריוו?**

**סיימאָן:**

מיט ביטערקייט. **דערהאַלטן.** עס איז שטיל אַ ווייל.

**דיינא:**

אומרויִק. **דאַכט זיך, אַז דער בריוו האָט אויסדריקלעך דערקלערט...**

**סיימאָן:**

**איך ווייס וואָס דער בריוו האָט דערקלערט!**

**דיינא:**

ווי צו זיך אַליין. ער הערט אָבער וואָס זי זאָגט. **און דאָך ביסטו...**

**סיימאָן:**

**און דאָך בין איך געקומען, אַזוי גיך ווי...**

**דיינא:**

הייבט אויף דעם קאָפּ. אַ טרויעריקער שמייכל זעט זיך אויף איר פּנים. **אַז דו ביסט שוין דאָ — שטיי נישט ביי דער טיר ווי אַ פרעמדער.** זי זעצט זיך אויף אַ שטול און קוקט אויף אירע הענט וואָס ליגן איר אויפן שויס.

**סיימאָן:**

**האָסט מיך באַגעגנט ווי איינעם וועמען מען וויל פֿאַרגעסן... האָבן די עטלעכע חדשים וואָס איך בין דאָ נישט געווען אַזוי שטאַרק געביטן דיין באַציונג?**

**דיינא:**

**איך פֿאַרשטיי נישט וואָס דו מיינסט.**

**סיימאָן:**

**דו ווייסט זייער** גוט **וואָס איך מיין. ווען דו מאַכסט דעם אומשול־דיקן אָנשטעל: „איך פֿאַרשטיי נישט וואָס דו מיינסט", ווייסטו זייער**

גוט, ווען וואָס איך רייד. טוט אויס דעם מאַנטל און לייגט אים אַוועק אויף אַ שטול און דעם הוט אויף אַ צווייטער שטול, בעת מעשה קוקט ער אויף זיין האַנט־זייגערל. עס איז איצט פונקט אַ שעה מיט דריי פערטל, ווי איך בין אַראָפּ פון דעם עראָפּלאַן. צווישן דער קאָרעס־פּאָדענץ וואָס איז געווען אויף מיין טיש האָב איך געפונען דיין בריוו. ער בלייבט שטיין אינמיטן זאַל און קוקט שאַרף אויף איר. זי קוקט נישט צו אים. אין אָנהייב האָב איך גערעכנט צו טעלעפאָנירן. איך האָב מיך באַלד מישב געווען, אַז איך זאָל אַליין אַהערקומען און הערן פון דיין אייגן מויל...

דיינא:

שטעלט זיך אויף. דו מוזט זיין מיד און הונגעריק. גיי וואַש זיך אָרום. איך וועל אַריינגיין צוגרייטן עפּעס עסן פאַר דיר.

סיימאָן:

איך וויל נישט קיין עסן! איך קאָן נישט עסן! דערנענטערט זיך צו איר מיט צאַרטקייט. וואָס האָט פּאַסירט, דיינא?...

דיינא:

גיט אַ פאַל צו זיין ברוסט און צעוויינט זיך. אָ, סיימאָן, ווען דו וואָלסט געקומען מיט פיר וואָכן פריער. איצט איז שוין צו שפּעט. צו שפּעט...
זי נעמט אַרויס דאָס נאָז־טיכעלע פון זיין ברוסט־קעשענע און ווישט די אויגן.

סיימאָן:

פאַרוואָס צו שפּעט?... ער נעמט איר קאָפּ אין זיינע דלאָניעס און קוקט איר אין פּנים אַריין. מיר האָבן דאָך געהאַט אָפּגערעדט, אַז אַזוי גיך ווי איך וועל צוריקקומען וועלן מיר...

דיינא:

בעת זי זעצט זיך אויף אַ בענקל און ווישט די אויגן איך האָב געוווסט, אַז אין דיין קעגנוואַרט וועל איך פאַרלירן די קאָנטראָל איבער זיך. איך וועל זיך צעוויינען ווי אַ נאַריש מיידל... איך האָב דיר גע־שריבן, אַז דו זאָלסט נישט קומען, זאָלסט פאַרגעסן אין מיר, זאָלסט זיך אָפּזוכן אַ מיידל און חתונה האָבן, האָבן קינדער און...

סיימאָן:

זעצט זיך נעבן איר, נעמט אירע הענט אין זיינע און לייגט זיי צו צו זיינע ליפּן. אָבער פאַרוואָס? פאַרוואָס זאָל איך זיך אָפּזוכן אַ

מיידל, אַז די אַלע זאַכן וויל איך האָבן מיט דיר. ער קושט אירע הענט. מיט דיר!... דו הערסט דיינאַ, דו וועסט זיין די שענסטע און די אינטע־ליגענטסטע פרוי אין דער קאָלאָניע.

דיינאַ:

דו מיינסט דאָס אויף אַן אמת? אָ, סיימאָן, איך וויל אַז דו זאָלסט אַלעמאָל אַזוי טראַכטן וועגן מיר.

סיימאָן:

ווען איך האָב זיך באַקענט מיט די פרויען פון די אינזשיניערן, דירעקטאָרן און פון די פּאַרוואַלטערס, האָב איך דיך אין מיין געדאַנק פאַרגליכן מיט זיי. איך זאָג דיר, אַז איצט בין איך דאָפּל גליקלעך. דו וועסט זיין די טאָנגעבערין פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

דיינאַ:

און איך בין געזעסן איינע אַליין, חדשים מיט אויסגעצויגענע טעג און טיפע נעכט און געחלומט, אַז דו וועסט קומען צו מיר, ווי יענער פּרינץ אין די מעשה־ביכלעך...

סיימאָן:

דיין חלום איז איצט מקוים געוואָרן. מיר וועלן...

דיינאַ:

פּאַרטרויערט. איצט איז צו שפּעט. וואָלסט געווען געקומען כאָטש מיט פיר וואָכן צוריק. זי ציטערט פון אומרויקייט, זי נעמט צו אירע הענט און לייגט זיי צוריק ביי זיך אויפן שויס, זי רוקט זיך אָפּ פון אים און זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ.

סיימאָן:

זעט ווי זי רוקט זיך אָפּ פון אים, גייט ער און זעצט זיך אויף אַ שטול אַנטקעגנאיבער איר. האָסט שוין צוויי מאָל געזאָגט, ווען איך וואָלט געקומען מיט פיר וואָכן פריער. מעג איך אפשר וויסן וועגן די קאָשמאַרנע פיר וואָכן, וואָס האָבן אַוועקגעשטעלט אַ וואַנט צווישן מיר און דיר?

דיינאַ:

אין דער זעלבער פּאָזע. זי ציט פּאַמעלעך די ווערטער. די מעגסט... איך ווייס נישט ווי אָנצוהייבן...

סיימאן:

דערשראָקן. איך האָף, אַז עס האַנדלט זיך נישט וועגן אַן אַנדערן...

דיינא:

זיפֿצט און קוקט אויף אים מיט אַ צאַרטן שמייכל. אָ, ניין... מיט פֿיר וואָכן צוריק האָט מען די מאַמע אַהיימגעבראַכט. אויב מען וועט איר נאָך איין מאָל אָוועקנעמען אין אַ סאַנאַטאָריע צי אין אַ קאָנוועלעסענט־היים, וועט זי אַנטלויפֿן — האָט זי געזאָגט. זי האָט זיך איינגערעדט, אַז די נויירסעס און די דאָקטוירים ווילן איר פֿאַרסמען. זי בלייבט זיצן מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. ער קוקט שטרענג אויף איר. עס איז געבליבן איין אויסוועג: איך זאָל בלייבן מיט דער מאַמען אין דער היים...

סיימאן:

גיט זיך אַ שטעל אויף. דו האָסט זייער גוט געוווּסט, אַז אויב דער פּראָיעקט וועט זיך איינגעבן, וועסטו דאַרפֿן פֿאָרן מיט מיר קיין פּערו. דאָך האָסטו צוגעשטימט צו דעם?!

דיינא:

מיט אַכט חדשים צוריק, ווען דו ביסט אַוועקגעפֿאָרן, האָסטו גע־דאַרפֿט מיך מיטנעמען מיט זיך.

סיימאן:

גייט איבערן צימער אַן אויפֿגערעגטער. ווען ער רעדט, שטייט ער אַנטקעגן איר, בייז. ווי האָסטו געקאָנט מיטפֿאָרן, אַז איך אַליין האָב נישט געוווּסט ווו איך וועל זיין? דאַכט זיך, אַז מיר האָבן דעמאָלט זייער פֿיל גערעדט וועגן דעם. עס איז פֿאַרשטאַנען געוואָרן, אַז איך זאָל פֿאָרן אַליין, ביז איך וועל וויסן, ווי מיר האַלטן מיט די מינעס... איך האָב נישט געקאָנט נעמען דעם עול אָן אַן אָנשטענדיקער, זיכערער הכנסה...

דיינא:

אָ, סיימאן: איך קען דיין כאַראַקטער. דו האָסט פֿיינט צו ליידן צוליב אַ פֿרוי. אַלץ מוז זיין, אַזוי ווי דו ווילסט...

סיימאן:

פֿון וואַנען ווייסטו דאָס אַזוי גוט?

דיינא:

נו, גוט. ווייס איך נישט. אַז דו ביסט שוין יאָ אַהערגעקומען, לאָמיר נישט צעשטערן די עטלעכע גליקלעכע מינוטן.

סיימאָן:

נו, גוט. וואָס האָט דיין מוטער געזאָגט, זי איז אוודאי געווען צופרידן?

דיינא:

וואָס קאָן מען האָבן צו אַ קראַנקער, צעבראָכענער פרוי? עס איז אַ גרויס רחמנות אויף איר. איך קאָן זי נישט איבערלאָזן אויף קיין איין מינוט. דער דאָקטער איז דאָ פריער געווען. ער האָט איר געגעבן אַ „סעדעטיוו." זי שלאָפט איצט. זי הייבט אויף דעם קאָפּ מיט געבעט: סיימאָן, ווען דו זעסט איר, וואָלסטו זיך אויך צעוויינט.

סיימאָן:

הייסט עס, אַז דיין מוטער האַלט דיך צוריק. וויל זי נישט פאַרשטיין, אַז דו ביסט באַרעכטיקט צו אַן אייגן פאַמיליע־לעבן? דערפאַר, ווייל דו ביסט איר איינציק קינד, מוז זי דיך האַלטן צוגעבונדן צו זיך? פאַרוואָס קאָן זי נישט זיין ווי אַנדערע מוטערס?... עס איז שטיל.

דיינא:

פון דיין היינטיקער האַנדלונג בין איך אַ ביסל אַנטוישט. דו האַנדלסט זייער נישט לאָגיש.

סיימאָן:

לאַכט סאַרקאַסטיש. האָסטו געזען אַ פאַרליבטן מאַן וואָס זאָל האַנדלען קלוג אָדער לאָגיש?

דיינא:

דאָך, אַנשטאָט אַריינגיין אין מיין לאַגע, טראַכסטו מער וועגן זיך.

סיימאָן:

דערנענטערט זיך צו איר. דאָס איז די איינציקע זאַך וועגן וואָס איך טראַכט. אַ מענטש האָט בלויז צוויי טיילן אין זיין לעבן: זיין ווייב — פאַמיליע און זיין אַרבעט. אַז מען נעמט צו איין טייל, קאָן די צווייטע נישט פונקציאָנירן.

דיינא:

מיט געבעט. וואָלט כאָטש דער דאָקטער געווען אָפּטימיסטיש. ער

זאָגט, אַז די מוטער קאָן זיך אַזוי מאַטערן אַ וואָך, אַ חודש, אַ טאָג און אַמאָל — עטלעכע יאָר...

סיימאָן:

בלייבט שטיין אַנטקעגנאיבער איר. וואָס האָב איך געקאָנט העלפן, ווען איך וואָלט דאָ געווען?

דיינא:

דו וואָלסט מיר געקאָנט עצהן וואָס איך זאָל טאָן... אָדער גאָר פֿאָרשלאָגן, אַז מיר זאָלן גיין וווינען צוזאַמען... איך מיין צו זאָגן...

סיימאָן:

דערנענטערט זיך נאָך מער צו איר. זי רוקט זיך אָפּ אַ ביסעלע. איך בין געקומען דיך מיטנעמען מיט זיך. בלויז צוליב דיר בין איך געקומען...

דיינא:

גייט איבערן צימער און רעדט, נישט דווקא צו אים. אָבער ער הערט גוט וואָס זי זאָגט. איך בין געווען אַזוי גליקלעך, ווען דו האָסט מיר געשריבן, אַז די קאָמפּאַניע האָט דיך באַשטימט פֿאַר דעם הויפּט־אינזשעניר פֿון די קופּער־מינען. איך האָב געציילט די טעג ווען... עס דערהערט זיך אַ שטאַרקער קרעכץ פֿון דעם שלאָפֿצימער. דיינאַ לויפֿט גיך צו דער טיר. פֿאַרשווינדט אויף אַ ווייל און קומט גלייך צוריק. זי פֿאַרמאַכט האַלב די טיר. זי אָטעמט אָפּ פֿרייער. זי שלאָפֿט נאָך... ווען מען האָט זי אַהיימגעבראַכט, האָט זי מיך אַרומגענומען און געקושט מיינע הענט. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי מיך געבעטן: „דיינאַ, מיין קינד, לאָז נישט, אַז זיי זאָלן מיך צונעמען פֿון דאַנען. איך וויל שטאַרבן אויף מיין אייגן בעט.‟ איר געבעט האָט געריסן ביים האַרצן. זי זעט ווי אירע רייד ווירקן נישט אויף אים, גיט זי אַ זאָג סיימאָן. זאָג עפּעס... זי איז מיין מוטער... פֿאַרשטייסט, מיין מאַמע.

סיימאָן:

און דו ווילסט זיין פֿאַרשפּאַרט דאָ — אַזוי לאַנג ווי...

דיינא:

איך האָב איר צוגעזאָגט. ווען דו וואָלסט געזען איר בעטנדיקן בליק, אירע הילפֿלאָזע הענט, זיי וועלן אַלעמאָל שטיין פֿאַר מיינע אויגן...

סיימאן:

און וואָס וועט זיין פון אונדז, פון דיר, פון מיר?...

דיינא:

דערפאַר האָב איך דיר געשריבן. איך האָב געוואָלט פאַרמיידן די איצטיקע סצענע.

סיימאן:

גיט אַ געשריי מיט כעס. אַזוי, דו האָסט געוואָלט פאַרמיידן די איצטיקע סצענע!?

דיינא:

וויל לויפן צו אים, בלייבט אָבער שטיין אינמיטן זאַל, מיט די פינגער אויף די ליפּן. שאַאַאַ... אַ טומל, אָדער אויפרעגונג, קאָן חלילה פאַרערגערן איר לאַגע.

סיימאן:

שרייט מיט ביטערקייט. און מיין לאַגע, און דיין לאַגע? וועגן דעם האָט דיין מוטער געטראַכט?

דיינא:

פאַרשטעלט זיין מויל, אַז ער זאָל נישט שרייען. איך בעט דיך. סיימאן, שריי נישט אַזוי...

סיימאן:

רעדט היץ און מיט כעס. איך בין נישט געקומען צו פליען פון אַזוי ווייט און געפּטרט אַזויפיל געלט אויסצוהערן די אַלע זאַכן. איך קאָן נישט דערלאָזן, אַז דו זאָלסט זיין צוגעבונדן צו אַן אינוואַליד טאָג און נאַכט, אויסשטיין אַלע אירע קאַפּריזן, און ווער ווייס ווי לאַנג דאָס קאָן זיך שלעפּן!... עס איז ברוטאַל צו מאַכן אַ יונגע פרוי פאַר אַ לעבעדיקן מת... און איך ווו בין?... ניין! איך וועל דאָס נישט דערלאָזן!

דיינא:

קוקט אים אין די אויגן אַריין. מיט געבעט. אָ, סיימאן, און איך האָב געמיינט אַז דו טראַכסט בלויז וועגן זיך אַליין. דיין איבערגעבנ־קייט, דיין ליבע וועט מיר געבן מער מוט אויסצופירן מיינע פליכטן צו מיין מוטער.

סיימאן:

דאָס איז זייער נאָבל פון דיר. און וועגן מיר האָסטו עפּעס געטראַכט?...

דיינא:

ווי די זאַך זעט איצט אויס, וועל איך מיך מוזן באַגנוגענען מיט דעם, וואָס איך וועל טראַכטן וועגן דיין דערפאָלג. איך וועל נאָכפאָלגן דיין קאַריערע. ווי ווייט דו וועסט נישט זיין פון מיר, וועסטו אַלעמאָל שטיין פאַר מיינע אויגן.

סיימאָן:

אָבער דיין צוגעבונדנקייט צו דיין מוטער איז שטאַרקער פון...

דיינא:

דו ביסט אַ מאַן. דו האָסט פעיקייט און אַמביציע. דו האָסט אַ שטאַרקן כאַראַקטער. דו וועסט שטייגן הויך. איר שטים איז ווייך. זי שטערנגט זיך אָן נישט אַרויסצווייזן אירע געפילן. איך גלייב אין דיר. איך וועל זיך פרייען מיט דיין דערפאָלג. ווען איך האָב דיר געשריבן דעם בריוו, האָב איך זיך פאַרגעשטעלט, אַז דו וועסט דאָס אַלץ נעמען פילאָזאָפיש. דו ביסט אַלעמאָל געווען בראַוו און זעלבשטענדיק... קיין אַנדערן אויסוועג האָסטו איצט נישט אַנגעוויזן. די מאַמע איבערלאָזן אַליין קאָן איך נישט...

סיימאָן:

איצט שטיי איך אַ באַזיגטער, ווי אַ באַשטראָפט חדר־יינגל...

דיינא:

גיט זיך אַ דריי אויס צו איר. וואָלסטו געוואָלט, אַז דיין פרויס האַרץ און געפילן זאָלן זיין אומרויק און פאַרזאָרגט וועגן איר מוטער? עס איז שטיל. אדרבא, זאָג, גיב אַן עצה. וואָלסטו געוואָלט, אַז דיין פרויס האַרץ זאָל זיין ווייט פון דיר?...

סיימאָן:

איך האָב נישט געוווּסט, אַז די ליבע צו דיין מוטער איז שטאַרקער פון...

דיינא:

ווי קאָנסטו אַזוי רעדן, סיימאָן? זי איז נישט שטאַרקער. איך קאָן דאָך זי נישט איבערלאָזן אין אַזאַ צושטאַנד. איך טו בלויז דאָס, וואָס אַ טאָכטער דאַרף טאָן.

סיימאָן:

טעכטער באַמערקן נישט, אַז עס זענען פאַראַן מוטערס, וואָס פאַר־

גינען נישט זייערע אייגענע קינדער זייער פערזענלעך גליק. די גרעסטע סאַדיסטן זענען די אַלטע, רייכע אלמנות...

דיינא:

דו דאַרפסט נישט באַשולדיקן מיין מוטער. זי האָט מיט מיין באַשלוס גאָרנישט צו טאָן...

סיימאַן:

יאָ. דו ביסט אַ געטרייע טאָכטער מיט אַ צאַרט, ווייך האַרץ. דיר איז געווען לייכט אַדורכצופירן דיין באַשלוס. וואָס איז אָבער ווענן מיר?...

דיינא:

איך גיב צו, אַז איך האָב נישט קיין לאָגישע אַרגומענטן אויף דיינע טענות... ווייזט אויס, אַז דער גורל האָט אַזוי געוואָלט. זעצט זיך אויף אַ בענקל מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. אָ... איך ווייס אַליין נישט וואָס דער גורל האָט געוואָלט. הייבט אויף דעם קאָפּ. מיט געבעט. איך האָב איר צוגעזאָגט! איך קאָן נישט ברעכן מיין וואָרט!

סיימאַן:

און מיר האָסטו דאָך אויך צוגעזאָגט. דו האָסט געזאָגט, אַז דו ליבסט מיך, אַז דו וועסט גיין, ווו איך וועל גיין. מיט ביטערקייט. צו מיר ביסטו געווען פאַרשווענדעריש מיט ווערטער. איך האָב זיי גענומען ערנסט. איך בין געקומען צו פליען פון אַזוי ווייט, און איצט?...

דיינא:

סיימאַן, דו פייניקסט מיך...

סיימאַן:

אויב דו האָסט אויף אַן אמת געמיינט אַלץ וואָס דו האָסט מיר געזאָגט — פאַרוואָס טוסטו גאָרנישט צו פאַרגרינגערן מיינע ליידן?...

דיינא:

ווען איך וואָלט נאָר געקאָנט באַווייזן וויפל איך לייד צוליב דיר... מיט געבעט. דו דענקסט אפשר, אַז איך בין אַ שלעכטע, אַ בייזע, אַן עקשן. זע, וואָס איך גיב אויף צוליב מיין מוטער! איך ליב דיך, סיימאַן. איך האָב נאָך קיינעם אַזוי נישט געליבט. דו ווייסט דאָס זייער גוט. דיין אָפּוועזנהייט האָט נאָך מער באַשטעטיקט מיינע געפילן. זעסט, איך האָב געעפנט מיין פרויאיש האַרץ פאַר דיר... איך שעם זיך נישט

**מער**...זי גיט אַ פּאַל אַוועק אויף אַ שטול מיט אַ געוויין. **דאָס האַרץ איז אַזוי קליין און דאָך פאָדערט מען פון דעם אַזויפיל**... עס איז שטיל. זי זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און ווישט די אויגן.

סיימאָן:

גייט איבערן צימער אַן אומרויקער. מיטאַמאָל גיט ער זיך אַ דריי אויס. לויט ווי דו האַנדלסט, **האָט דיין מוטער נישט איבערגעלאָזן קיין איין טראָפּן ליבע אין דיין האַרצן פאַר מיר. די פליכט צו דיין מוטער האָט אַלץ איבערגעוועוויגן... איך האָב אַן צווייפלען, צי דו האָסט מיך אויף אַן אמת אַמאָל ליב געהאַט**... גייט אָפּ מיט ביטערקייט.

דיינא:

גיט זיך אַ שטעל אויף אין כעס. **סיימאָן!!!**

סיימאָן:

אין דער זעלבער שטימונג ווי פריער. **זאָל די פליכט צו דיין מוטער זיין שטאַרקער ווי די ליבע צו מיר?... פאַרוואָס זאָל זי צעשטערן מיין גליק? זי האָט שוין גענאָסן פון אַלע לעבנספריידן. איצט איז זי אַלט, אָבער דו, איך — מירביידע זענען נאָך יונג**... ער דערנעענטערט זיך צו איר און זי דערווייטערט זיך פון אים. **דיינא, איך וועל נישט קאָנען אַרבעטן, איך וועל נישט זיין רויק ווען איך וועל וויסן, אַז דו ביסט דאָ פאַרשפאַרט**...

דיינא:

**פאַרוואָס גלייבסטו מיר נישט? פאַרוואָס קאָנסטו נישט זען, אַז דו האָסט אַלצדינג: מיין ליבע, מיינע האָפענונגען, מיינע תפילות, מיין... אַלצדינג. וואָס האָט זי?...**

סיימאָן:

**זי האָט דיך!**... ער גיט אַ לויף צו צו איר און נעמט איר אַרום מיט קראַפט און הייבט זי אַן צו קושן. **דו ביסט מיין... מיין... מיין**...

דיינא פאַרלירט די קאָנטראָל איבער זיך. אויך זי הייבט אים אָן קושן ליידנשאַפטלעך. ביידע זענען גליקלעך אויף איין מאָמענט. באַלד דערהערט זיך אַ שטאַרק זיפצן און קרעכצן פון שלאָפצימער. זי פּרו־בירט זיך באַפרייען פון זיינע שטאַרקע אָרעמס, ענדלעך געלינגט דאָס איר. זי הייבט אויף דעם סוועטער פון דיל, וואָס איז בעתן קושן אַראָפּ־געפאַלן פון אירע אַקסלען און לייגט אים אַוועק אויף אַ בענקל. זי דער־ווייטערט זיך פון אים. אויף איר פּנים באַווייזן זיך אויסדרוקן פון האַס.

זי גייט אָפּ טיפער אין זאַל, מאַכט גלייך אירע האָר און אירע קליידער. זי שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. ער באַמערקט דאָס, גייט אָפּ אין אַ זייט, נעמט אַרויס אַ קעמעלע פון זיין וועסטל־קעשענע און פאַר־קעמט זיינע האָר. עס דערהערט זיך אַ שטאַרקער קרעכץ פון שלאָפצי־מער און באַלד ווערט מיטאַמאָל שטיל. דיינאַ גיט אַ צי אַריין אַ שטאַרקן אָטעם און שטרעקט אויס פון ווייטן די האַנט צו אים.

דיינאַ:

**גוד באַי, סיימאַן. איך האָב דאָך געגלייבט, אַז דו וועסט קומען מיט אַ קלוגער עצה... גוד באַי... איך מוז אַריינגיין צו מיין מוטער...** זי שטייט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט וואָס ער נעמט נישט. זי לאָזט אַרונטער די האַנט.

סיימאַן:

באַליידיקט. **יאָ... ווי איך זע, איז עס גוד באַי. ווייזט אויס, אַז איך בין נישט ווערט אַזאַ פרוי ווי דו ביסט. דו ביסט אָדער צו־גרויס, אָדער צו־**קליין **פאַר מיר. אַנטשולדיק וואָס איך האָב דיך באַלעסטיקט. ווי עס זעט אויס, האָט אפילו שלמה המלך נישט פאַרשטאַנען די געפילן פון אַ פרוי: זי מאַכט צום ליידן דעם, ווער עס ליבט זי, און נעמט אויף זיך די פיין פון דעם, ווער עס קרעכצט פאַר איר. זי האַלט זיך אָן אין דעם שטאַרקן, און לאָזט די אומבאַהאָלפענע זיך קלאַמערן אין איר. זי שטעלט אַלץ איין צוליב ליבע, און גיט אויף די ליבע צוליב רחמנות...**

דיינאַ:

**איך וועל דיך בעטן, סיימאַן...**

סיימאַן:

זעצט פאָר. **ווי עס זעט אויס, האָבן מיר ביידע ליב אויף אַנדערע אופנים.**

דיינאַ:

**איך וועל דיך בעטן, סיימאַן, לאָמיר ביידע טראַכטן וועגן די ווונ־דערלעכע מאָמענטן וואָס מיר האָבן געהאַט צוזאַמען אין דעם הויז.. פאַר מיר וועט דאָס זיין אַ גאָלדענער, שיינער חלום, וועלכן עס ווילט זיך נישט פאַרגעסן. זעסט ווי אָפּנהאַרציק און ערלעך איך בין** מיט דיר?...

סיימאַן:

**גראָד די אָפנהאַרציקע פרויען פאַרשאַפן ווייטיקן און ליידן צו**

זייערע מענער. זיפּצט. **איך האָב נישט געוווּסט, אַז אונדזער בליק אויף ליבע און אויף אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיטן לעבן, וועט זיין אַזוי פאַרשיידן. דו רעדסט וועגן דערינערונגען...** גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט געוועהן אַנטוישט. **איצט זע איך, אַז מיר זענען אַזוי ווייט איינער פון דעם צווייטן, ווי די צוויי פּאָלוסן פון דעם ערד־קיילעך...** רעזיגנירט. **דאַכט זיך, אַז אַלץ איז שוין געזאָגט געוואָרן. איך האָב שוין דאָ גאָרנישט וואָס צו טאָן. איך פיל איצט ווי אַ פאַרברעכער, וואָס איז צוריקגעקומען אויפן פּלאַץ, וווּ ער איז באַגאַנגען אַ שווערן פאַרברעכן.** נעמט דעם מאַנטל און דעם הוט.

דיינאַ:

זיפּצט. מיט נישט זיכערע טריט דערנענטערט זי זיך **אַ ביסעלע** צו אים. **איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, איך וועל דאָ לעבן מיט זיסע דערינערונגען. און דו?...** ציט מיט די אַקסלען. **אויב דו ליבסט מיך, וועסטו מיך פאַרשטיין און העלפן געפינען אַן אויסוועג צו דער דילעמאַ.**

סיימאָן:

**אויב איך זאָל דאָ בלייבן נאָך עטלעכע מינוט קאָנען זיך איבער־חזרן אומאָנגענעמע סצענעס.** אַנטוישנדיק דעם מאַנטל, באַמערקט ער דעם גרויסן קאָנווערט אין זיין בוזעם־קעשענע. ער נעמט אים אַרויס און ווייזט אים צו דיינאַ. **דאָ ליגן צוויי עראָפּלאַן־בילעטן. אַלץ איז שוין אַראַנזשירט. אין צוויי טעג אַרום האָבן מירביידע געזאָלט אָפּפליען קיין פּערו. איך האָב אַ קאָנטראַקט מיט דער קאָמפּאַניע אויף צען יאָר און אויך פּופצן פּראָצענט אינטערעס אין די מינען.** ער איז בייז. ער לייגט צוריק אַריין די פּאַפּירן אין דער קעשענע און הייבט אָן גיין **איך וועל דיך מער נישט באַלעסטיקן, מיס דיינאַ מאַרשל.**

דיינאַ:

מאַכט עטלעכע טריט נענטער צו אים. **דאָס ווילסטו, סיימאָן?... אַזוי אַ?...**

סיימאָן:

גיט זיך אַ דריי אויס צו איר. וואַרפט אַ בייזן בליק צו איר. **גוד באַי, מיס דיינאַ מאַרשל.**

ער גיט אַ לויף אַרויס דורך די פאָרטיערן. זי לויפט נאָך. בלייבט אָבער שטיין אינמיטן זאַל. זי זעצט זיך צו אויף אַ שטול. נעמט אַרויס זיין טיכל וואָס איז ביי איר געבליבן אוןווישט די אויגן. זי דריקט

דאָס טישעלע צום האַרצן. שטעלט זיך אויף און הייבט אָן אַריינגיין צו דער מוטער אין שלאָפצימער. די בינע איז אַ קורצע ווייל ליידיק. באַלד קומט זי צוריק אַ דערשראָקענע, אַ בלייכע. זי לויפט צום טישעלע וואָס שטייט נעבן דער פּיאַנאָ און הייבט אָן קלינגען אויפן טעלעפאָן.

**דיינא:**

**האַלאָ, האַלאָ!... איז דאָס דאָקטער יעטראָס רעזידענץ?... אָ, דאָקטער יעטרא... דאָקטער יעטרא! די מאַמע! די מאַמע איז...** זי קאָן מער נישט רעדן. זי לאָזט זיך אַרונטער אויף אַ בענקל מיט אַ ביטער געוויין.

פאָרהאַנג פאַלט

**אַפּריל, 1957, לאָס אַנזשעלעס, קאַל.**

פ ע ר ז אָ נ ע ן :

**ביילקע בערגער,** אַ פרוי פון אַ יאָר 42.

**הדסה חפץ,** אַ מיידל אין די יאָרן צווישן 42—36.

**משה בערגער,** ביילקעס מאַן פון אַ יאָר 47.

די האַנדלונג קומט פאָר אין בערגערס גאַסט־צימער. אויף דער רעכטער וואַנט איז פאַראַן אַ פענצטער און אַ באַוועגלעכע טיר וואָס פירט אַריין אין דער קיך. אין צענטער — אַ טיר וואָס פירט אַרויס אין גאַס. אויף דער לינקער וואַנט — אַ פענצטער, אַ טיר וואָס פירט אין די שלאָפצימערן אַריין, אַ ביוראָ מיט פּאַפּיר, טינט און פעדער און אויך אַ טעלעפאָן. אין זאַל זענען אויך פאַראַן אַ ביכער־פּאָליצע, אַ קאַנאַפּע, שטולן און אַנדערע זאַכן.

אַ רעגנדיקער נאָכמיטאָג. ביילקע זיצט און נייט איין קנעפּלעך אין אַ מענעריש העמד. פון ראַדיאָ הערט זיך מוזיק. באַלד קומט אַריין הדסה חפץ פון גאַס. זי גיט אַ וואָרף איר מאַנטל אויף דער קאַנאַפּע און דרייט זיך איבערן צימער אויף אירע הויכע אָפּצאַסן. זי איז פיל מאָגערער פון ביילקען, דערפאַר זעט זי אויס אַ ביסל העכער אויך. זי קומט ערשט פון דעם „ביודי־סאַלאָן.״ זי טראָגט אַן ענגן סוועטער און אַ שמאָל קלייד. ווי נאָר ביילקע האָט איר דערזען, האָט זי אויסגערופן:

ביילקע:

**איר זעט דאָך אויס ווי קים נאָוואַק אין די מוּוויס. וואָס עפּעס פּלאַטינום בלאָנד?**

הדסה:

דרייט זיך מיט פרייד. **געפעלט אייך? וואָס דענקט איר, וועט עס מאָריסן אויך געפעלן?...**

ביילקע:

**ווער, מיין משה? אים אַרט נישט וואָס איך טו אָן. אַז איך זאָל אָנפאַרבן מיינע האָר און אָנטאָן אַזאַ שמאָל קלייד ווי איר טראָגט, וואָלט ער מיר אויסגעגעסן דאָס האַרץ.** פאַרמאַכט די ראַדיאָ און זעצט זיך צוריק אויף איר פּלאַץ.

הדסה:

נאָך אַלץ מיט דער זעלבער פרייד. דאָס איז די צרה מיט די פּאַר־היראַטע פּרויען: זיי האָבן נאָר מורא, אַז דער מאַן וועט נישט לאָזן. אַ פרוי דאַרף זיך פּוצן, אויב זי וויל געפעלן. מען דאַרף זיין אָנגעטאָן לייכט און טראָגן וואָס וויניקער... דערפאַר ווערן די מענער די כפרה פאַר מיר.

ביילקע:

ווי איר רעדט, דאַרף מען גיין אינגאַנצן נאַקעט.

הדסה:

וואָס דען? דערמאָנט זיך ווי אונדזערע באָבעס פלעגן גיין אָנגעטאָן: מיט חוזק. שפּענצערס מיט האַלקעס און אַ קאָרסעט מיט שנירלעך... עס איז דאָך צום לאַכן. היינטיקע מיידלעך האָבן דאָך אַ פּאַרגעניגן... די אַלע שמאַטעס האָבן געהאַלטן די פרוי פאַרשקלאַפט ווי אין קייטן... אַ שאָד וואָס איך פאַר שוין אַוועק, איך וואָלט אייך געוויזן ווי אַזוי...

ביילקע:

טאַקע אַ שאָד, מיר האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן איינלעבן, אפילו מיין מאַן. ווען איך וואָלט נישט געקאָנט מיין משהן, וואָלט איך געזאָגט אַז ער איז פאַרליבט אין אייך, ער האָט אַ געהויבענע מיינונג וועגן אייך.

הדסה:

מיט פרייד. איר דענקט אַזוי? איך בין טאַקע אַריינגעקומען בעטן מאָריסן, אַז ער זאָל מיר העלפן פאַרבינדן די וואַליזקעס, צו דעם דאַרף מען האָבן אַ מאַן...

ביילקע:

איר האָט שוין אַלץ איינגעפּאַקט? זעצט זיך צו אַ ווײַלע, ער איז געגאַנגען קויפן ציגאַרעטן.

הדסה:

זעצט זיך, ציט אַרויף דאָס קלייד ביז די קני. ווי איך זע, האָט איר שוין פאַרדונגען מיין דירה.

ביילקע:

יאָ, דאָס איז אַ גוטע געגנט פאַר „בעטשלערס" (בחורים). ווי

נאָר איך שטעל אַרויס דעם „סיין" (שילד), פאַרדינג איך דעם זעלבן טאָג. פון דעסטוועגן באַדויער איך, וואָס איר פאָרט שוין אַוועק, איך האָב אייך ערשט אָנגעהויבן ריכטיק פאַרשטיין.

הדסה:

וואָס האָב איך דאָ צו טאָן? איר זענט עפּעס אַנדערש: איר האָט אַ הויז, אַ שטענדיקן איינקום, פריינד און משפחה. פאַר מיר איז בעסער, אַז איך זאָל צוריקפאָרן קיין שיקאַגאָ.

משה בערגער איז אַריינגעקומען פון גאַס. ער טוט אויס דעם מאַנטל, די קאַלאָשן און דעם הוט. ער פילט זיך נישט באַקוועם, וואָס ער האָט געטראָפן ביידע פרויען צוזאַמען. הדסה שטעלט זיך אויף מיט אַ שמייכל, ביילקע דרייט דאָס העמד פון אַלע זייטן און בעת מעשה וואַרפט זי באַהאַלטענע בליקן אויף ביידן. הדסה נעמט בערגערן אונטערן אָרעם.

הדסה:

מאָריס, איך וויל אייך בעטן, אַז איר זאָלט אַריינקומען צו מיר און פאַרשליסן מיינע וואַליזעס. דורך דער צייט וואָס איך בין דאָ האָט זיך ביי מיר אָנגעקליבן אַזויפיל ביכער און זאַכן. ביי אייך אין שטאָט, אַז מען וויל ערגעץ קומען, מוז מען קויפן ביכער פון אַלע יידישע שרייבער.

ביילקע:

נעמט צוזאַמען די העמדער און נאָדל־פאָדעם. בערגער גיט זיך אַ באַפריי פון הדסהס אָרעם, הדסה זעצט זיך אין אַ ווינקל פון דער קאַנאַפּע. זי ציט איין די פיס הינטער זיך און שטופּט אַרויס די קניען. איך גיי אַריבער זען וואָס מיסעס לעווקאָוו מאַכט. צום מאַן. איך קיך אויפן טיש שטייט דיין אָנבייסן. פאַרגעס נישט צו נעמען דיינע פילן און טו נישט אַריין קיין צופיל „קרים" (שמאַנט) אין דער קאַווע. צו הדסה. דער דאָקטער האָט אים פאַרזאָגט אַז ער מוז פאַרלירן וואָג. זעט, אַז ער זאָל דאָס טאָן, איר האָט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף אים.

בערגער:

אומרויק דאָקטער, דאָקטער, מען דאַרף מיך נישט היטן, איך ווייס אַליין וואָס צו טאָן.

ביילקע:

איך מיין טאַקע שלעכטס פאַר אים. יעדער וואָך נעמט דער דאָק־

טער צו אַזויפיל געלט. און די מעדיצינען וויפל קאָסטן?... מיך וויל מען דאָך נישט פאָלגן, איך בין דאָך אַן אייגענע ווייב. מיס חפץ, איך בעט אייך, זעט אַז ער זאָל נעמען די פילן, אייך וועט ער פאָלגן.

בערגער:

שוין געהערט! שוין געהערט! נאָר זי פאַרמסרט מיך.

ביילקע:

גאַנצע נעכט מאַך איך נישט צו קיין אויג צוליב אים. אַז איך זאָג אים עפּעס, וויל ער נישט ליידן. איר זעט, וויפל איך האָב אויסצו־שטיין פון אים?... זיפצט, גייט אין דער קיך.

בערגער:

פאַררייכערט אַ ציגאַרעט און כאַפּט אָפּ דעם אָטעם. זעסט וויפל איך האָב אויסצושטיין? איך האָב דיר נישט געזאָגט קיין ליגן. אַ גהינום, זאָג איך דיר, אַ גהינום...

הדסה:

קאָקעטירט איך זע, איך זע. איצט וועט שוין נעמען אַ סוף צו דיינע ליידן. דערנענטערט זיך צו אים, בעת מעשה נעמט זי אַרויס צוויי בילעטן פון איר האַנט־בייטל. היינט ביינאַכט וועלן מיר שוין זיין אויפן עראָפּלאַן. איך האָב שוין געשריבן צו אַלע מיינע פריינד, אַז זיי זאָלן אונדז אָפּוואַרטן, אַכט בריוו האָב איך אָוועקגעשריבן, מיר וועלן זיין אַזוי גליקלעך...

בערגער:

דערשראָקן. שוין געקויפט בילעטן אויך?... אויף היינט ביינאַכט?...

הדסה:

גיט זיך אַ דריי אַרום. קוק אויף מיר! קוק גוט! נעם מיך אַרום מיט ביידע הענט און זאָג, אַז דו האָסט מיך ליב!

בערגער:

אין אַ פאַרלעגנהייט. אַזוי, איצט אַ? זי קאָן נאָך אַריינקומען...

הדסה:

מיך אַרט נישט. זאָל די גאַנצע וועלט זען, אַז מיר האָבן זיך ליב. זי נעמט אים אַרום און גיט אים אַ שטאַרקן, קלינגענדיקן קוש אויף

די ליפּן. זי לאָזט אים גלייך אָפּ. זי פּרוּווט, צי אירע האָר האָבן זיך נישט צעשויבערט, גייט הין און צוריק אַ צופרידענע. **מאָריס, האָסט איר שוין געזאָגט וועגן אונדז?**

בערגער:

**יִיען האָב איך געזאָלט?**

הדסה:

פאַרוווּנדערט. **וואָס הייסט ווען? מיר האָבן דאָך געהאַט אָפּגערעדט!...**

בערגער:

**איך ווייס, איך ווייס, זיי שטיל אַ מינוט, לאָז מיך אַ טראַכט טאָן.**

הדסה:

זעצט זיך אויף דער קאַנאַפּע, אַ ברוגזע. **איצט, ווען אַלץ איז שוין פאַרטיק, גייסטו ערשט טראַכטן?...**

בערגער:

**וואָס האָב איך צו רעדן? איך וועל אָנשרייבן אַ בריוול. צוריק־געשמועסט, מעג מען דאָך האָבן אַ ביסל איינזעעניש.**

הדסה:

גיט זיך אַ שטעל אויף. **איינזעעניש?... מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיך מיט דיר נישט אָנהייבן. דו ביסט נישט קיין באַהעמיער, דו ביסט אַ צעקראָכענער קליינבירגער. דאָס וואָס דו ביסט.**

בערגער:

**הער אויף, הדסה, אַ מענטש לעבט אָפּ מיט אַ פרוי אַזויפיל יאָרן און איצט גייט ער איר פאַרלאָזן, מעג מען האָבן אַ ביסל סימ־פּאַטיע. האָסט דאָך געלערנט פּסיכאָלאָגיע, דאַרפסט פאַרשטיין.**

הדסה:

קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין. **זאָג מיר דעם ריינעם אמת: ווילסט זיך טאַקע פון איר באַפרייען? אויף אַן אמת?...**

בערגער:

**וויפל מאָל וועסטו מיך פרעגן און וויפל מאָל דאַרף איך דיר זאָגן? האָט שוין אַ מאַן גאָר קיין רעכט נישט? מוז ער זיין צוגעבונדן צום**

פאַרטעך זיין גאַנץ לעבן? אַ מאַן וויל אַמאָל אַרויס אויף דער פרייער וועלט. אוודאי וויל איך מיך באַפרייען, אָבער...

הדסה:

וואָס אָבער?...

בערגער:

מיטאמאָל. קום, לאָמיר גיין, איך וועל נעמען מיין מאַנטל. כאַפּט דעם מאַנטל. יאָ, מיין הוט...

הדסה:

אַזוי ווילסטו גיין?... אָן באַגאַזש, אָן גאָרנישט?!

בערגער:

יאָ, מיין באַגאַזש, שיר פאַרגעסן. שטיל אַ ווייל. צוואָס דאַרף מען באַגאַזש?

הדסה:

דו מיינסט מיר צו זאָגן, אַז דו האָסט נאָך גאָרנישט איינגעפּאַקט?

בערגער:

פאַרוואָס קאָן איך נישט גיין אַזוי?

הדסה:

אָט אַזוי ווילסטו אָנקומען, אין די איצטיקע וועטערן, קיין שיקאַגאָ?...

בערגער:

וואָס איז? אַבי אַוועק פון איר! אויס! אַ סוף זאָל נעמען צו מיינעליידן! גענוג!...

הדסה:

גלעט אים איבערן קאָפּ. איך האָב דיך אַזוי ליב, מאָריס, דו ביסט אַזאַ פאַרחלומטער, איך האָב אַלעמאָל געשטרעבט צו האָבן אַזאַ מאַן ווי דו. אָבער אַ מענטש אין דיינע יאָרן מעג זיין אַ ביסל פּראַקטיש. אָ, מאָריס, וואָכן לאַנג האָבן מיר פּלאַנירט, ערשט נעכטן האָסטו מיר געזאָגט אַז אַלץ איז פאַרטיק, און איצט?... גייט אָפּ פון אים פאַרזאָרגט.

בערגער:

מיט געבעט. וואָס האָב איך געזאָלט טאָן, אַז זי גייט מיר נאָך אויף טריט און שריט. איך האָב דאָך נישט געקאָנט שטיין און פּאַקן איר אין די אויגן.

הדסה:

דורך דער צייט וואָס דו דרייסט זיך דאָ אַרום ווי אַ קאַרוסעל האָסטו שוין געקאָנט זיין איינגעפּאַקט.

בערגער:

אויפגעלעבט שאַ. שאַ... ווּעסט זען, ס'וועט נעמען אַ צען מינוט, בין איך איינגעפּאַקט.

הדסה:

איך וויל טאַקע זען.

בערגער:

גיט איר אַ קוש אין באַק. דו שטיי נעבן פענצטער און קוק, צי ביילקע קומט נישט, טאָמער זעסטו איר גיין, זאָלסטו מיר באַלד לאָזן וויסן.

הדסה:

אין כעס. זאָג מיר, מאָריס, ווער אַנטלויפט? איך אַנטלויף, צי דו אַנטלויפסט פון איר?... דו ציטערסט, ווי דו וואָלסט געשטאַנען אַ נאַקעטערביים נאָרד־פּאָל.

בערגער:

מיט אַ געמאַכטן שמייכל. וואָס דיר קאָן איינפאַלן, ווי זעסטו, אַז איך ציטער?...

הדסה:

ווען דו האָסט זיך מיר דערקלערט אין ליבע, האָסטו מיר געזאָגט, אַז דו ליידסט זייער שטאַרק. איך האָב מיט דיר סימפּאַטיזירט, אָבער דו?...

בערגער:

איך זע שוין, וואָס איך זאָל היינט נישט טאָן פאַר דיר, וועט דיר נישט געפעלן.

הדסה:

אויפגערעגט. טאָן פאַר מיר?! אָט האָסטו דיר! וואָס האָסטו שוין געטאָן פאַר מיר? דערווייל טו איך אַלץ פאַר דיר! איך בין זיך מקריב פאַר דיר. איך וואַרט אויף דיר. איך בין דריי מאָל געפאָרן „דאן־טאַן" (צענטער פון שטאָט). אויסגעגעבן מיין אייגן געלט אויף

בילעטן און ווען דו ביסט אַריינגעקומען האָסטו אפילו נישט באַמערקט מיינע האָר און נישט דעם נייעם סוועטער. ער טוט פאַר מיר.

בערגער:

נאַרעלע, נישט אין דעם זין האָב איך געמיינט. דו ווייסט, אַז איך בין גרייט צו אַנטלויפן מיט דיר אין איין מלבוש און דו שיקסט מיך גאָר איינפּאַקן. עס ליגן מיר גאָרנישט אין קאָפּ די אַלע זאַכן.

הדסה:

איך האָף, אַז דו וואָרטס נישט, אַז איך זאָל אַריינגיין און איינ־פּאַקן דיינע זאַכן פאַר דיר?

בערגער:

חלילה, איך האָב גאָרנישט געטראַכט וועגן דעם, איך וויל נאָר, אַז דו זאָלסט שטיין נעבן פענצטער און קוקן צי ביילקע קומט.

הדסה:

גיט אים אַ קוש אין באַק און אַ גלעט אויפן קאָפּ. נו, גיי, איך וועל קוקן דורכן פענצטער. אָבער מאַך דאָס גיך, איך בין אומגע־דולדיק, איך וויל, אַז מיר זאָלן שוין זיין אַליין...

בערגער:

נעמט אירע הענט און ציט איר צו זיך. הדסה מיין קרוין, איך ווייס נישט וואָס איך וואָלט געטאָן אָן דיר. זי באַפרייט זיך און וואַרפט אַ בייזן בליק אויף אים, שוין, איך גיי שוין, ער גיט אַ לויף אַריין אין שלאָפצימער.

זי זעצט זיך און קוקט אַריין אין אַ זשורנאַל. מיטאַמאָל דער־הערט זי ווי בערגער שרייט אַריין און באַלד באַוויזט ער זיך אויף דער בינע.

בערגער:

ביילקע, ביילקע, ווו איז מיין העמד מיט די פראַנצויזישע מאַנ־קעטן?! איך קאָן נישט געפינען דאָס העמד! דערזעענדיק ווי הדסה וואַרפט אויף אים אַ בייזן בליק, ווערט ער פאַרשעמט נו, וועט זיין אָן אַ העמד. ער גייט צוריק אין שלאָפצימער אַריין איינפּאַקן.

הדסה:

צו זיך אַליין נישט קיין ווונדער, מען לעבט אָפּ מיט אַ פרוי אַזוי

לאַנג, ווערט מען צוגעוווינט. ביי מיר וועט ער נישט זיין צעבאַלעוועט. באַלד אין אָנהויב וועל איך אים...

עס קלינגט דער טעלעפאָן. בערגער שרייט אַריין: „דאַכט זיך, אַז דאָס איז דער טעלעפאָן. ביילקע, ענטפער דעם טעלעפאָן הדסה גייט פאַמעלעך, באַלד גיט ער אַ קום אַריין אַ פאַרשוויצטער, און אַ רעקל, ער גיט אַ כאַפּ דאָס טרייבל פון אירע הענט.

בערגער:

איך וועל שוין אַליין ענטפערן. אין טרייבל אַריין. האַלאָ?!!! אָ, פריינד קעסלער... יאָ. זיכער, ניין... ניין... יאָ.. יאָ... גוד באַי... הענגט אויף דאָס טרייבל און בלייבט שטיין אַ דערשלאָגענער. דאָס איז געווען דער סעקרעטאַר פון מיין צווייג...

הדסה:

וואָס האָט ער געוואָלט?...

בערגער:

ער האָט מיך געוואָלט דערמאָנען, אַז דעם פרייטיק האָבן מיר אַ חנוכה־פייערונג און איך דאַרף פאָרלייענען פון שלום־עליכם.

הדסה:

וואָס האָסטו אים געזאָגט?

בערגער:

זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, זיפצט, רעדט געלאַסן, מיט פאַרדרוס וואָס האָב איך אים געקאָנט זאָגן? דאָס איז שוין אַ טראַדיציע, שוין יאָרן לאַנג ווי איך לייען פאָר ביי די ברענטשעס. זי קוקט אויף אים מיט חוזק. זיי האָבן אַרויסגעשיקט בריוו ווו מיין נאָמען פיגורירט אַלס די הויפּט־אַטראַקציע, אויך אַנאָנסירט אויף דער ראַדיאָ. ער זיפצט. אין איין וועגס האָט ער מיך דערמאָנט, אַז דעם קומענדיקן זונטיק בין איך אַ דעלעגאַט צו דער קאָנפערענץ פון דער „אַלד איידזש האָום.” פאַררייכערט אַ ציגאַרעט און זיפצט.

הדסה:

איז אומרויק וואָס דענקסטו צו טאָן?

בערגער:

איך ווייס נישט. ציט איר ביי דער האַנט. קום אַהער, זעץ זיך אַוועק, זיי נישט נערוועז. זי זעצט זיך. דו ביסט דאָך מיין געליבטע,

גיב מיר אַן עצה. מיט אַ שמייכל. דו ווייסט, אַז איך בין דער בעסטער פֿאַרלייענער אין שטאָט, אַז דער צווייג דאַרף שיקן אַ דעלעגאַציע צו אַ קאָנפֿערענץ, האָט ער נישט וועמען צו שיקן. אַ ברענטש פֿון איבער פֿיר הונדערט מיטגלידער און איך בין דער איינציקער אויף וועמען זיי קאָנען זיך פֿאַרלאָזן. מיינע באַריכטן האָבן אַ שם... זיי וועלן אַלע אַריינגעשריבן אין די פּראָטאָקאָלן, פֿאַר דעם קומענדיקן היסטאָריקער.

הדסה:

קוקט אויפֿן האַנט־זייגערל. מיין דירה איז פֿאַרדונגען, מיינע זאַכן זענען איינגעפּאַקט, ביי מיר אין טאַש זענען צוויי בילעטן, דער עראָ־פּלאַן גייט אָפּ היינט ביינאַכט און דו... זי רוקט זיך אָפּ אין אַ ווינקל פֿון דער קאַנאַפּע אוןווישט די אויגן מיט אַ טיכעלע.

בערגער:

הדסה, מיין טייערע, איך בין אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער מענטש, איך האָב התחייבותן צו דער געזעלשאַפֿט. ביז איצט פֿלעגט בייקלע פֿאַרנאָטירן מיינע באַשטעלונגען, איצט פֿרעג איך דיך אַן עצה. ער דענענטערט זיך צו איר און זי רוקט זיך אָפּ אַ ביסעלע. וואָס דאַרפֿסטו וויינען, נאַרעלע, דו ווייסט, אַז איך האָב דיך ליב, ווי דאָס לעבן. הער אויף וויינען.

הדסה:

דו האָסט דאָס אַלץ געוווּסט פֿריער, האָסט געדאַרפֿט אויסרעכענען. דיינע זאַכן זענען נאָך נישט איינגעפּאַקט און דו זאָגסט, אַז איך זאָל נישט וויינען. ציט מיט דער נאָז.

בערגער:

גיט זיך אַ שטעל אויף. עס וועט דויערן אַ מינוט. הלמאי זאָל איך לייקענען? איך מוז געבן בייקלען קרעדיט, אַ באַלעבאָסטע זעסטו, איז זי. דו זאָלסט זען ווי אַלץ ליגט אַקוראַטנע אויף דעם באַשטימטן פּלאַץ, אויסגעפּרעסט, שיין. עס איז אַ פֿאַרגעניגן אַ קוק צו טאָן. מען דאַרף נאָך צוגיין און אַרויסנעמען....

הדסה:

נאָך אַלץ פֿאַרטרויערט. און וואָס וועט זיין מיט דיין פֿאַרלייענען?

בערגער:

דאָס פרעג איך דאָך דיך. זי ענטפערט נישט. אָבער אַז די זאָגסט ניין, וועט זיין ניין. זעכצן יאָר בין איך געווען דער פּאָרזיצער און אַלעמאָל פּאָרגעלייענט, וועל איך איין מאָל פּאַרפעלן. פאַרזאָרגט. וואָלט כאָטש געווען איין מענטש וואָס זאָל מיך קאָנען פאַרבייטן. אזאַ גרויסע שטאָט און אַזוי באַגרענעצט אין ליטעראַרישע קרעפטן. דער טעלעפאָן קלינגט, ער גיט אַ כאַפּ דאָס טרייבל. האַלאָ?... יאָ... יאָ... זי האָט געזאָגט„ איך האָב געזאָגט... איך האָב געמיינט... אַה, וואָס מאַכט איר? נו, גוט, איך וועל איר זאָגן, גוד באַי...

הדסה:

אומרויק. ווער איז דאָס געווען? נאָך אַ פּאָרלעזונג, צי גאָר אַ לעקציע?

בערגער:

איך קאָן נישט פאַרשטיין, ביילקע האָט געזאָגט, אַז זי גייט אַריבער צו מיסעס לעווקאָוו און...

הדסה:

נו, און וואָס?...

בערגער:

רייבט זיך דעם שטערן. דאָס האָט מיסעס לעווקאָוו טעלעפאָנירט; זי האָט געבעטן, אַז ווען ביילקע וועט אַריבערקומען, זאָל זי מיטברענגען אַ קארדאָן מילך און אַ ווייס ברויטל...

הדסה:

אויסער זיך פון כעס. דאָס אַלץ וואָס איך הער פון דיר איז: ביילקע־ביילקע. ביילקע־ביילקע. אפשר וואָלסטו געוואָלט, אַז מיר זאָלן איר מיטנעמען קיין שיקאַגאָ?!

בערגער:

ביילקע האָט געזאָגט... ער גיט זיך אַ כאַפּ, אַז ער האָט דאָס נישט געדאַרפט זאָגן. כדי צו פאַרגיטיקן, גיט ער איר אַ קוש אין באַק און לויפט צו דעם שלאָפצימער. ער בלייבט שטיין פאַרטראַכט. אויב נישט צו מיסעס לעווקאָוו, איז ווו דען איז זי געגאַנגען? מיר געפעלט דאָס נישט. גייט אַריין אין שלאָפצימער.

הדסה:

שטעלט זיך אַנטקעגן דעם שפּיגל, קאָקעטירט און רעדט צו זיך אַליין. ניין, ניין, זי האָט אים שלעכט טרענירט. אַ מאַן איז פּונקט ווי אַ קינד, מען דאַרף אים קאָנען דערציִען. די ביילקע איז אַן אַלט־פרענקישע, זי ווייסט נישט ווי אַזוי. מיט מיר אַליין אין שיקאַגאָ וועט ער זיין אַנדערש.

ביילקע:

קומט אַריין פון דער קיך. הדסה באַמערקט זי נישט. ווי נאָר זי הייבט אָן רעדן, ווערט הדסה פאַרציטערט. דאָס גאַנצע אָנבייסן שטייט דאָך אויפן טיש, איר האָט דאָך ביידע גאָרנישט געגעסן. מיט אַ שמייכל. אויף אייך איז זיך נישט צו וואונדערן: איר זייט פאַרליבט און איר ווילט אָנהאַלטן אייער מיידלשע פיגור. אָבער מיין משה, ער האָט דאָך ליב צו עסן. זי הייבט די אַקסלען. זעצט זיך אויף דעם פּלאַץ וווּ עס ליגט הדסהס מאַנטל. איך קאָן נישט אַרויסגיין פון הויז אויף קיין מינוט. אַז איך וועל אים נישט דערלאַנגען צו דער האַנט יעדער זאַך וועט ער נישט עסן. פּונקט ווי אַ קינד איז ער.

הדסה:

נערוועז. איר זייט אַליין שולדיק, אַ מאַן דאַרף מען באַלד צוגעוויינען...

ביילקע:

איר רעדט ווי אַ קינד, מיס חפץ, מיין משהן צוגעוויינען? געטראָפן דעם פּלאַץ. פאַר זיינעטוועגן קאָן זיך די וועלט איבערדרייען, וועט אים נישט אַרן. אים גיט נאָר ביכער און מיט וועמען צו שפּילן אין שאַך ווייטער גייט אים גאָרנישט אָן. אַז איך זאָל אים נישט דערלאַנגען אַ ריין העמד אָדער צווינגען אים, אַז ער זאָל זיך ראַזירן, וועט ער אַרומגיין מיט אַ פאַרוואַקסן פּנים. וואָס דאַרפט איר מער, אַז איך בין אַמאָל נישטאָ אין הויז און ער דאַרף זיך אַליין מאַכן עסן, ווייסט איר וואָס ער טוט?

הדסה:

ניין, וואָס?

ביילקע:

ער עפנט אויף ברייט דעם פאַרפרירער. אָט אַזוי, שטייענדיק ביים אָפענעם „פרידזשערייטאָר", כאַפּט ער אַ ביס פון דעם און פון יענעם, דאָס איז זיין עסן. האָט איר שוין אַזוינס געזען?...

הדסה:

אַ מאַן, איז ווי אַ קינד. באַלד נאָך דער חתונה דאַרף מען אים צוגעוויינען.

בערגער:

צי האָס זאָל איך זיך שפּאַרן מיט אייך? ווען איר וועט חתונה האָבן, איר וועט האָבן אַן אייגענעם מאַן, וועט איר איינזען, אַז אַלע זאַכן וואָס מען לייענט אין די ביכער זענען זייער שיין. אָבער אין דעם אמתן לעבן איז עס אַנדערש. באַזונדערס ווען איר האָט ליב אייער מאַן.

הדסה:

זעצט זיך נעבן איר. איר האָט טאַקע אַזוי שטאַרק ליב אייער מאַן, אַז איר וואָלט...

ביילקע:

פאַלט אַריין אין די רייד. איך קאָן אייך פאַרזיכערן; ווען איך וואָלט אים נישט ליב געהאַט, וואָלט איך נישט געטאָן די אַלע זאַכן. אַז מען האָט ליב, פרעגט מען נישט קיין שאלות, עס טוט זיך אַליין און מען האָט פאַרגעניגן פון דעם.

הדסה:

איצט זע איך, אַז עס איז ריכטיק דאָס ווערטל: „ליבע מאַכט בלינד דעם קלוגסטן מענטשן."

ביילקע:

איך האַלט פאַרקערט: די וואָס זענען אויף אַן אמת פאַרליבט, זענען די בעסטע מענטשן. נו, טאַקע, וואָס פאַר אַ לעבן איז דאָס — אָן ליבע? וואַרט, ווען איר וועט זיך אויף אַן אמת פאַרליבן און איר וועט חתונה האָבן, וועט איר דעמאָלט זען.

הדסה:

איין זאַך קאָן איך זאָגן וועגן מאָריסן...

ביילקע:

פאַלט אַריין אין די רייד. מיין משה? וואָס קאָנט איר מיר זאָגן וועגן מיין משהן, אַז איך זאָל נישט וויסן? מיר זענען שוין באַלד פיר און צוואָנציק יאָר פאַרהייראַט. איך ווייס וואָס ער האָט ליב, און וואָס ער האָט נישט ליב, איך ווייס אַלע זיינע שוואַכקייטן, טאָמער

פלירטעווען די ווייבלעך מיט אים און ער וואַרפט זיי צו אַ קוש, בין איך גראָד צופרידן.

הדסה:

צופרידן?! איבעראַשט.

ביילקע:

אוודאי! מיין שכל זאָגט מיר: אויב ער איז גוט פאַר יענער, איז ער גוט פאַר מיר. לאַכט. איר ווייסט, ווען ער גייט געבן אַ ווייבל אַ קוש, קוקט ער פון אַלע זייטן, אַז איך זאָל נישט זען. ווייסט איר פאַרוואָס ער היט זיך פאַר מיר? ווייל ער האָט מיך ליב, דעריבער וויל ער מיר נישט פאַרשאַפן קיין עגמת נפש. אַ פאַקט איז, אַז נאָך די אַלע זאַכן קומט ער צוריק צו מיר...

הדסה:

גיט זיך אַ שטעל אויף. גייט איבערן צימער אומרויק. אַזוי... אַזוי..

ביילקע:

שמייכלט, שטעלט זיך אויף. איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן, מיס חפץ. מען קען זיך נישט פאַרלאָזן אויף אייך, אַז איר זאָלט אויפפּאַסן אויף אַ מאַן. איך בין אַרויס אויף איין מינוט, איז נישט איר האָט געגעסן און ער איז גאָר אַרויסגעלאָפן אין אַזאַ רעגן, אָן אַ הוט און אָן...

הדסה:

בייז. ער איז נישט אַרויסגעגאַנגען אין גאַס.

ביילקע:

נישט אין גאַס און נישט אין קיך, איז וווּ איז ער געגאַנגען?

הדסה:

ווייזט צו דעם שלאָפצימער. ער איז דאָרט אַריינגעגאַנגען. זי רעדט און בעת מעשה מאַנעווירט זי, אַז ביילקע זאָל נישט גיין צום שלאָפ־צימער. כאָטש ביילקע קלייבט זיך גאָרנישט אַריינצוגיין, זי רעדט מיט ביטערקייט. און איר מיסעס בערגער, דאַרפט נישט כסדר מיר אַריינשטעכן, אַז איך בין נאָך נישט געווען פאַרהייראַט. ווי ווער זיין, אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז איך בין שוין געווען צוויי מאָל פאַרהיי־ראַט? איר דאַרפט נישט קוקן אַזוי אויף מיר. יאָ, צוויי מאָל. און

ווידער וויל איך אייך זאָגן, אַז היינטיקע צייטן ווייסן די נישט פאַר־הייראַטע פרויען מער, ווי די פאַרהייראַטע... זי שטייט שוין נעבן דער שלאָפצימער־טיר און שרייט אַריין. מאָריס, מאָריס! דיין פרוי איז שוין געקומען! צו ביילקען. מיסעס לעוואָוו האָט ערשט טעלע־פאָנירט...

ביילקע פילט זיך, ווי מען האָט איר געכאַפּט ביי אַ ליגן. הדסה נעמט נישט אַרונטער די אויגן פון איר. בערגער קומט אַריין אַ צע־רודערטער, באַלד נעמט ער זיך אָן מיט מוט, ער גיט אַ הוסט און זאָגט:

בערגער:

ביילקע, ווו איז מיין העמד מיט די פראַנצויזישע מאַנקעטן? און די ספּינקעס ווו זענען?

ביילקע:

צוריק אויפגעלעבט פון דער נישט־אָנגענומענער סיטואַציע. אין דעם אונטערשטן שופלאַד, איך האָב דאָס באַהאַלטן אויף שבת.

בערגער:

וואָס פאַר אַ יום־טוב איז שבת?

ביילקע:

האָסט פאַרגעסן, אַז שבת גייען מיר צו ליפּשיצעס טאָכטערס חתונה? זעט איר שוין, מיס חפץ? מער וועט אונדז נישט פעלן, אַז איך מיט מיין מאַן זאָלן דאָרט נישט זיין. די גאַנצע אינטעליגענץ פון שטאָט וועט דאָרט זיין. מיר זענען אַזעלכע גאָענטע פריינד, משה האָט ליב די כלה, ווי זיין אייגן קינד.

בערגער:

פאַרשעמט. ס'איז מיר גאָר אַרויס פון זינען.

ביילקע:

משה, איך וועל גיין צוגרייטן עפּעס עסן. דו שרייב דערווייל אויס אַ טשעק פאַר דיין אינשורענס. דו ביסט נאָך נעכטן געדאַרפט אָוועק־שיקן דעם טשעק. נאָכן עסן וועסטו אַרויסנעמען די קאר און מיר וועלן ביידע צופירן מיס חפץ צו דעם עראָפּלאַן. דו וועסט אָנטאָן דיין טונקל־בלויען אַנצוג. נעבן דער קיך טיר, צו הדסהן. איך האָב פיינט, אַז מיין מאַן גייט אין אַ ספּאָרט־העמד צווישן מענטשן. אָפּ.

בערגער:

זיפצט אָפּ פרייער. דאַנקען גאָט מיט פרייד. שוין אַלץ איינגעפּאַקט.

אַז איך האָב דערהערט ווי דו רופסט מיך, האָב איך אויף גיך געגעבן אַ רוק אַרונטער די וואַליזע הינטערן בעט. זעצט זיך נעבן שרייב־טישעלע, טוט אָן די ברילן, נעמט אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר און אַ פּען.

הדסה:

גיט אַ כאַפּ איר מאַנטל. וואָס גייסטו טאָן?

בערגער:

וואָס הייסט? איך גיי איר אָנשרייבן אַ בריוועלע וועגן אונדז ביידן.

הדסה:

סאַרקאַסטיש. שרייב איר אַ שיינעם ליבעס־בריוו מיט אַזעלכע ווערטער ווי דו האָסט גערעדט צו מיר ווען מיר זענען געווען אַליין.

בערגער:

טוט אויס די ברילן. נאַרעלע, מען קאָן דאָך נישט אַנטלויפן ווי גנבים, אָן אַ זייַ־געזונט.

הדסה:

מיט שפּאָט. נאַרעלע, ווער זאָגט, אַז מיר זאָלן חלילה אַנטלויפן אָן אַ זיי געזונט? חלילה... זאָל גאָט אָפּהיטן... ווי איז דאָס געהערט געוואָרן אַזאַ זאַך, אַנטלויפן אָן אַ זיי געזונט?... בייז. קאָנסט שוין איבערלאָזן דיינע טשעמאָדאַנעס אונטערן בעט! מיר פאָרן נישט! דאָס הייסט, דו פאָרסט נישט! זייער בייז. אויף אַ מאַן קאָן מען זיך נישט נישט פאַרלאָזן...

בערגער:

פאַרוווּנדערט, שטעלט זיך אויף. אָט האָסטו דיר, וואָס דיר קאָן ווּיינפאַלן, עס איז שטיל. נו, וואָס זאָגסטו, זאָל איך איר נישט איבער־לאָזן קיין צוויי ווערטער אפילו?... זי ענטפערט נישט, נאָר גייט אָפּ פון אים טרויעריק. ער גייט איר נאָך. כאָטש איבערלאָזן מיין נייעם אַדרעס. טאָמער קומט אָן אַ וויכטיקער בריוו פאַר מיר, זאָל זי וויסן ווו...

ביילקע:

פון קיך הערט זיך איר רופן. משה! מיס חפץ, קומט אַריין! דאָס עסן שטייט שוין אויפן טיש. בערגער און הדסה שטייען און קוקן איינער אויפן צווייטן. עס ווערט שפּעט, מיס חפץ. איר וועט נאָך פאַר־שפּעטיקן דעם עראָפּלאַן.

הדסה:

קוקט אויף אים מיט פאַרשערישע אויגן זייער לאַנג, אַז עס ווערט אים אַזש אומבאַקוועם. מיר דאַכט זיך, אַז זי האָט די גאַנצע צייט געוווּסט פון אונדזערע פּלענער... פאַרביטערט. איך וועל נישט זיין איבעראַשט, אַז דו אַליין האָסטו איר אַלץ דערציילט, אויף אַ מאַן איז אַלץ צו גלייבן...

בערגער:

רייבט זיך דעם שטערן, ער איז אין אַ פאַרלעגנהייט. וואָס דיר קאָן איינפאַלן. איך האָב אָבער באַלד באַמערקט, אַז דו ביסט היינט אַ ביסעלע קאַפּריזנע... נו, גוט, וועל איך איר נישט איבערלאָזן מיין נייעם אַדרעס. אַז דו זאָגסט ניין, וועט זיין ניין. וואָס נאָך זאָל איך טאָן פאַר דיר? דו ווייסט, מעגסט עס וויסן; איך האָב מיך געקליבן צו קויפן די צוויי עראָפּלאַן־בילעטן... נאָר, אַז דו האָסט שוין געקויפט... זי ענטפערט נישט. זי שטייט אין אַ זייט און ווישט די אויגן. גייט ער אָפּ אין אַ זייט און רעדט צו זיך אַליין. איך קאָן אָבער נישט פאַרשטיין ווו זי איז געוועזן, אַז נישט ביי מיסעס לעווקאָוו איז...

ביילקע:

באַווייזט זיך אין דער קיך־טיר אַנגעטאָן אין אַ קורץ פאַרטעכל, פונקט אַנטקעגן איבער זיין פנים, מיט אַ ביטערן שמייכל. עס ווערט דאָך שפעט... זיי ענטפערן נישט און בערגער האָט זיך אָפּגעדרייט אין אַ זייט. איר שטייט ביידע ווי צוויי חדר־יינגלעך, וואָס דער רבי האָט אָפּגעשמיסן... זי גיט אַ נעם אַרויס פון פאַרטעך־קעשענע אַ קאָנווערט און גיט אים אַ וואָרף אויפן דיל. נאַ, איך האָב אייך געקויפט צוויי עראָפּלאַן־בילעטן און פאָרט ביידע קיין שיקאַגאָ!...

ביילקע גיט אַ לויף אַריין צוריק אין דער קיך. הדסה גיט אין דער זעלבער צייט אַ לויף אַרויס אַ פאַרשעמטע מיט אַ קנאַק אין דער טיר. בערגער בלייבט שטיין דערשראָקן, איינגעבויגן און פאַרשעמט. די פאַרהאַנג לאָזט זיך שנעל אַראָפּ.

לאָס אַנזשעלעס, יאַנואַר 1958

## פּערזאָנען:

יעטע גרדיץ, פרוי וואָס חנפנט, 54 יאָר אַלט.

מרים לאקס, גראָד אַן ערנסטע, אָבער אַ באַרימערין, 50 יאָר אַלט.

סאָניע גודמאַן, האַלט זיך פאַר אַן אינטעליגענטע, 44 יאָר אַלט.

יענקל פרימאָוו, אַן אַלטער בחור, 48 יאָר אַלט

סעם וויבער, אַ פּשוטער ייד, לאַכט פון זיינע אייגענע חכמות, 60 יאָר אַלט.

אסתר בראַון, אַ פּעטע, צעפּיעשטשעטע פרוי, 40 יאָר אַלט.

בראָניע פעפּער, זי נעמט יעדער זאַך ערנסט, 48 יאָר אַלט.

ראַלף בירשטאַט, אַ נידעריק־דאַרער ייד מיט גרויסע ברילן 52 יאָר אַלט.

מעקס שעכטער, שטענדיקער פאָרזיצער, 44 יאָר אַלט.

סעם איינבינדער, אַ פאַרשמייעט פּעט יידל מיט אַ בייכל, 63 יאָר אַלט.

די האַנדלונג קומט פאָר אין די גריצעס אַפּאַרטאַמענט. דער זאַל איז טיפּיש פאַרן אַמעריקאַנער מיטלקלאַס. אין דער לינקער וואַנט איז פאַראַן אַ קלײנער וועסטיביול ווו עס געפינט זיך די טיר וואָס פירט אַרויס אין גאַס. אויף דער זעלבער וואַנט — אַ גרויס פענצטער נעבן וועלכן עס שטייען אַ טישל מיט אַ לאָמפּ און צוויי געבעטע שטולן פון בײדע זייטן. אויף דער רעכטער וואַנט — אַ פאַלשער פייער־קאַמין איבער וועלכן עס הענגט אַ רעפּראָדוצירטע, נאַטור־בילד. אויף די אַנדערע ווענט זענען אויך פאַראַן בילדער פון ביליקן אויס־וואַל. ביי דער צענטער־וואַנט איז פאַראַן אַ גרויסע קאַנאַפּע און אויך טישלעך מיט לאָמפּן פון בײדע זייטן. אין צימער געפינען זיך אויך אַ טעלעוויזיע, אַ ביכער־שאַפע און נאָך צוויי געבעטע שטולן. אין דער עקסטרעם־רעכטער זייט פון דער רעכטער וואַנט איז פאַראַן אַ טיר וואָס פירט אין די אַנדערע צימערן אַריין. עס איז אַ פרילינג־אָוונט, אין דער היינטיקער צייט.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זעען מיר ווי יעטע גריץ איז פאַרפּוצט אין אַ שיין קלייד, פאַרהאָנגען מיט אַ ווייס פאַרטעכל. אירע גרויע האָר זענען פאַרקעמט און זי איז גוט אויפגעלייגט. אַלע לאָמפּן אין זאַל ברענען, די קישעלעך אויף די געבעטע שטולן און אויף דער קאַנאַפּע זענען אויפגעבלאָזן און דער דיוואַן איז אויך ריין. זי שטעלט איצט אויף אַן אויפלייג־טישעלע נעבן קאַמין און עטלעכע אויפלייג־שטולן פאַר די געסט וואָס דאַרפן באַלד אָנקומען. אינמיטן פון איר אַרבעט ברומט זי עפעס אַ לידל. באַלד דערהערט זיך דאָס קלינגען פון די גלאָקן ביי דער טיר. כמעט טאַנצנדיק, פאַרשווינדט זי אין דעם וועסטיביול. פון דאָרט הערט זיך איר פאַרזיסטע שטים:

גריץ:

**זע נאָר ווער עס איז דאָ? אַזעלכע ליבע געסט! קומט אַריין, קומט אַריין.**

זי קומט באַלד צוריק מיט מיסעס לאַקס און גודמאַן. לאַקס איז

אַקטיוו אין דער קינדער־שול, דערפאַר וויל זי אַ סך אָנערקענונג. אויב מען גיט איר דאָס נישט, נעמט זי אַליין. כאָטש זי איז נידעריק אין וווקס, אָבער צוליב איר געשליפן צינגל זעט מען זי גוט אַרויס.

גודמאַן האָט אַ סימפּאַטיש פּנים און אַ פיינע פיגור. זי ווייסט דאָס און באַווייזט זיך מיט דעם. זי טראָגט אַ רוסיש־אויסגענייטע בלוזקע און אַ ברייטע, געפּאַלדעטע ספּודניצע. זי איז זיכער אַז אַלע מענער קוקן אויף איר. זי איז אַ מיטגליד אין דער קולטור־געזעל־שאַפט. אַריינקומענדיק, זאָגט מיסעס לאַקס:

לאקס:

**איך בין די ערשטע?... קיינער איז נאָך נישטאָ!...**

גריץ:

מיט אַ געמאַכטן, זיסן שמייכל. **וואָס הייסט, אָט זענט איר דאָ. מיסעס גודמאַן איז דאָ...**

לאקס:

זעצט זיך אויף דער קאַנאַפּע. **איך וויל נישט איר זאָלט קלערן, אַז מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו קומען צוזאַמען. דאָס האָבן מיר זיך צופעליק באַגעגנט נעבן אייער טיר.**

גודמאן:

דרייט זיך איבערן צימער אויף אירע הויכע אָפּצאַסן און באַ־טראַכט די בילדער. **מיין מאַן האָט געמיינט, אַז איך וועל זיין צו שפּעט. ער איז אַזוי געלאָפן... איך בעט זיך ביי אים: לויף נישט אַזוי. אַ פּאָליסמאַן וועט דערזען, וועט ער דיר געבן אַ שטראָף־בילעט, און ער האַלט זיך ביי דאָס זייניקע: ער קאָן זיך נישט העלפן, עס איז אַ נייער קאַר.**

לאקס:

**מיר האָבן אויך אַ נייעם „קרייסלער". איך וויל קיינמאָל נישט, אַז מיין מאַן זאָל מיך נעמען. איך קאָן פאָרן מיטן „באָס" (אויטאָבוס).**

גודמאן:

מיט אַ שטאָלצן שמייכל. **איך בין נישט צוגעוווינט צו פאָרן מיטן באָס, אפילו אין דער „גראָסערי" (קראָם) נעמט מיך מיין מאַן מיט דער קאַר.**

גריץ:

צו גודמאַן. **איך זיץ די גאַנצע צייט און קוק אויף אייער קלייד. איר האָט דאָס געקויפט ביי אַ באַזאַר?**

גודמאַן:

גיט זיך אַ דריי, אַז די ספּודניצע גיט זיך אַ בלאָז אויף. זינט איך האָב חתונה געהאַט מיט מיין איצטיקן מאַן, האָב איך מיר נאָך נישט געקויפט קיין קלייד. איר ווייסט דאָך, מיין מאַן איז דער פאַרמאַן אין אַ שאַפּ, וווּ אַלע מוווי־אַקטריסעס מאַכן זיך זייערע קליידער. דער באָס איז אַזוי גוט צו אים, אַז ער געטרויט אים אפילו די שליסלען פון שאַפּ.

לאָקס:

איך שעם זיך נישט צו קויפן אפילו אויף אַ סייל. (אויספאַר־קויף). מיט עטלעכע וואָכן צוריק, האָב איך פאַר פיר דאָלער מיט פינף און ניינציק סענט געקויפט צוויי „קאטן" (לייוונטענע) קליי־לעך פאַר מיר מיט מיין טאָכטער. ווען מיר זענען געקומען צום שול־יום טוב האָבן אַלע געמיינט, אַז מיר זענען צוויי שוועסטער.

גריין:

איידער מיין מאַן איז קראַנק געוואָרן האָט ער זיך אויך פאַר־אינטערעסירט. איצט אַרט אים נישט וואָס איך טראָג. מיין יינגערער זון זאָגט: ער וועט קיינמאָל נישט חתונה האָבן, אויב ער וועט נישט קריגן אַזאַ מיידל ווי זיין מאַמע. מיין עלטערער... עס קלינגט דער גאָנג. זי ענדיקט נישט רעדן און גייט עפענען די טיר.

לאָקס:

צו גודמאַן, וואָס באַזעצט זיך אויף אַ געבעטעט שטול. נאָר זי באַרימט זיך מיט אירע זין. ס'וואָלט געפּאַסט, אַז זי איז די איינציקע וואָס האָט זין. זי וואָלט זיך אַמאָל געקויפט אַ ניי קלייד, וואָלט געווען מער מצווה, ווי אַריינלייגן דאָס גאַנצע געלט אין די הייזער.

גודמאַן:

עס וואָלט געווען מער מצווה, ווען זי שיקט איר מאַן אויף וואַ־קאַציע. ער זעט דאָך אויס אַן אמתער סקעלעט...

גריין קומט אַריין מיט יענקל פּרימאָוו. ער איז הויך און דאַר און זעט אויס יינגער פון זיינע יאָרן. ער איז אַן אַקטיאָר, דערפאַר מסתמא האַלט ער זיך קאָרעקט, ספּעציעל אין אַ געזעלשאַפט פון דאַמען. זיין קראַוואַט טראָגט ער ווי אַ באַהעם. ער קומט אַריין מיט גע־צײלטע טריט. ער רייבט זיינע הענט, שמייכלט און פאַרנייגט זיך פאַר יעדער פרוי באַזונדער.

פרימאוו:

אַ גוטן אָוונט, מיסעס גודמאַן. אַ גוטן אָוונט, מיסעס לאַקס. איך מוז זיך אַנטשולדיקן וואָס איך בין געקומען אַ ביסעלע שפּעט. איר ווייסט דאָך שוין, אַז די דראַמאַטישע געזעלשאַפט גרייט זיך צו־פייערן איר פינף און צוואַנציק יאָריקן יובילײ, האָט מען מיך אויסגעקליבן, אַז איך זאָל שאַפן דעם פּאַסיקן איינאַקטער. זעצט זיך אויף אַ שטול אַנטקעגן די דאַמען, ציט אַרויף די הויזן, אַז דער קנייטש זאָל נישט געפּטרט ווערן. איר הערט: אין די לעצטע עטלעכע חדשים האָב איך מיך אָנגעלייענט מיט אַזויפיל איינאַקטערס... איך זאָג אײַך, אַזעלכע אויסגעדראָשענע איינאַקטערס, אַז עס ווערט נישט גוט פון זיי...

לאַקס:

אונדזער לערער פון דער שול פּאַרקלאָגט זיך אויך אויף דער זעלבער פּראָבלעם.

פרימאוו:

מיינט נישט, אַז עס איז אַזוי לײַכט צו געפינען דעם פּאַסיקן איינאַקטער. ניין, ניין. די היינטיקע שרייבער זענען נישט ווי די אַמאָליקע. היינטיקע שרייבער רופן זיך נאָר שרייבער, אָבער שרייבן קאָן אַן אַנדערער.

לאַקס:

האָט איר דאָך געקאָנט נעמען שלום עליכם אָדער מענדעלע, ווי דער לערער טוט.

פרימאוו:

ווידער דאָס אייגענע: שוין אַזויפיל מאָל זיי אויסגענוצט. צו אַ יובילײ האָט זיך געוואָלט האָבן עפּעס נײַס. אַ נײַע נשמה, אַ נײַ ווינטל.. קאָנען זיי דאָך נישט.

גודמאַן:

קאָקעטירט. איז וואָס גייט איר טאָן?

פרימאוו:

ענדלעך האָב איך געפינען אַן איינאַקטער פון עפּעס אַן אַלטן שרייבער.

גרין:

איך וואָלט שווערן, פון פּרץ...

פרימאוו:

ניין, ניין. איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז איך וועל דעם איינאַק־טער אַזוי איבערמאַכן, אַז ווען דער שרייבער זאָל אויפשטיין תחית המתים, וועט ער אים נישט דערקענען. צו מיסעס לאַקס. איך האָב דאָרט אַ ראָלע פאַר אייער טאָכטער... קושט די פינגער.

גריין:

אין ניו־יאָרק, ווען מיין עלטערער זון איז געגאַנגען אין דער שול, האָט אים דער לערער אַלעמאָל אויסגעקליבן פאַר די בעסטע ראָלן. עס קלינגט דער גאָנג. זי גייט עפענען די טיר.

לאַקס:

אויפגערעגט. טאָמער דערמאָנט עמעץ מיינע טעכטער, שפרינגט זי גלייך אַריין מיט אירע זין.

פרימאוו:

מיט אַ שמייכל צו גודמאַן. פאַר אייך האָב איך אויך אַ גוטע ראָלע.

גודמאַן:

צעלאַכט זיך, אַז איר קערפּער באַוועגט זיך אַזש. פאַר מיר אַ ראָלע? איך האָב דאָך נאָך קיינמאָל נישט געשפּילט קיין טעאַטער?

פרימאוו:

גיט זיך אַ שטעל אויף מיט פרייד. ביי מיר קענען אַלע שפּילן.

עס קומען אַריין מיסטער ווייכער און מיסעס באַראָן. זי האָט אַ ליכטיק פּנים און איז אַ ביסעלע צו פעט. דאָס טונקל קלייד וואָס זי טראָגט איז צו ענג אויף איר. זי איז צעפּיעשטשעט און שפּילט אַ פאַרשטעלטע ליבע מיט פרימאָוו, און גודמאַן איז אַ ביסעלע אייפער־זיכטיק. זי פאַרטרעט דעם כאָר. זי קאָן נישט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, דעריבער זעצט זי זיך גלייך אַוועק אויף דער קאַנאַפּע, וווּ זי בלייבט ביז צום סוף פון אַקט.

מיסטער ווייכער, כאָטש ער איז אין די זעכציקער, איז ער אַ געזונטער, ברייטביייניקער, פשוטער און גוטהאַרציקער ייד וואָס האָט זיך ליב צו מישן און דערציילן אַ וויץ פון וועלכן ער אַליין לאַכט. דעם האַלב־פאַרוייכערטן ציגאַר לאָזט ער קיינמאָל נישט אַרויס פון מויל. ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען, פּלאַצט ער אויס מיט אַ געלעכטער.

ווייכער:

איר הערט: פרויען וואָס פירן אויטאָמאָבילן זאָלן גאָרנישט געבוירן ווערן. עס האָט געקאָנט זיין דער גרעסטער אומגליק. איך מאַך מיר אַזוי אַ „לינקן טוירן" (דריי) אין דער גאַס אַריין, קומט זי מיר אַנטקעגן

מיט איר קאַר פונקט אין פּנים אַריין. די גרויסע לאָמפּן האָבן פאַר־
בלענדט מיינע אויגן. איז דאָך נאָך ווייניק, הייבט זי אָן בלאָזן אויפן
„האָרן" (טרובע), אַז מען האָט געקאָנט טויב ווערן. שטעל איך אָפּ
מיין קאַר און גיי אַרויס אַ קוק טאָן. ערשט איך זע, עס איז מיסעס
באַראָן. מה שמך, זאָג איך, וואָס זוכט איר? זאָגט זי, אַז זי דרייט זיך שוין
אַרום דאָ מער פון אַ האַלבע שעה און קאָן נישט געפינען דאָס הויז.
איך זאָג אייך, עס האָט געקאָנט זיין די גרעסטע קאַטאַסטראָפע...

גודמאַן:

אַזוי זענען זיי די מענער: נאָר זיי טשעפּען זיך צו די פרויען. איך
ווייס נישט וואָס איר וואָלט געטאָן אָן די פרויען?

באַראַן:

דערווייל קאָן איך מיך באַרימען, אַז זינט איך טרייב אַ קאַר האָט
מיר נאָך קיין פּאָליציימאַן נישט געגעבן קיין „טיקעט". (שטראָף־בי־
לעט). אָבער דאָ, עס איז אַזוי פינצטער ביי אייך אין גאַס און איך
בין נאָך ביי אייך קיינמאָל נישט געווען...

לאַקס:

נו, טאַקע, אַ מענטש קומט אַריין, אָן אַ גוטן אָוונט אפילו. איידער
ער האָט נאָך איבערגעכאַפּט דעם אָטעם אַטאַקירט ער שוין די פרויען.

ווייכער:

זעצט זיך אַוועק און פּיפקעט זיין ציגאַר. אַנטשולדיקט מיר, מיינע
טייערע, ליבע ליידעס, חברטעס, פריינדינס, אַנטשולדיקט. לאַכט
ווייטער איינער אַליין.

פרימאָוו:

שמייכלט צו די פרויען. ווען איך וואָלט געווען אַ פּאָליציאַנט,
וואָלט איך די דאַמעטשקעס, ער ווייזט אויף באַראַן, נאָכגעפאָרן אויף
מיין מאָטאָציקל. איך וואָלט זיי אָפּגעהיטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ.
ספּעציעל אַ ווייבעלע, וואָס קאָן אַזוי שיין זינגען.

באַראַן:

קאָקעטירט. אַ דאַנק. איך קאָן מיר מיין שטעטל אַליין באַשטיין.

ווייכער:

וואַרט, ווען דו וועסט חתונה האָבן, וועסט האָבן אַ ווייב, וועסטו
אַנדערש דרשנען... כאַ, כאַ, כאַ.

פרימאָוו:

צוואָס דאַרף איך אַ ווייב, אַז מיר איז אַזוי אויך גוט.

באראן:

אַן איינרעדעניש איז ערגער פון אַ קרענק. ער מיינט, אַז אַלע וועלן זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט פאַר אים.

גודמאַן:

מיט אַ זיסן שמייכל. אַז ער קאָן, זאָל אים וויל באַקומען. ער איז דאָך נישט פאַרהייראַט.

ווייכער:

האָט זיך אויפגעשטעלט און גייט הין און צוריק. איך האָב געהאַט אַן אַנדערן מיטינג. נאָר מען הייסט קומען אַהער, קומט מען אַהער. וואָס איז דער אונטערשיד, אַבי אַ מיטינג. צו מיסטער גריין. איז טאַקע דער מיטינג וויכטיקער פון די אַנדערע מיטינגען?

גריין:

זייער וויכטיק. די באַוועגונג לייגט זייער אַ סך געוויכט אויף דעם באַנקעט.

לאַקס:

אַ באַנקעט!... פאַר וועמען אַ באַנקעט?...

גריין:

די פריינד שעכטער און ניישטאַט וועלן דאָ באַלד זיין. זיי וועלן אייך דערקלערן מער וועגן דעם. דערווייל קאָן איך אייך זאָגן, אַז דאָס איז אַ באַנקעט פאַר פריינד איינבינדער.

גודמאַן:

פריינד איינבינדער? ווער איז פריינד איינבינדער?

פרימאָוו:

גאָר איבעראַשט. פאַר וועמען האָט איר געזאָגט? פאַר פריינד איינבינדער?!

גריין:

יאָ, פריינד איינבינדער. וואָס איז?...

פרימאָוו:

פאַר דעם פאַרסמאַרקעוועטן „גראָסערי מאַן" (קרעמער) אַ באַנ־קעט? עס איז שוין אויס וועלט!

גריין:

וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן? הייַנטיקע צייטן רעכנט זיך נישט די באַוועגונג מיט אַזעלכע זאַכן.

פרימאוו:

אָבער פאַר דעם מיליאָנער וואָס לעבט אין שמוץ?! ער האָט אפשר צוואַנציק הייזער און טרייבט אַן אַלטע, צעבראָכענע שעוראָ־לייקע... וויפל גיט ער פאַר דער באַוועגונג, וויפל?...

גודמאַן:

איר ווייסט דען נישט? די באַוועגונג דאַרף האָבן אַ קרבן, האָט זי אים אויסגעקליבן.

לאַקס:

שוין לאַנג נישט געהאַט קיין שיינעם באַנקעט. עס איז מיר שוין נימאס די הויז־„פּאַרטיס״ (שמחות) מיט די געהאַקטע לעבער און מאַ־רענירטע הערינג...

באַראַן:

אין דער מלחמה־צייט, ווען עס איז געווען שווער צו קריגן אַן איבעריק פערטל פּוטער, אַז איך פלעג אַריינקומען צו פריינד איינבינ־דער, פלעגט ער מיר דערלאַנגען הינטערן טיש אַ פערטל פּוטער. ס׳איז אַלרייט, ער האָט זיך פאַרדינט אַ באַנקעט.

פרימאוו:

ער האָט טאַקע צוגעלייגט דער באָבעס ירושה צו דיין פערטל פּוטער. פאַרוואָס מאַכט מען מיר נישט קיין באַנקעט? פאַרוואָס מאַכט מען חבר גריצן נישט קיין באַנקעט? איר הערט, איך גיי אויך ווערן אַ גביר, וועט מען מיר אויך מאַכן באַנקעטן.

באַראַן:

וויל זיך רייצן מיט אים. אַ באַנקעט דאַרף מען זיך פאַרדינען.

גודמאַן:

מיט אַ זיסן שמייכל. אויב איר ווילט אַ באַנקעט, קומט אַרויף צו מיר אין הויז אַריין, וועל איך אייך מאַכן אַ באַנקעט.

באַראַן:

איר דאַרפט אים לאַנג נישט בעטן, אַבי ער וועט זיך איינברענגען אַ מאָלצייט.

לאַקס:

איך ווייס נישט וואָס עס איז דער טומל. מיר האָט שוין די שול געמאַכט דריי באַנקעטן און איך נעם זיך גאָרנישט איבער.

פרימאוו:

**אָבער פאַר וועלכע מעשים טובים קומט אים אַ באַנקעט? אפשר קאָן מיר דאָס עמעצער דערקלערן?**

גריץ:

**איך געדענק ווען חבר איינבינדער איז געווען אַן אַרבעטער ביי יענעם... ער האָט זיך אַזוי געפּלאָגט... איצט דאַנקען גאָט...**

פרימאוו:

פאַלט אַריין אין די רייד. **פאַר אַזעלכע זאַכן האָט מען קיינמאָל נישט געמאַכט קיין באַנקעטן. און היינט מאַכט מען אויך נישט קיין צימעס פון דעם.** סאַרקאַסטיש. **אפשר קומט אים אַ באַנקעט פאַר דעם וואָס ער האָט חתונה געהאַט מיט דער יונגינקער ווייבעלע...**

ווייכער:

**אַ גאַנץ שיין ווייבעלע. אַזאַ יאָר אויף מיר ווי ער האָט שכל... כאַ, כאַ, כא... וואַרט, וואַרט: זי וועט שוין מאַכן אַ לייט פון זיין פאַרמעגן... כאַ, כאַ, כא...**

באַראָן:

**ער איז אפשר פינף און צוואַנציק יאָר עלטער פון איר.**

לאַקס:

**חברטע איינבינדער ליגט אין דער ערד, און ער?...** זיפצט. **וואָס זי פלעגט פאַראַרבעטן אין דער גראָסערי. פון פאַרטאָג ביז שפּעט ביי־נאַכט. זי האָט זיך נישט פאַרגונען דאָס לעבן... איך געדענק ווי אַצינד: איך בין געווען ביי דער לוויה... אוי, לאָמיך בעסער נישט רעדן...**

גודמאַן:

**מען דאַרף זיך טאַקע צערייסן פאַר די מענער.**

אינמיטן דער דיסקוסיע שלייכט זיך אומבאַמערקטערהייט אַריין מיסעס פעפער. איז זע האָר זענען שטאַרק גרוי, ווייל זי האַלט נישט פון פאַרבן די האָר. איר זשאַקעט איז פאַרקנעפּלט אויף דריי קנעפּלעך ביז אַרויף, אַזוי, אַז איר ברוסט זעט אויס אַ ביסעלע העכער. זי איז די איינציקע וואָס טראָגט אַ הוט און שיך מיט נידעריקע אָפּצאַסן, נישט ווי גודמאַן און באַראָן. דאָס מאַכט איר אויסצוזען אַ ביסעלע נידעריקער. זי טראָגט הענטשקעס און אַ בוך אונטערן אָרעם. ווי נאָר זי איז אַריין רעדט זי געלאַסן און רויק.

פעפער:

אַ גוטן אָוונט. אַבי איך האָב זיך געשראָקן, אַז איך וועל זיין צו שפּעט.

ווייכער:

אַז מיסעס פעפער איז שוין דאָ, קאָן מען שוין אָנהייבן דעם מיטינג.

פעפער:

אויף וועמען נאָך וואַרט מען?

גריין:

מיר וואַרטן אויף נאָך עטלעכע חברים. זיי וועלן אוודאי באַלד זיין. וואָס פאַר אַ בוך לייענט איר? קוקט אויפן טאָוול, וויל אַליין דער־גיין דעם נאָמען פון בוך.

פעפער:

ראַביי גרין פון דעם רעפאָרם־טעמפּל האָט אַזוי שטאַרק געלויבט דאָס בוך, אַז דער לייען־קרייז האָט באַשלאָסן צו האָבן אַ דיסקוסיע. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר לייענען אַן ענגליש בוך. איך בין באַשטימט געוואָרן צו רעדן וועגן דעם בוך. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל...

ווייכער:

וואָס איז דער מער מיט ראַביי קאַרסן? ער רעדט מיאוס? אַזאַ יאָר אויף מיר...

לאַקס:

און ראַביי סטיוּאַרט?...

פעפער:

זעצט זיך אַוועק אויף דער צווייטער שטול נעבן ווייכערן, בייַם טישעלע וואָס שטייט נעבן גרויסן פענצטער. ווער זאָגט עפּעס קעגן זיי? איך זאָג נאָר, ווען ראַביי גרין וואָלט נישט אַזוי שטאַרק געלויבט דאָס בוך, וואָלטן מיר זיך אפילו נישט צוגערירט צו דעם. איר ווייסט דאָך, שמעון אַשבערג איז ביי דער באַוועגונג...

עס קלינגט דער גאָנג. גריין גייט עפענען די טיר.

פרימאַוו:

איך האָב אויך געהערט פון אַ פרוי, אַז דאָס איז אַ גוטער ראָמאַן. די באַוועגונג האָט נישט געדאַרפט אַזוי האַנדלען...

באראָן:

**איך בין נישט איינשטימיק.**

פרימאָוו:

**וועלן מיר פרעגן חבר שעכטערן. חבר שעכטער, איז שמעון אשבערג אַ גרויסער שרייבער?**

שעכטער איז נאָרוואָס אַריינגעקומען צוזאַמען מיט פריינד נייי־שטאָט. ער איז אַ הויכער, קאַלטבלוטיק־אויסגערעכנטער און געדולדי־קער מענטש אָן אַ ביסעלע הומאָר. ער ווערט נישט באַגייסטערט פון קיין שום זאַך. אַריינקומענדיק, קוקט ער זיך גוט אַרום און בלאָזט דעם רויך פון ציגאַר. פרימאָוו איז אים באַלד באַפאַלן מיט דער דאָזי־קער פראַגע, ווייל ער דאַרף וויסן. ער איז דאָך אַ גאַר וויכטיקער מיטגליד אין דער באַוועגונג. ער נעמט אַרויס דעם ציגאַר פון מויל און ענטפערט, נישט קוקנדיק קיינעם אין פנים אַריין.

שעכטער:

**גלייבט מיר, אַז איך ווייס נישט. אפשר יאָ און אפשר נישט.**

ווייכער:

גייט צו שעכטערן. **ווי האָט איר אויסגעמאַכט אין דער „פּאָקער גיים" (אַ קאָרטן שפּיל)? איך האָב נישט געקאָנט זיין ביזן סוף. מיין ווייב האָט מיך געיאָגט אַהיים.**

שעכטער:

**געמאַכט אויף ציגאַרן.**

ניישטאָט, וואָס איז נאָר וואָס אַריינגעקומען צוזאַמען מיט שעכ־טערן, שטייט איצט נעבן אים. ער איז אַ נידעריקער, קורצזיכטיקער מענטש וואָס טראָגט גראָבע שפּאַקולן. ער איז דער פּראָפעסיאָנעלער סעקרעטאַר און ממילא דער שמש. אונטערן אָרעם האָט ער אַ טאָוולע־נעם קאָנווערט. ער רעדט ווייניק, אָבער ער העלפט אַרויס די פירער. ער זאָגט צו ווייכערן איצט:

ניישטאָט:

**איר זענט דאָרט אויך געווען?**

ווייכער:

וויל וויזן, אַז ער איז אויסגעקאָכט מיט די גרויסע מענטשן, רעדט ער הויך. **הערסט, איך האָב אייך געזען. איר זענט געווען אַזוי פאַרקאָכט אין דער „גיים".**

שעכטער:

צו חברטע גריץ. **אויב אַלע זענען שוין דאָ, קאָן מען שוין אָנהייבן.**

ניישטאַט:

**אויב עס וועט עמעץ קומען אַ ביסל שפּעטער, וועט מען אים איבערגעבן אין קורצן דעם אינהאַלט. פריינד, פאַרנעמט אייערע פּלעצער. מיר וועלן אָנהייבן דעם מיטינג.**

ווען אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט זעט דאָס בילד אויס אַזוי: שעכטער זיצט ביי דעם טישעלע אויבן־אָן און רייכערט זיין ציגאַר. ניישטאַט זיצט ביי דעם זעלבן טישעלע אין אַ זייט מיט פּאַפּיר און בליישטיפט אין האַנט. פּעפּער, גודמאַן און לאַקס זיצן אויף דער קאַנאַפּע. באַראַן און ווייכער זיצן אויף די צוויי געבעטע שטולן וואָס שטייען נעבן דעם גרויסן פענצטער, פונקט אַנטקעגן דעם פּאָרזיצער. פרימאַוו זיצט אויף אַ שטול אַ ביסל אין אַ זייט, אַזוי, אַז אַלע פרויען זאָלן אים קאָנען זען. גריץ שטייט אָנגעשפּאַרט אין אַ שטול, ווייל זי דאַרף אַלע־מאָל אַריינגיין אין דער קיך. אין דער גאַנצער צייט פון שפּיל ווערן די ווערטער „חבר, חברה, חברים, פריינד", גלייך גענוצט. ווייכער באַנוצט זיך מערסטנס מיט דעם טיטול „בראָדער" (ברודער).

שעכטער:

**אַז אַלע זענען שוין דאָ — וועלן מיר צוטרעטן צו געשעפטן. חבר ניישטאַט, דער צייטווייליקער סעקרעטאַר וועט נעמען דעם „ראָל־קאָל". (אויסרעכענען די נעמען).**

ניישטאַט:

האָט שוין גרייט פּאַפּיר צום פאַרשרייבן. **חברטע באַראַן, ווען פאַרטרעט איר?**

באַראַן:

**איך פאַרטרעט דעם כאָר.**

שעכטער:

**איר זענט געווען אַ דעלעגאַט צו דעם צוזאַמענפאָר פון אַלע כאָרן איר ווייסט זייער גוט, אַז עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז פון היינט אָן הייסט ער „דער מוזיקאַלישער פאַרבאַנד".**

באַראַן:

פאַלט אַריין אין די רייד. **איך האָב פיינט צו זיין פאַרשטעלט. מיר געפעלט בעסער דער ערשטער נאָמען. פונקט ווי איך האָב פיינט...**

ניישטאט:

חברטע גודמאַן, וועמען פאַרטרעט איר?

גודמאַן:

די קולטור־געזעלשאַפט.

ניישטאט:

חברטע פעפער?

פעפער:

דעם פרויען־לייען־קרייז.

ניישטאט:

פריינט פרימאָוו, וועמען פאַרטרעט איר?

פרימאָוו:

שוין צייט אַז איר זאָלט וויסן: די יידיש־ליטעראַריש־דראַמאַטי־שע געזעלשאַפט.

ניישטאט:

פריינט ווייכער?

ווייכער:

דעם דיסטריקט־קאָנסל פון...

שעכטער:

חבר ווייכער, איר האָט געמעגט זיין אַ ביסעלע מער באַוווסטזיניקי איך מיין: רעדן אַ ריינערן יידיש. נישט „דיסטריקט קאָנסול", נאָר ר אַ־יאָן־קאָמיטעט!!!

ווייכער:

פאַרשעמט, מיט אַ געלעכטערל. ס'איז די זעלבע זאַך. וואָס איז דער אונטערשיד, אַ גאַנדז צי אַן אינדיק, אַבי אַן עוף אויף שבת. כאַ, כאַ, כאַ.

פרימאָוו:

שעקספּיר האָט געזאָגט, אַז אַ נאָמען מיינט גאָרנישט, די הויפּט־זאַך...

שעכטער:

געפעלט נישט די חכמה, פריינט פרימאָוו, און דאָס וואָס דער פירער פון דער באַוועגונג האָט געזאָגט — ווייסט איר אויך?...

פרימאוו:

נו, האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט. וועט איר מיר אַנטשולדיקן.

ניישטאַט:

חברטע לאַקס, איר פאַרטרעט די קינדער־שול? זי שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. און איר, חברטע גריץ?...

שעכטער:

אויב איר זענט שוין פאַרטיק מיט דעם „ראָל קאָל" וועלן מיר צוטרעטן צו ביזנעס. חברים און פריינד: ווי אייך איז שוין באַקאַנט, האָט די לעצטע קאָנווענשן אָנגענומען אַ נייע שטעלונג צו די פּשוטע פאָלקס־מענטשן און אַלטע וועטעראַנען, צו די שטילע ציגל־לייגער פון דער באַוועגונג. באַזירט אויף דעם, האָבן מיר באַשלאָסן צו מאַכן אַ באַנקעט פאַר אַ חבר, נישט בלויז צוליב דעם וואָס די באַוועגונג דאַרף האָבן געלט, נאָר...

ווייכער:

פאַלט אַריין אין די רייד. בראָדער טשערמאַן, (פאָרזיצער), איר האָט געזאָגט: „מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ באַנקעט." ווייל איך וויסן, ווער עס האָט געמאַכט דעם באַשלוס און ווען איז געמאַכט געוואָרן דער באַשלוס?...

שעכטער:

האַלט זיך איין פון כעס. אייגנטלעך איז נאָך קיין זאַך נישט באַשלאָסן געוואָרן. מיר רעקאָמענדירן בלויז...

ווייכער:

ווען איר האָט געעפנט דעם מיטינג האָט איר אויך געזאָגט „צייטווייליקער סעקרעטאַר."

שעכטער:

ווייל דאָס איז דער ערשטער מיטינג פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט. פאַררייכערט דעם ציגאַר.

פעפער:

אויב אַזוי מאַך איך אַ פאָרשלאָג, אַז איידער מיר טרעטן צו צו דער ווייטערדיקער אַרבעט, זאָלן מיר פריער דערוויילן שטענדיקע באַאַמטע.

גריין:

איך שלאָג פאָר, אַז חבר שעכטער זאָל בלייבן פאָרזיצער און חבר ניישטאַט זאָל בלייבן דער סעקרעטאַר און...

ניישטאַט:

איך שלאָג פאָר חברה גריין אַלס פאָרזיצערין פון דעם אָראַנזשיר־קאָמיטעט.

פעפער:

מיך אָרט נישט ווער עס זאָל אַריין אין דעם קאָמיטעט. איך וויל נישט מען זאָל זאָגן, אַז מיר פירן זיך נישט אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן.

שעכטער:

אויב קיינער איז נישט קעגן, וועלן די דריי פאַרבלייבן די באַאַמטע. די איבעריקע חברים וועלן צוזאַמענשטעלן דעם קאָמיטעט.

לאַקס:

איך שלאָג פאָר, אַז מען זאָל צוציען נאָך איינעם פון יעדער אָרגאַ־ניזאַציע, כדי עס זאָל זיין אַ קאָמיטעט פון גלייכע פופצן.

פרימאָוו:

וואָס ווילט איר, נאָך נודניקעס אין קאָמיטעט? ניין חברים איז גענוג.

לאַקס:

פריינד פאָרזיצער, איך האַלט מיך ביי דאָס מיינונג: איך האָב דערפאַרונג מיט באַנקעטן. אין דער שול ווייסט מען וויפל מען האָרע־וועט זיך אָן ביי אַ באַנקעט.

פרימאָוו:

דערווייל איז נאָך גאָרנישטאָ וואָס צו טאָן. אַז מיר וועלן זיך נישט קאָנען ספּראַווען, וועלן מיר זיך דאַן ווענדן צו די אָרגאַניזאַ־ציעס נאָך הילף.

באַראַן:

צו פרימאָוון. אַ סך אַרבעט טוט איר טאַקע ביי אַ באַנקעט. איר מעגער קומט אַלעמאָל צום גרייטן.

פרימאָוו:

פריינד פאָרזיצער, וואָס איז נעקסט?...

פעפער:

מעג איך וויסן פאַר וועמען מיר גייען מאַכן אַ באַנקעט?

שעכטער:

מיר רעקאָמענדירן צו מאַכן אַ באַנקעט פאַר חבר שמואל איינבינ־דער. ער ווערט איצט אַלט...

באַראָן:

גיט זיך אַ שטעל אויף. מיסטער איינבינדער איז טאַקי אַ פיינער מאַן. איך בין דערפאַר, אַז מיר זאָלן פאַר אים מאַכן אַ באַנקעט. אָבער פאַרוואָס זאָלן מיר נישט מאכן אַ באַנקעט פאַר חבר גריק? מיר זענען איצט ביי אים אין הויז, ער איז אויך אַ קראַנקער מאַן און...

פרימאוו:

אסתר טייערינקע, אפשר וואָלסטו געלאָזט פירן דעם מיטינג?

פעפער:

די פריינדין באַראָן האָט פולשטענדיקע רעכט צו פרעגן אַ פראַגע.

פרימאוו:

וואָס איז דער מער, אסתר מיין טייערע? ביסט מיר היינט עפעס נישט מיט אַלעמען.

באַראָן:

זעצט זיך מיט כעס. אַז איך קוק אויף דיר, פאַרגעס איך אין אַלעמען.

שעכטער:

קלאַפּט אין טיש אַריין. חברים, פריינד...

באַראָן:

מיט אַ קוויטשעלע, אַ ברוגזע. ער מיינט, אַז איך האָב מורא פאַר אים.

ווייכער:

נעמט אַרויס דעם ציגאַר פון מויל. טשערמאַן, גייט אָן מיט אייער אַרבעט.

פרימאוו:

איך מאַך אַ פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן מאַכן אַ באנקעט פאר פריינד צום פאָרזיצער. ווי הייסט ער?... שמואל? זאָל זיין שמואל... איך וויס, אַז ער הייסט סעם דער גראָסערימאַן. אַך... אין אַמעריקע איז אַלץ פאַר

געלט. פּאַר אַ פּאָר דאָלער ווערט פון סעם שמואל... אַ גאָלדענע וועלט.

שעכטער:

אויב קיינער איז נישט קעגן — בלייבט עס אַזוי.

באַראָן:

צעהוסט זיך פון ווייכערס ציגאַר. איך מאַך אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל אויפהערן רייכערן.

פּרימאָוו:

פון וועז אָן ביסטו דאָס אַזוי איידל דערצויגן? האָסט מורא, אַז עס וועט דיר פאַרשאַטן צו דיין קאָלעראַטורא סאָפּראַנאָ?...

באַראָן:

הוסט שטאַרקער. פּאָרזיצער, איך בין נישט אַהערגעקומען, אַז איך זאָל ווערן באַליידיקט.

פּעפּער:

חברה באַראָן איז פולשטענדיק גערעכט: מען קאָן זיך איינהאַלטן אַ ווייל פון נישט רייכערן.

לאַקס:

די מענער קאָנען זיך קיינמאָל נישט קאָנטראָלירן. מיין מאַן איז אויך אַזוי. אָט האָב איך געראויכערט פופצן יאָר, אַז איך האָב געוואָלט, האָב איך אויפגעהערט.

גודמאַן:

היינטיקע צייטן זענען פאַראַן אַ סך פרויען וואָס קאָנען זיך אויך נישט קאָנטראָלירן.

גריין:

שוין, שוין, איך האָב שוין אויסגעלאָשן מיין ציגאַרעט.

גודמאַן:

פריינד פּרימאָוו, מיך וווּנדערט אויף אייך: איר, אַזאַ אינטעלי־גענטער מענטש...

פּרימאָוו:

פאַלט אַריין אין די רייד. אַז זי האַלט אין איין שטערן דעם מיטינג.

שעכטער:

זאָל זיין שטיל. גענוג. איך האָב שוין אויך אַוועקגעלייגט דעם ציגאַר.

ווייכער:

טשערמאַן, גייט אָן מיט אייער אַרבעט!

באראן:

איך וועל מיך נישט אַוועקזעצן, ביז ער וועט נישט צוריקציען זיינע ווערטער.

פרימאוו:

וועלכע ווערטער? איך האָב דאָך גאָרנישט געזאָגט!

לאקס:

איר האָט געזאָגט, קאלעראטורא סאָפּראנאָ.

פרימאוו:

איז נישט קאלעראטורא סאָפּראַנאָ. פאַרנייגט זיך סאַרקאַסטיש „איזוויניטיע, איזוויניטיע באראָנעסא.” אַ גאַנצע באַראָנעסע, זאָל איך שוין אַזוי זיין געזונט.

באראן:

זעצט זיך מיט כעס. אויב עס געפעלט דיר נישט, האָסטו אַ ברירה.

ניישטאט:

חבר פאָרזיצער, די צייט שטייט נישט. מיר האָבן נאָך אַ סך אַרבעט.

ווייכער:

גיט אַ ווונק צום פאָרזיצער. טשערמאַן, גייט אָן מיט אייער אַרבעט.

שעכטער:

איר קאָנט פאַרשטיין ווי וויכטיק דער באַנקעט איז, אַז עס קומט ספּעציעל צו פאָרן פון ניו־יאָרק דער ניי דערוויילטער פּרעזידענט. עס זענען אויך איינגעלאַדן געוואָרן סענאַטאָר אָמאַלי, וואָס איז אַ גרויסער פריינד פון דער באַוועגונג און די באַרימטע מווי־אַקטריסע העלען ניס...

ער קאָן ווייטער נישט רעדן. אַלע טומלען מיט פרייד, באַגייסטע־רונג, באַוווּנדערונג און איבערראַשונג. אַלע זענען צופרידן פון דער גאָר וויכטיקער נייעס.

שעכטער:

חברים פריינד. ער קלאפּט אין טיש אַריין עס זאָל זיין שטיל. ווי איר זעט, איז דער ענין זייער ערנסט...

באראָן:

חבר פּאָרזיצער, די אַקטריסע וואָס האָט ערשט געגט איר מאַן?

גודמאַן:

דאָס איז שוין איר פערטער מאַן. זי האָט באַקומען אַנדערהאַלבן מיליאָן דאָלער. איך ווייס, זי מאַכט זיך אַלע קליידער ביי מיין מאַן אין שאָפּ.

באראָן:

פּאַר אַזויפיל געלט וואָלט איך אויך אָפּגעגט מיין מאַן. זי צעלאַכט זיך.

גודמאַן:

זי האָט פאַרלוירן אַ סך וואָג. איר מאַן האָט נישט געוואָלט, אַז זי זאָל זיין אויף אַ דיעטע.

לאַקס:

חבר פּאָרזיצער, איך שלאָג פּאָר, אַז מיר זאָלן באַהאַנדלען פּונקט ביי פּונקט.

ווייכער:

שערמאַן, גייט אָן מיט אייער אַרבעט.

לאַקס:

חבר פּאָרזיצער, איך האָב נאָך נישט געענדיקט.

שעכטער:

זאָגט וואָס איר האָט צו זאָגן, ווייל מיר האָבן נאָך אַ סך אַרבעט.

לאַקס:

דעריבער זאָג איך דאָך: אַנשטאָט האַלטן רעדעס, וואָלט מען געדאַרפט צוטרעטן צו פּראַקטישע אַרבעט.

שעכטער:

אָבער וואָס ווילט איר זאָגן?

לאַקס:

אַז איר וואָלט מיר נישט איבערגעשלאָגן יעדער ווײַלע...

שעכטער:

איר פאַרנעמט אָבער צופיל צייט.

לאַקס:

אַ ביסעלע דערשוויצט. מען דאַרף באַהאַנדלען יעדן פונקט באַזונ־דער. ערשטנס, דעם פּראָגראַם. צווייטנס, די באַגריסער. דריטנס, די „מעניו", דעם סאַפּער מיין איך. (דאָס עסן). צו אַזאַ באַנקעט. ווו עס וועלן זיין אַזעלכע וויכטיקע געסט, וואָלט מען אפשר געדאַרפט דינגען אַ ספּעציעלן „קייטערער." אפשר וועט איר נישט וועלן, אַז איך זאָל צוגרייטן דעם סאַפּער... די פרויען וואָס וועלן סערווירן וואָלטן געדאַרפט זיין אָנגעטאָן אין ספּעציעלע אוניפאָרמען, קליידלעך מיט רויטע בלימעלעך אין די האָר צי אויף דער ברוסט...

שעכטער:

אומגעדולדיק. פאַררייכערט דאָס שטיקל ציגאַר. איר זענט שוין פאַרטיק?

לאַקס:

איך האָב נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר איר רייסט מיר אַלע ווײַלע איבער... זעצט זיך אַוועק מיט כעס.

גודמאַן:

איך וועל ברענגען פון מיין גאָרטן אַ שיינעם בוקעט בלומען אַוועקצושטעלן אויפן הויפּט־טיש. איך וועל אויך ברענגען רויטע ראָזעס פאַר די סאַרווערינס, אַז זיי זאָלן זיי צושפּילען צו די בלוזקעס אָדער אַריינשטעקן אין די האָר.

שעכטער:

בייזערט זיך. מען האָלט נאָך נישט ביי קיין ראָזעס. לאָמיר פריער באַהאַנדלען די פונקטן וואָס חברה לאַקס האָט פאָרגעשלאָגן.

באַראָן:

פריינד פאָרזיצער, דער סענאַטאָר און דער פּרעזידענט קומען מיט זייערע פרויען?

שעכטער:

לאָזט פירן דעם מיטינג!

באַראָן:

וואָס ווערט איר אויפגעקאָכט? איך האָב געפרעגט אַ פּשוטע פראַגע. איר האָט דאָך געקאָנט ענטפערן ווי אַ מענטש און נישט קאָכן זיך.

פעפער:

פריינד פאַרזיצער, איך האָב שוין עטלעכע מאָל באַמערקט, ווען עס קומט צו דער פרוי, מאַכט איר אַלץ אָוועק מיט דער האַנט. מיסעס באַראַן האָט געפרעגט אַ פשוטע פראַגע, מעגט איר דאָך ענטפערן צי יאָ, צי ניין. אויב די פרויען טויגן נישט, פאַרוואָס „באַדערט" איר זיך מיט זיי?...

שעכטער:

פון וואַנען זאָל איך וויסן צי זיי קומען מיט זייערע פרויען, צי נישט? אין אַזעלכע נאָענטע באַציונגען זענען זיי מיט מיר, אַז זיי דערציילן מיר אַלעמאָל ווו זיי גייען?

פעפער:

אַז מיר וואָלטן געוווסט, וואָלטן די פרויען זיך געקאָנט צוגרייטן.

ניישטאַט:

אפשר זענען זיי גאָרנישט פאַרהייראַט. ווער ווייסט? אַבי מען טומלט זיך.

פעפער:

מיר געפעלט נישט אייער ענטפער. איך האָב געמיינט, אַז אונדזער באַוועגונג האָט אַ בעסערע באַציונג צו דער פרוי.

שעכטער:

לאָזט פירן דעם מיטינג.

ווייכער:

פאַרזיצער, זעצט פאָר אייער אַרבעט.

פרימאָוו:

וואַרפט אַ בייזן בליק צו באַראָנען. דו מיט דיינע פראַגעלעך.. צום פאַרזיצער. איך האָב אין מיין רעפערטואַר צוויי יידישע פּאָעמעס...

ניישטאַט:

חבר פרימאָוו, איר דאַרפט וויסן, אַז צו אַזאַ אָוונט ווו עס וועלן זיין דער פרעזידענט, אַ מוווי־אַקטריסע און אַ סענאַטאָר פּאַסט נישט קיין יידישע פּאָעמעס...

פרימאָוו:

וועט מען זיי איבערזעצן...

גודמאַן:

איר וואָלט געדאַרפט פאַרלייענען יענע דערציילונג פון מאָריס לעפּקאָוויטש, ווו ער לאַכט אָפּ פון די אַנדערע באַוועגונגען. דאָס איז אַ קונסט־ווערק. די פּרוּוען פון דער קולטור־געזעלשאַפט האָבן אַזוי שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם.

שעכטער:

פריינד פּרימאָוו, איר וואָלט שוין געמעגט וויסן...

פּרימאָוו:

נו, גוט. וועל איך לייענען פון מאָריס לעפּקאָוויטשן אין אַ נאָווינע. ווי איר וועט באַשטימען. איך וואַרף מיך אונטער די באַשלוסן.

באַראַן:

אונדזער דיריגענט האָט איצט איינשטודירט מיט אַ גרופּע זינגערס אַ צאָל נייע לידער. איך זינג דאָרט די סאָלאָ. אויב איר ווילט, קאָן איך רעדן מיט אים וועגן דעם.

פּעפּער:

פריינד פּאַרזיצער, אַלס באַגריסער וואָלט מען געדאַרפט איינלאַדן ראַביי גרין. ער רעדט אַזאַ שיינעם ענגליש. מען וואָלט אויך געדאַרפט איינלאַדן באַגריסער פון דער דעמאָקראַטישער און רעפּובליקאַנער פּאַרטייען. לאָמיר זיי ווייזן, אַז מיר זענען אומפּאַרטייאיש.

ניישטאַט:

אַ יידישער באַנקעט, אין אַ יידישן זאַל מיט דעמאָקראַטישע און רעפּובליקאַנער פּאָליטישנס. אַ סענאַטאָר, אַ מוווי־אַקטריסע און אַ ראַביי. אַלע רעדן ענגליש. און מיר ווילן שאַפן אַ גרעסערע סומע געלט פאַר דער באַוועגונג...

ווייכער:

מיט אַ זיפץ. איך געדענק די צייטן, ווי ביי אַ באַנקעט האָט מען געהערט אַ יידיש וואָרט: אַ גאַליציאַנער האָט גערעדט גאַליציאַניש. אַ ליטוואַק — ליטוויש. די קינדער האָבן דעקלאַמירט. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן. איצט, אַ ראַביי אָן אַ היטל... אַ מוווי־אַקטריסע... גיט אַ מאַך מיט דער האַנט ווי אַ רעזיגנירטער. נאַ דיר אַ פּעני פאַר די היינטיקע באַנקעטן...

ניישטאַט:

פריינד ווייכער דאַרף פאַרשטיין, אַז היינטיקע צייטן ווילן די

מאַסן אַטראַקציע. זיי ווילן מער נישט וויסן פון דער „איסט סייד״ (אָרעמע געגנט אין ניו־יאָרק) און די „טראָבלס אין יוראָפּ״ (צרות אין אייראָפּע).

פּעפּער:

ס׳איז טאַקע געווען שלעכט. דעמאָלט האָט מען כאַטש געוווּסט, אַז אַ ייד איז ייד. אַ יידישן פּאַעט האָט מען געטראָגן אויף די הענט. ביי מיין שוועסטער זענען איינגעשטאַנען אַזויפיל שרייבערס...

ווייכער:

טשערמאַן, איך וועל אייך געבן אַזוי די פּאָר דאָלער און מאַכט נישט קיין באַנקעט.

לאַקס:

איך טראַכט וואָס וואָלט געווען בעסער: אַ קינד זאָל אויפטרעטן מיט אַ דעקלאַמאַציע, צי עס זאָל זיין אַ באַגריסער פון דער שול.

גודמאַן:

אַזויפיל באַגריסער. עס וועט נישט בלייבן קיין צייט אויף עסן.

לאַקס:

די שולן באַהאַנדלט מען אַלעמאָל ווי שטיפקינדער. ווען מען דער־מאָנט די שולן האָט קיינער נישט קיין געדולד אויסצוהערן. אויב מען דאַרף עמעצן געבן קרעדיט, קומט דאָס די שול־טוער צום אַלעם ערשטן. מיר מאַטערן זיך מיט פינאַנצן, מיט אַ לערער און „רענט״ (דירה געלט), און...

שעכטער:

חברטע לאַקס, קיינער רעדט נישט קעגן די שולן.

לאַקס:

איר האָט נישט קיין מוט אַרויסצוקומען אָפן. איר וואַרפט זיך מיט די שולן, פונקט ווי די קינדער וואָלטן נישט געווען אונדזערע. זי איז זייער אויפגערעגט. גיט זיך אַ שטעל אויף. ווי איך זע, בין איך איבער־גאַנצן איבעריק.

ניישטאַט:

חברטע לאַקס, מען האָט דאָך אייך גאָרנישט...

לאקס:

פאַלט אַריין אין די רייד. אַז עס וועט קומען צו געבן אַ וואָרט, וועט זיין ווי אַלעמאָל. איר וועט אַלעמען אויסרופן צו אַ באַגריסונג, אָבער נישט מיך, די פאַרטרעטערין פון דער שול.

פעפער:

וואָס זאָלן מיר שוין זאָגן, די לייען־קרייזן באַהאַנדלט מען בעסער?

גודמאַן:

זאָגט מיר, בין איך גערעכט, צי נישט? דעם יובילאַר קאָן מען דאָס רעדן נישט באַגרענעצן. דעם סענאַטאָר, דעם פּרעזידענט און דעם ראַביי — אוודאי נישט. מיר וועלן דאָך זיכער וועלן הערן וואָס העלען ניס האָט צו זאָגן. צו דעם קומען נאָך צו אַזויפיל באַגריסער. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די יידישע רעדעס וועט מען דאַרפן איבער־זעצן אויף ענגליש ווייל די געסט פאַרשטייען נישט קיין יידיש.

באַראַן:

איך קאָן זיין די איבערזעצערין, איך קאָן גוט ענגליש.

פרימאַוו:

אסתר טייערינקע, האָסט שוין אַריינגעוואָרפן אַ באָמבעלע.

ניישטאַט:

נו, טאַקע, חברטע באַראָן, איר שטערט היינט דעם גאַנצן מיטינג.

באַראַן:

שוין, שוין, איך האָב גאָרנישט געזאָגט. איך וועל זיך מער נישט מישן. איר קאָנט זיך טאָן וואָס איר ווילט. איך האָב בלויז געטראַכט, אפשר וואָלט מען נישט געמאַכט קיין באַנקעט נאָר אַ קאָנצערט ווו דער גאַנצער כאָר וואָלט...

שעכטער:

גיט אַ געשריי. מען דאַרף נישט קיין קאָנצערטן!

גודמאַן:

אפשר וואָלט אַ קאָנצערט טאַקע געווען בעסער. מען וואָלט זיך נישט געדאַרפט פאַרען ביי די טעפּ. און אפשר גאָר מאַכן אַ באַזאַר? איך בין אַ גוטע פאַרקויפערין. אַלע מענער האָבן ליב צו קויפן ביי מיר...

לאַקס:

פריינד פאָרזיצער, איך קאָן נישט פאַרשטיין וויאַזוי איר פירט דעם

הייסטיקן מיטינג. מיר זענען זיך צונויפגעקומען אויסצואַרבעטן פּלע־נער פֿאַר אַ באַנקעט, קומט מען גאָר צו גיין מיט נייע פֿאָרשלאָגן.

גודמאַן:

איך האָב אַ רעכט צו מאַכן אַ פֿאָרשלאָג. זי רעדט אַ גאַנצן אָוונט און טאָמער וויל עמעץ עפּעס זאָגן — האָט זי נישט קיין געדולד.

לאַקס:

איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן, נישט אַזאַ רעדן מיינט מען.

שעכטער:

צו לאַקס. אפשר קאָנט איר אונדז זאָגן ווי אַזוי מען אַרבעט אויס פּלענער?

ווייכער:

טשערמאַן, גייט אָן מיט אייער אַרבעט!

לאַקס:

גיט זיך אַ שטעל אויף. וואַרפֿט אַ בייזן בליק אויף ווייכערן. איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן, צום גרויסן באַדויערן מוז איך זאָגן, אַז איר ווייסט קיינער נישט ווי אַזוי צו פּלאַנירן אַ באַנקעט. אַ באַנקעט איז אַזאַ זאַך, וווּ מענטשן קומען זיך צוזאַמען עסן קאָלעקטיוו ביי גרויסע טישן, מען באַצאָלט געלט פֿאַר בילעטן, און איר נעמט דאָס אַזוי לייכט. אַ באַנקעט, דאָס איז דאָך פּאָעזיע. ווייסט איר וואָס אין פּאָעזיע ליגט? ווייסט איר, אַז פּאָעזיע איז קונסט? ווייסט איר ווי אַזוי מען שרייבט פּאָעזיע? בלויז אַ פּאָעט האָט אַ רעכט צו רעדן וועגן פּאָעזיע. דאָס זעלבע איז דאָ. בלויז איינער וואָס האָט „עקספּיריענץ" (דערפֿאַרונג) מיט באַנקעטן האָט אַ רעכט צו רעדן וועגן באַנקעטן.

שעכטער:

קיינער לייקנט נישט, אַז איר קאָנט קאָכן, דעריבער האָבן מיר אייך איינגעלאַדן, אַז איר זאָלט העלפֿן אָרגאַנזשירן אַ שיינעם באַנקעט.

לאַקס:

אוי, אויף אַלע מיינע ליבע. איך האָב שוין געמאַכט די שענסטע באַנקעטן, אַלע האָבן געלעקט די פֿינגער. פֿון מיין מייערן־צימעס פֿלעגט נישט איבערבלייבן אַ לעק. און די קישקע, און די „פּאָטייטאָ־לאַטקעס" (קאַרטאָפֿל־לאַטקעס).

גריין:

חבר פּאָרזיצער, איך האָב די גאַנצע צייט זיך נישט באַטייליקט

**אין דער דיסקוסיע, ווייל איך האָב יעדער ווײַלע געדאַרפט אַרײַנגיין אין דער קיך אַ קוק טאָן אויף דעם רייז־פּודינג און צי די קאַווע האָט שוין געזאָטן. איר זענט דאָך אַלע מיינע ליבע געסט. און אַזעלכע טייערע, אָנגעלייגטע געסט...**

זי ענדיקט נישט רעדן, ווייל עס קלינגט דער גאָנג. זי מוז גיין עפענען די טיר. אין צימער איז דערווייל שטיל, אַלעמענס אויגן זענען געווענדט צו דער טיר. שעכטער און ווייכער פאַררייכערן דערווייל זייערע ציגאַרן און ניישטאָט פּיפּקעט די ליולקע. מיטאַמאָל גיט אַ קום אַרײַן מיסעס גריץ און הייבט אָן אַפּלאָדירן. אַלע פאָלגן איר נאָך. באַלד נאָך איר קומט אַרײַן מיסטער איינבינדער. ער בלייבט שטיין אויף דער שוועל. ער איז אַ נידעריק, פעטלעך יידל און איז אָנגעטאָן אין אַן אַלטן, צעקנייטשן אָנצוג מיט עפּעס אַ מאָדנעם קאָליר הוט. ער רייכערט אַ פּאַפּיראָס. גריץ פירט אים אַרײַן און אַלע הערן אויף אַפּלאָדירן.

גריץ:

**איך האָב מיר גענומען דאָס רעכט איינצולאַדן פריינד איינבינדער מיט זיין פרוי.** צום גאַסט. **ווו איז אייער פרוי? פריינד איינבינדער האָט זייער אַ פיינע פרוי. איך האָב מיך היינט באַקענט מיט איר. זי האָט צוגעזאָגט צו באַקן אַ „קייק" (לעקעך) צום באַנקעט.**

איינבינדער:

**זי האָט געבעטן איר זאָלט אַנטשולדיקן. זי האָט געהאַט אַ קאָפּ־ווייטיק.**

פרימאַוו:

ווישט אָפּ אַ בענקל און טראָגט עס אונטער צו איינבינדער.
**זיצט, חבר איינבינדער, זיצט.**

גריץ:

**אַ שאָד וואָס אייער פרוי האָט נישט געקאָנט קומען. איר זענט** אָבער געקומען פונקט אין צייט.. זי כאַפּט זיך. אַנטשולדיקט, איך דאַרף **אַרײַנגיין אַ קוק טאָן צו דעם רייז־פּודינג.** אָפּ.

גודמאַן:

**זי רעדט אַזויפיל וועגן דעם רייז־פּודינג, ווי זי וואָלט צום ערשטן מאָל געהאַט געסט אין הויז און צום ערשטן מאָל געמאַכט אַ רייז־פּודינג.**

פעפערי

מיסעס גודמאַן, די באַמערקונג איז נישט געווען אויפן פלאַץ, איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן...

לאַקם:

אוי גאָטעניו, ביי מיר אין הויז פלעגן פאָרקומען אַזויפיל פּאַרטיס. איצט האָב איך מער קיין כוח נישט...

ווען גריץ איז אַריינגעגאַנגען אין דער קיך האָט זיך באַראָן אויפגעשטעלט און, אינמיטן גודמאַנס רעדן, איז זי אויך אַריין אין דער קיך. בעת מעשה האָט חבר ניישטאַט אונטערגערוקט אַ צעטעלע צו דעם פאָרזיצער, וואָס מאַטערט זיך איצט צו לייענען דאָס צעטעלע אָן ברילן. ער קאָן אָבער נישט, נעמט ער אַרויס די ברילן פון בוזעם־קעשענע און הייבט אָן לייענען שטילערהייט. אַלע זיצן דערווייל און וואַרטן ביז ער וועט ענדיקן לייענען. דערווייל קומט חברטע באַראָן צוריק מיט אַ טעלערל רייז־פודינג און לייגט אַריין פולע לעפעלעך אין מויל אַריין. חברטע גריץ קומט אויך אַריין אַ גאַר אויפגעלייגטע. זי לעקט די פינגער.

גריץ:

דער רייז־פודינג איז אַרויסגעקומען אַזוי גוט...

גודמאַן:

איך עס נישט קיין רייז־פודינג, איך בין אויף אַ דיעטע.

גריץ:

מיינעם וועט איר פאַרזוכן, איך האָב אים געמאַכט ווי אַ קאַסטעט. מיין נייע שכנה האָט מיר געגעבן דעם „רעסעפּיס". (פאָרשריפט). ער איז אַזוי גוט, אַז אפילו מיין חבר מיט די אַלסערס קאָן אים עסן.

שעכטער:

האָט דערווייל אויסגעטאָן די ברילן. חברטע גריץ, איר זענט שוין פאַרטיק מיט אייער רייז־פודינג?... צום עולם. מען האָט מיר דאָ צוגעשיקט אַ צעטעלע. איך גלויב איר וועט אַלע זיין מיט מיר איינשטימיק, אַז איצט איז די פּאַסיקע צייט צו בעטן פריינד איינבינדער זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

אַלע אַפּלאָדירן אַ חוץ באַראָן וואָס איז פאַרנומען מיטן עסן. איינבינדער לייגט אַוועק דעם ציגאַרעט, שטעלט זיך אויף, הוסט זיך אויס און קוקט זיך אַרום פון אַלע זייטן. דאָס אַפּלאָדירן ווערט אויך איינגעשטילט. אַלע קוקן אויף אים און וואַרטן.

שעכטער:

**איך האָב דעם כבוד „איך צו געבן" אונדזער יובילאַר, חבר און פריינד, מיסטער איינבינדער!**

איינבינדער:

**חברים און חברטעס, פריינד...**

ווייכער:

צו איינבינדערן. **וואַרט אַ סעקונדעלע.** צום פּאַרזיצער וואָס זיצט אַנטקעגן איבער אים אין צווייטן עק פון צימער. **גיט מיר אַ שוועבעלע...**

שעכטער וואַרפט אַדורך דורך דעם גאַנצן עולם אַ שעכטל שווע־בעלעך. ווי געווינטלעך אין אַזעלכע פאַלן, פאַלט דאָס שעכטעלע אויפן דיל. אַלע בייגן זיך איין, ווייל יעדער איינער וויל זיין בייהילפיק צו געפינען די שוועבעלעך. באַראָן עסט דערווייל דעם אייז־פּודינג. **גריץ** קוקט מיט אַ זיסן שמייכל אויף איינבינדערן וואָס שטייט און וואַרט אויף זיין אייגענע רעדע. פרימאַוו ווערט אומגעדולדיק, גיט ער אַ כאַפּ אַרויס פון קעשענע אַ פּעקעלע שוועבעלעך און דערלאַנגט צו ווייכערן.

פרימאַוו:

**זע נאָר וואָס דאָ טוט זיך. זע נאָר... נאַט אייך אַ „מעטש" (שווע־בעלע) און פאַרטיק!...**

ווייכער:

צינדט אָן דאָס שטיקל ציגאַר און בעת מעשה זעצן זיך אַלע גלייך.

**טשערמאַן, גייט אָן מיט אייער אַרבעט!** דער פּאַרזיצער גיט אַ ווונק צו איינבינדערן ער זאָל רעדן.

איינבינדער:

**טייערע חברים און טייערע חברטעס און ליבע פריינד, איך דאַנק אייך זייער...** ער בלייבט אַ ווײַלע שטיל, ער זוכט אין זיין מוח די פּאַסיקע ווערטער. אַלע קוקן אויף אים. דאָס חזרט זיך איבער עטלע־כע מאָל. **טייערע פריינד, איך דאַנק אייך זייער... חברים און חברטעס, אין נאָמען פון מיין געוועזענער פרוי דאַנק איך אייך... אין נאָמען פון מיין...** ער באַמערקט ווי איניקע דרייען זיך אויף זייערע פּלעצער. גודמאַן האָט זיך אויפגעשטעלט, אויך פרימאַוו הייבט אָן גיין איבערן צימער. **פריינד טשערמאַן, איך האָב אַזויפיל צו זאָגן, נאָר עס ווערט שפּעט...** מיטאַמאָל. **חברים און חברטעס** און **ליבע פריינד, איך וועל אייך מער נישט אויפהאַלטן, לאַנג לעבן זאָל דער פּרעזידענט! לאַנג לעבן זאָל די באַוועגונג!...**

איינבינדער האָט זיך געגעבן אַ זעץ אָוועק, אָנגעהויבן ווישן דעם שווייס פון פנים און פאַררייכערט באַלד אַ ציגאַרעט. פעפער שטעלט זיך אויף, אויך ווייכער שטעלט זיך אויף און הייבט אָן ציען מיט זיינע הענט ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אויסגלייכן פון צופיל זיצן. שעכטער קלאַפט אין טיש אַריין.

שעכטער:

חברים, פריינד, דער מיטינג איז נאָך נישט געענדיקט!....

גריין:

חבר פאָרזיצער, מיר דאַכט זיך, אַז אין קעגנוואַרט פון בעל־שמחה פאַסט נישט צו באַהאַנדלען די אַלע זאַכן. דעריבער מאַך איך אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל איצט פאַרענדיקן דעם מיטינג און אַריינגיין אין דעם „דיינינג־רום” (עסצימער) איבערכאַפן דאָס האַרץ. אַלץ שטייט שוין אויפן טיש. נאָך דעם וועט אונדזער ליבער חבר פרימאָוו פאָרלייענען פאַר אונדז עפעס פון זיינע גוטע זאַכן. חבר פרימאָוו איז דאָך דער איינציקער וואָס באַשיינט אונדזערע שמחות.

פרימאָוו:

איך שטיץ אונטער דעם פאָרשלאַג.

שעכטער:

גיט זיך אַ שטעל אויף. מיט דעם דערקלער איך דעם מיטינג געשלאָסן.

אַלע איילן זיך אַריינצוגיין אין עסצימער. שעכטער דערנענטערט זיך צו איינבינדערן און ווייכער קומט אויך צו צו זיי. לאַקס שרייט.

לאַקס:

פריינד פאָרזיצער, איידער איר שליסט דעם מיטינג האָב איך געוואָלט מאַכן עטלעכע „אַנאָנסמענטס”. (באַקאַנטמאַכונגען).

פעפער:

איך האָב אויך געוואָלט עפעס אַנאָנסירן.

שעכטער:

דער מיטינג איז שוין געשלאָסן!...

ווייכער:

צו שעכטערן מיט אַ געלעכטערל. **איר זענט אַ בעסערער פאַר־זיצער, ווי אַ פינאקל־שפּילער.**

שעכטער:

צו די פרויען וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן אַריינגיין אין עסצימער. **איר וועט קאָנען מאַכן אייערע אנאָנסמענטס ביי דעם טעפּעלע קאַווע.** ער קלאַפּט איינבינדערן איר דער פּלייצע. **אַ פיינע פּאָר ווערטער גע־זאָגט. זייער פיין. זייער פיין...** אַלע זענען שוין אין עסצימער. אויך זיי הייבן אָן אַריינגיין.

**פאָרהאַנג.**

**יאַנואַר, 1949. לאָס אַנזשעלעס, קאַליפאָרניע.**

פערזאָנען:

הערשל גרינפעלד, אַ נידעריק און דאַר יידל, 60 יאָר אַלט.

סערא, זיין ווייב. אַ הויכע, פעטע פרוי, 56 יאָר אַלט.

יאסל בלאט, זייערער אַ לאַנדסמאַן, 56 יאָר אַלט.

פריינער האלצבערג, אַ יידישער שרייבער, אַ לאַנדסמאַן, 42 יאָר אַלט.

פריינער קאטלער, אַ שטאָטישער עסקן, אַ שרייבער, 65 יאָר אַלט.

בערל שטיין, אַ זאַהיקעדיקער לאַנדסמאַן, 60 יאָר אַלט.

די האַנדלונג קומט פאָר אין אַ קלענערן חדר נעבן דעם גרויסן מיטינג־לאָקאַל. אַ שרייבטיש, עטלעכע שטולן, אַ ביכער־שאַפע מיט ביכער. אויף די ווענט הענגען בילדער פון די יידישע קלאַסיקער. פון דער רעכטער זייט פירט אַ טיר אין דעם גרויסן זאַל און פון דער לינקער זייט — אַ טיר צו דער בינע, צו דער קיך און אין אַנדערע צימערן. פענצטער מיט ווייסע פאָרהענגלעך.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זיצן מיסטער און מיסעס גרינפעלד נעבן שרייבטיש. ער זיצט איבערגעבויגן איבערן שרייבטיש און קוקט אַריין אין אַ צייטונג, וואָס איז אינגאַנצן אויסגעשפרייט איבערן טיש. זי האַלט אין פאַרמאַכן אַ בוך, ווייל זי האָט איצט נישט קיין געדולד צו לייענען. מיטאַמאָל גיט זי אַ פאַרמאַך דעם בוך, גיט אַ שווערן זיפץ און זאָגט צו איר מאַן.

סערא:

**כ'וואָלט געוואָלט, אַז דער אָוונט זאָל שוין זיין אַריבער.**

הערשל:

הייבט אויף דעם קאָפ פון דער צייטונג. **עפעס אַ וווּנדער? ווי דו האָסט זיך אָנגעאַרבעט צו דער היינטיקער שמחה. כ'האָף אַז דו האָסט קיינעם נישט אויסגעלאָזן איינצולאַדן צו דער שמחה. מער וועט אונדז נישט פעלן נאָר פאַרגעסן עמעצן.** פאַרטיפט זיך אין דער צייטונג.

סערא:

קוקט אויפן האַנט־זייגערל. **ער איז אַריינגעגאַנגען בלויז אויף פינף** מינוט **— איז שוין מער פון אַ שעה צייט.**

הערשל:

**ווייסט דאָך, שרייבער דאַרפן זיך צוזאַמענרעדן, דויערט עס אַ ביסל לענגער.**

סערא:

וויזט אויף דער צווייטער טיר און מאַכט סאַרקאַסטישע גרימאַסן. **צוזאַמענרעדן... צוזאַמענרעדן... ס'איז „דזשעלאָסי", קנאה, אָט וואָס עס איז.** ווי רעזיגנירט. **נאַדיר אַ פעני פאַר זייערע ביכער מיט זייערע גע־געציקלטע רעדעס. נאָך ערגער פון פשוטע מענטשן.**

הערשל:

פאַלט אַריין אין די רייד. **צוואָס דאַרפסטו רעדן, אַז דו ווייסט נישט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. אַבי דו רעדסט.**

סערא:

נאַדיר, אַמעריקע גנב. איך ווייס נישט. ווער דען ווייסט?

הערשל:

גיט אַ רוק אָפּ די צייטונג, אומגעדולדיק. אָלרייט! זאָל זיין, אַז דו ווייסט אַלצדינג. צוואָס אָבער דאַרפסטו זיך אויפרעגן?

סערא:

אוודאי, איך בין אַ פשוטע פרוי, איך פאַרשטיי גאָרנישט. אַבי איר מענער פאַרשטייט.

הערשל:

איך האָב דען געזאָגט, אַז פרויען פאַרשטייען נישט?... איך האָב נאָך גאָרנישט געזאָגט און דו לאָזט זיך באַלד אַריין אין אַ דיסקוסיע... גייט איבערן צימער אומרויק.

סערא:

פאָלגט נאָך זיין גאַנג מיט אירע אויגן. איך בין אין הויז, דו ביסט אַ גאַנצן טאָג אין געשעפט און אין אָוונט — ביי די מיטינגען. איז פון וואַנען זאָלסטו וויסן וואָס עס קומט פאַר צווישן מענטשן?... דו מיינסט אוודאי, אַז דו ווייסט שוין אַלצדינג? אוי, גאָטעניו...

הערשל:

זאָל זיין, אַז דו ווייסט אַלצדינג. איך ווייס גאָרנישט. גוט, ביסט צופרידן?

סערא:

האָסטו געזען? אַ מענטש לאָזט נישט אויסרעדן קיין וואָרט...

הערשל:

אויפגערעגט. רעד, רעד וויפל דו ווילסט. ווער לאָזט דיך נישט רעדן? קאָנסט אפילו אַרויפגיין אויף דער בינע און האַלטן אַ רעדע. וועסט זען, צי איך וועל דיר שטערן.

סערא:

איך פאַרזיכער דיר, אַז כ'וואָלט געקאָנט האַלטן פונקט אַזאַ רעדע, ווי איר מענער. קענסט מיך גאָרנישט פאַרסטראַשען.

הערשל:

סאַרקאַסטיש. אָבער, איינער וואָס זיצט אין הויז ווייסט מער ווי

דער, וואָס קומט צו מיטינגען, צווישן מענטשן? דאָס, זעסטו, קאָן איך נישט באַנעמען...

סערא:

אוודאי, ווייל מיר לעבן היינט אין אַנדערע צייטן, אנדערע באַדינגונגען...

הערשל:

מיט וואָס זענען דאָס די היינטיקע צייטן אַנדערש פון די פריער־דיקע צייטן?

סערא:

היינטיקע צייטן זענען פאַראַן ראַדיאָס מיט „אַנלימעטעד" טעלע־פאָנען... אַז איך רעד נישט וועגן קיין פּאָליטיק. איך רעד וועגן זאַכן, וואָס קומען פאָר דאָ, אין שטאָט אונטער דער נאָז, וועגן דעם רעד איך...

הערשל:

גיט זיך אַ זעץ אַוועק אַנטקעגן איבער איר. קוקט איר אין פּנים אַריין. אדרבא, לאָמיר הערן. איך בין שוין נייגעריק צו וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

סערא:

מוטיקער. פאַר די לעצטע דריי וואָכן, וואָס פריינד האָלצבערג איז אין שטאָט, שטייט ער ביי אונדז, אמת? איך ענטפער דעם טעלע־פאָן פאַר אים און איך הער מיך צו צו אלע זיינע געשפּרעכן. און איך הער אויך, וואָס ער רעדט מיט זיינע געסט... זי ווייזט אויפן שטערן. דאָ האָט זיך אַלץ אָנגעזאַמלט. אַז איך דערמאָן זיך אין די רעדעס, וואָס איך האָב געהערט פון די היגע גרויסע מענטשן, זאָג איך דיר, אַז איך הייב נישט אָן צו גלייבן אין זייער גרויסקייט. מיר ווייזט אויס, אַז זייער ווייניק מענטשן זענען געבענטשט אי מיט אַ ברייט האַרץ און אי מיט אַ גרויסן מוח.

הערשל:

האָסט מיר נאָך גאָרנישט געזאָגט.

סערא:

אַז וועסט מיר נישט איבעררייסן, וועסט האָבן געדולד, וועל איך דיר זאָגן.

הערשל:

גיט זיך אַ שטעל אויף אומגעדולדיק. האָסט זיך עפּעס היינט גענומען רעדן וועגן הויכע ענינים.

סערא:

וואָס קאָכסטו זיך? דאָס זענען נישט קיין הויכע ענינים. איך האָב פיינט, ווען מען וויל מיר איינרעדן, אַז זיי, ווייזט אויף דער לינ־קער טיר, זענען איידעלער און פיינער פון אונדז, פשוטע מענטשן.

הערשל:

אַ גאַנצע פילאָזאָפקע ביסטו מיר היינט געוואָרן. דו מאַכסט אַזעל־כע „סטייטמענטס", אַז איך ווייס באמת נישט וואָס צו זאָגן?...

יאסל:

גיט אַ קום אַריין פון זאַל אַ פאַרשוויצטער און ער סאָפּעט שטאַרק. ער גיט אויף גיך אַ פאַרמאַך די טיר און זאָגט. דער עולם ווערט אומ־רויק. ווען וועט מען שוין אָנהייבן?...

הערשל:

הייבט מיט די אַקסלען. דו ווייסט עס אַזוי גוט, ווי איך.

יאסל:

פיר און זעכציק ביכער פאַרקויפט געוואָרן. דער עולם קויפט יידישע ביכער. דאָס איז בלויז היינט אָוונט, אַ חוץ די וואָס זענען פאַרקויפט געוואָרן ביי דער „סאָסייעטי." קוקט זיך אַרום. ווו איז דער גאַסט, דער בעל שמחה אַליין, מיסטער האָלצבערג ווו איז?...

סערא:

ווייזט אויף דער לינקער טיר. ער איז אַהין אַריינגעגאַנגען אויף פינף מינוט בלויז און — פאַרפאַלן געוואָרן.

יאסל:

וואָס איז דאָרט?

הערשל:

ווי רעזיגנירט. ער האָט נישט קיין פּאַרזיצער.

יאסל:

דערשראָקן. וואָס הייסט? עס איז דאָך געווען אַנאָנסירט אין די צייטונגען און אויף דער ראַדיאָ...

סערא:

פאַלט אַריין אין די רייד. מיט צופיל צייטונגען און ראַדיאָס איז אויך אַ צרה.

הערשל:

ווייזט אויף זיין ווייב, מיט כעס. מיין ווייב האָט זיך היינט גענומען רעדן וועגן הויכע ענינים... איך האָב גאָרנישט געוווסט, אַז מיין ווייב איז אַזאַ גרויסע פילאָזאָפקע.

סערא:

ס׳איז אַלרייט. מיין קעפּעלע איז מיר נאָך נישט אויסגעדאַרט. אַז איך שאַץ אָפּ אַ מענטש, איז...

יאסל:

פאַלט אַריין אין די רייד. איר זענט מיר ביידע עפּעס אַנגעדראָדלט וואָס איז דער מער? לאָמיך אויך וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך...

הערשל:

רעדט געלאַסן צו יאָסלען. ווי דו ווייסט, איז אונדזער לאַנדסמאַן, מיסטער האַלצבערג, אי אַ פּאָעט, אי אַ שרייבער פון דערציילונגען, עסייען...

יאסל:

פאַלט אַריין אין די רייד. נו, וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט?...

הערשל:

כאַפּ־זשע נישט. ביסט דאָך שוין געראָטן אין איר. ווייזט אויף זיין ווייב. זי לאָזט אויך נישט אויסרעדן קיין וואָרט.

סערא:

הערסט? איך האָב נאָך גאָרנישט געזאָגט און איך לאָז גאָר אים נישט רעדן. אַ שיינע מעשה.

יאסל:

אויפגערעגט. מען קאָן דאָך נישט דערגיין קיין טאָלק ביי אייך! דער עולם ווערט אומרויק!

הערשל:

באַרויקט אים. זעץ זיך אַוועק, זיי נישט נערוועז. די וואָס האָבן שוין באַצאָלט פאַר די בילעטן, וועלן שוין נישט אַוועקגיין. זיי ווילן

זייער „מאָניס וואָרט.״ מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל. אין „קוריער״ איז געווען אַנאָנסירט, אַז דער שריפטשטעלער מיסטער ווייץ וועט זיין פאָרזיצער און אין דער „יידישער פאָלקס שטימע״ איז געווען אַנאָנסירט, אַז דער פּאָעט מיסטער קאָרן וועט זיין פאָרזיצער...

יאסל:

איז דאָך גוט. האָבן מיר דאָך צוויי פאָרזיצערס. וואָס זאָגסטו, אַז עס איז נישטאָ קיין...

סערא:

צופיל צייטונגען, צופיל פאָרזיצערס... וואָס צופיל טויג נישט.

הערשל:

רעדט ווייטער אין דעם זעלבן טאָן. זענען ביידע, אי מיסטער קאָרן און אי מיסטער ווייץ ברוגז. ביידע האָבן טענות, הלמאי זייערע נעמען זענען נישט געווען געדרוקט אין ביידע צייטונגען. דעריבער זאָגן זיך ביידע אָפּ פון פאָרזיצערשאַפט, איינער שיקט צום צווייטן...

סערא:

איראָניש. מיין מאַן מיינט צו זאָגן, אַז ביידע ווילן פריינד האָלצבערג זאָל יעדן איינעם באַזונדער שטאַרק בעטן, אַז נאָר ער זאָל זיין דער פאָרזיצער. און ער, דער גאַסט, וויל נישט אָנמאַכן קיין בייז לעבן צווישן די שרייבער — ווייסט ער נישט וועמען צו בעטן אַ ביסעלע מער...

יאסל:

גיט זיך אַ שטעל אויף. אָטעמט אָפּ און ווייזט אויף דער לינקער טיר. און ער איז דאָרט אינעווייניק און בעט זיך ביי זיי... אַהאַאַאַ... איצט פאַרשטיי איך שוין. גייט איבערן צימער פאַרטראַכט. מיטאַמאָל גיט ער זיך אַ ווענד צו הערשלען. קאָנסטו דו דאָך זיין פאָרזיצער?!

סערא:

צעלאַכט זיך אויפן קול. האָבן מיר דאָך גערעדט וועגן דעם. לאָזן זיי דאָך נישט.

יאסל:

פאַרוווּנדערט. וואָס הייסט, ווער לאָזט נישט? וואָס איז דאָ, אַ דיקטאַטור?! ער איז אונדזער לאַנדסמאַן. צו אונדז איז ער געקומען, אַז מיר זאָלן אים העלפן אַרויסגעבן זיינע ביכער. שיין וואָלט ער אויסגעזען, ווען ער זאָל וואַרטן, אַז זיי זאָלן אים העלפן.

הערשל:

אירביידע פֿאַרשטייט נישט קיין שרייבערישע פּאָליטיק. ווער זאָגט, אַז איך קאָן נישט זיין קיין „טשערמאַן". איר ווייסט זייער גוט, אַז איך קאָן. ווער איז דען אַלעמאָל טשערמאַן ביי די באַנקעטן און מיטינגען פֿון דער סאָסייעטי?... דאָ איז עפּעס אַנדערש. ביי אַזאַ געלעגנהייט איז שענער עס זאָל זיין אַ טשערמאַן עפּעס אַ... דו פֿאַרשטייסט? דעריבער שטופּ איך מיך נישט...

יאסל:

איך פֿאַרשטיי דיך נישט. פֿון דיינע רייד דאַכט זיך מיר, אַז אויך דו ווילסט מען זאָל דיך בעטן. מיט אַ ווונק צו הערשלען. זיי נישט קיין יאָלד. האָסט איצט די בעסטע געלעגנהייט: זאָלן זיי זיך דאָרט קריגן און דו גיי אַרויס און פֿאַרנעם דאָס בענקל...

סערא:

מיין מאַן איז אַ גולם.

הערשל:

איר מאַכט ביידע אַ גרויסן טעות. מיט שרייבער דאַרף מען זיך נישט איינרייסן...

סערא:

פֿאַלט אַריין אין די רייד. זי דרייט מיטן קאָפּ. איי, איי, איי... אַ קלייניקייט... צו יאָסלען. ווען איר וואָלט געווען ביי מיר אין הויז און זיך צוגעהערט צום טעלעפֿאָן, ווי איך הער מיך צו — וואָלט איר ביידע אַנדערש גערעדט...

הערשל:

אויפגעקאָכט. וואָס רעדן זיי, וואָס?... אַ גראָבע שפּראַך? אָדער זיי האַנדלען מיט טריפהנע סחורה?

יאסל:

זעצט זיך אַוועק. ס'איז אינטערעסאַנט. לאָמיר הערן.

סערא:

גיט אַ מאַך מיט דער האַנט אויפן מאַן און ווענדט זיך צו יאָסלען וואָס איז גרייט צו הערן. הערט, נעכטן קומט צוגיין מיסטער שיינמאַן. ער וויל פֿאַרלייענען פֿאַר מיסטער האָלצבערג זיינע לידער. אָבער איידער וואָס און ווען, האָט ער אַלע שרייבער פֿון שטאָט געמאַכט צו גאָרנישט. דער קאָן נישט שרייבן. יענער קאָן נישט שרייבן. יענער קאָן נישט רעדן...

יאסל:

אויף וועמען האָט ער געזאָגט אַז ער קאָן נישט שרייבן? ס'איז אינטערעסאַנט...

סערא:

זי רעדט אין דעם זעלבן אָטעם. אַ דריטער קאָן נישט קיין יידיש. אַזוי האָט ער איינס און צוויי אַלעמען געמאַכט צו גאָרנישט. מאַכט אַ קרומע מינע. צום סוף גיט ער זיך אַ זאָג: אין אַמעריקע ליידט דאָס יידישע פאָלק פון אַ נייער קרענק — יעדער יידישער לייענער איז אַ פּאָטענציאָנעלער שרייבער. דאָס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן. רוף איך זיך אָפּ פון דער זייט: מיסטער שיינמאַן, וואָס אַרט דאָס אייך, אַז עס וועלן זיין נאָך עטלעכע יידישע שרייבער? עס קאָסט אייך טייערער? און צו מיר אַליין זאָג איך זיך אַזוי, אַז זיי זאָלן הערן: שמייכלט. אַבי איך האָב געמיינט, אַז די יידישע שרייבער זענען נישט ווי די „טשיין־סטאָרס", וואָס ווילן פאַרכאַפּן אַלע ביזנעס פאַר זיך אַליין... איר האָט געזאָלט זען מיט וואָס פאַר אַ אויגן ער האָט מיך אָנגעמאָסטן. פרעגט שוין נישט. פונקט ווי מיין בהמה וואָלט זיין קרויט צעטראָטן.

הערשל:

ער איז געווען גערעכט. ביסט אַריינגעפאַלן ווי אַ בלינד פערד אין גרוב. ווען שרייבער דיסקוטירן צווישן זיך דאַרף זיך אַ פּראָסטער מענטש נישט אַריינמישן.

סערא:

אַזוי!... צו יאָסלען. היינט אינדערפרי הער איך ווי איינער שרייט אַריין אין טעלעפאָן, אַז ער וועט נישט קומען היינט אויף דער נאַכט באַגריסן מיסטער האַלצבערגן, אויב ער וועט אים נישט פאַרזיכערן, אַז נאָכן צוריקקומען קיין ניו־יאָרק וועט ער שרייבן וועגן אים. זי איז שטיל אַ ווייל. באַלד ווייזט זי אויפן מאַן. און ער וויל זיך נישט איינרייסן מיט זיי. פאַרלייגט די הענט אויפן שויס. אוי, גאָטעניו, וואָס איך האָב מיך אָנגעהערט אין די צוויי וואָכן. איך אַליין קאָן אָנשרייבן אַ גאַנצן בוך וועגן דעם.

יאסל:

הערסט, סעראַ, איך גלייב אויך אַז דו גייסט אַ ביסעלע צו ווייט מיט דיין קריטיק. נאָך אַלעמען זענען זיי אונדזערע קולטור־טרעגער,

אונדזערע גייסטיקע פירער. אַזוי אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, ווי דו טוסט עס — דאַרף מען נישט.

סערא.

איך רעד דען קעגן די שרייבער? איך זאָג גאָרנישט קעגן די שרייבער. אדרבא, איך זאָג נאָר, אַז די שרייבער וואָלטן זיך געדאַרפט אויסלערנען האַנדלען אַזוי, ווי זייערע העלדן האַנדלען אין זייערע ביכער. דאָס אַלץ...

יאסל:

ציט די אַקסלען. איי... ס׳איז נישט אַזוי געפּערלעך. דער טייוול איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך. אָט, נעם פּאַר אַ ביישפּיל שלמה דוד. ער וואָלט אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע העמד, כדי צו העלפן אַ מענטשן. אָדער אונדזער אייגענעם לאַנדסמאַן, נעם...

סערא:

פאַלט אַריין אין די רייד. אַ שיין פּנים וואָלט די וועלט געהאַט, ווען אַלע זאָלן זיין אַזוי. וועגן יענע רעד איך נישט. איך רעד וועגן די, ווייזט אויף דער לינקער טיר. וואָס פּאָרען זיך אויף אַלע ירידן. מיט אַ שמן־זית פּנים שטעלן זיי אַרויס זייערע איקאָנעס. וועגן זיי רעד איך.

יאסל:

גיט זיך אַ ווענד צו הערשלען, בעת־מעשה קוקט ער אויפן האַנט־זייגערל. הערשל, עס ווערט שפּעט... עס איז שטיל אַ ווײַלע. אויב דו ווילסט נישט, וועל איך זיין דער טשערמאַן.

הערשל:

ווער זאָגט, אַז איך וויל נישט? אויב מיסטער האַלצבערג וועט מיר הייסן, וועל איך אים נישט אָפּזאָגן. אָבער שטופּן זיך — דאָס זעסטו, דרייט מיטן קאָפּ. ניין, אַזוי געפאַלן בין איך נאָך נישט...

סערא:

אַלעמאָל מוזן דאָס זיין די מענער?... וועל איך זיין דער פּאָרזיצער! איך קאָן אייך פאַרזיכערן...

אירע רייד ווערן פאַרהאַלטן. מיסטער האַלצבערג גיט אַ קום אַריין פון דער לינקער זייט. ער איז אויפגערעגט און פאַרשוויצט. ער גייט אַהין און צוריק איבערן צימער פאַרזאָרגט. ער זאָגט גאָרנישט, נאָר

ווישט דאָס פּנים. עס איז שטיל און אַלע קוקן אויף אים. מיטאַמאָל הייבט ער אָן רעדן מיט געבעט, ווי צו זיך אַליין.

האלצבערג:

זיי פאַרגינען נישט! זיי פאַרגינען נישט! גיט זיך אַ דריי אויס צו די לאַנדסלייט. בלייבט שטיין אינמיטן צימער און רעדט. זיי ווילן מיר אָוועקפטרן אָן אָונט. טאָמער זעען זיי אַ געפּאַקטן זאַל ביי אַן אַנדערן שרייבערס אָן אָונט — קאָכט אין זיי דאָס בלוט...

סערא:

איז דאָך שוין געווען גערעכט דער פּאָעט מיסטער געלער, וואָס האָט געזאָגט, אַז ער וויל זיך נישט חברן מיט קיין שרייבער, ווייל זיי פאַרגינען נישט איינער דעם צווייטן...

האלצבערג:

סאַרקאַסטיש. איר מאַכט מיך צום לאַכן, מיסעס גרינפעלד. טאָמער איז אויף דער וועלט געווען אַמאָל אַ נישט־פאַרגינער, איז אָט אָ דער געלער, וואָס מאַכט זיך פאַר אַ גאַנצן צדיק, דער גרעסטער נישט־פאַר־גינער, וואָס די וועלט האָט אַמאָל געזען. ער שטייגט אַלעמען אַריבער...

גייט אָפּ אַ פאַרזאָרגטער.

יאסל:

גייט אים נאָך. עס ווערט דאָך שפּעט. ווען עפנט מען דעם אָונט, פריינד האָלצבערג?

האלצבערג:

האַלט זיך איין פון כעס. פריינד בלאַט, פרעגט נישט ביי מיר. ווייזט אויף דער לינקער טיר. דאָס דאַרף מען זיי פרעגן. איר פאַרשטייט, עס איז נישטאָ קיין פּאָרזיצער...

יאסל:

איז וואָס וועט זיין? דער עולם ווערט אומרויק.

האלצבערג:

בלייבט שטיין אינמיטן צימער און ווייזט אויף דער לינקער טיר. זאָלן זיי טאָן וואָס זיי ווילן. אַז זיי ווילן אַזוי, זאָל זיין אַזוי. מיט מיר וועט מען נישט שפּילן קיין פּאָליטיק. איך וועל קיינעם נישט חנפהנען. איך וועל אָפּגעבן כבוד דעם, ווער עס פאַרדינט זיך. אָבער די מידה פון חניפה האָט נישט קיין פּלאַץ אין מיין האַרצן.

יאסל:

צו הערשלען. אפשר וואָלט דער סעקרעטאַר פון דער סאָסייעטי אַרויסגעגאַנגען דערוויַיל מאַכן אַ דערקלערונג... וואָס זאָגסטו?

הערשל:

קוקט אויף האָלצבערגן, וואָס שטייט פאַרטראַכט אין אַ זייט און רעדט צו יאָסלען. איך ווייס דיר נישט וואָס צו זאָגן. איך בין נאָך קיינמאָל נישט געווען אין אַזאַ קלעם.

יאסל:

צו סערא און הערשל. אפשר זאָל גאָר די פּיאַניסטין אַרויסגיין און אָפּשפּילן דערווייל אירע עטלעכע נומערן... אומרויק. זאָל כאָטש דער עולם נישט וויסן, וואָס עס קומט פאָר צווישן די שרייבער. דערוויַיל וועט מען אָפּפּטרן אַ נומער פון פּראָגראַם... קיינער ענטפערט נישט.

סערא:

מיטאַמאָל צו האָלצבערגן, וואָס שטייט אַנגעשפּאַרט אין דער ביכער־שאַפע אַ פאַרזאָרגטער. און זי, ווי הייסט זי דאָרט, די שרייבערין מיטן געשליפן צינגעלע, וואָס האָט געוואָלט מיט אייך אַנטלויפן אויף אַן אינדזל. וואָס האָט זי געזאָגט?... זי האָט דאָך אייך געזאָגט, אַז איר זענט דער גרעסטער שרייבער, אַז זי האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט יעדעס וואָרט אייערס. וואָס זאָגט זי דאָרט?...

הערשל:

וואָס האָסטו זיך היינט אַנגעזעצט? נאָר זי שיט זאַלץ אויף די ווונדן. אויפגערעגט, צו יאָסלען. אַ קאָפּ־ווייטיק זאָגט זי, האָט זי, און איר מויל שטעלט זיך נישט אָפּ אויף קיין איין רגע.

האָלצבערג:

דרייט זיך אויס און רעדט מיט געבעט. וויפל איך האָב נישט דערקלערט, אַז איך האָב די נאָטיצן נישט געשריבן, אַז איך האָב זיי נישט אַוועקגעשיקט אין די צייטונגען, אַז איך האָב זיי אפילו נישט געזען — זענען אַלע מיינע ווערטער געפאַלן אויפן דיל און קיינער האָט נישט געמאַכט דעם מינדעסטן פּרווו זיי אויפצוהייבן... זעצט זיך מיט אַ געבויגענעם קאָפּ.

סערא:

אין דער צייט פון האָלצבערגס רעדן האָט זי אַרויסגענומען פון איר האַנט־בײַטל ליפּן־פּאָמאַדע און פּודער. זי שפּאַרט אָן אַ שפּיגעלע

אין אַ בוך און הייבט אָן גרימירן איר פּנים. אויב ס'זענען נישטאָ קיין מיידן, טאַנצט מען מיט שיקסעס. איך וועל אַרויסגיין עפענען דעם מיטינג!

הערשל:

אויסער זיך פון כעס. דאָך רעדט ער, אַז האַלצבערג זאָל נישט הערן. אַ משוגעת איז איר היינט באַפאַלן. כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ ווי אַן אָפּגע־בריטער. לויפט איבערן צימער. זי איז אינגאַנצן אַראָפּ פון זינען.

יאסל:

מיט אַ געמאַכטן שמייכעלע. היינט גייט עפּעס אַלץ משה קאַפּויער. ביי מיר אין „סטאָר" איז היינט אויך אַזוי געווען: יעדער קונה, וואָס איז אַריינגעקומען האָט געטאַפּט און געטאַפּט, מיר צוגענומען די צייט און געזאָגט, אַז ער וועט קומען שפּעטער. רויק צו סעראן. סערא, איר זענט דאָך קיינמאָל נישט געווען קיין פאַרזיצער... זאָל שוין בעסער הערשל זיין פאַרזיצער.

סערא:

וואָס איז, איר מיינט אַז איך קאָן נישט?

יאסל:

אין אַ פאַרלעגנהייט. ווער זאָגט, אַז איר קאָנט נישט? ער האָט אָבער מער „עקספּיריענץ." (דערפאַרונג) ער רעדט אַ ריינעם יידיש. ער ווייסט די אַלע גענגלעך פון אַ טשערמאַן. איר פאַרשטייט?...

הערשל:

צו יאָסלען. איך ווייס וואָס זי וויל: איך ווייס! איך ווייס! זי וויל פּטרן דעם גאַנצן אָוונט און מיר וויל זי אויסעסן דאָס האַרץ. סערעלע, איך קען דיך! אוי, קען איך דיך...

סערא:

זייט זיכער, אַז איך וועל דיך נישט פאַרשעמען.

יאסל:

שטופּט הערשלען אין אַ זייט. גיי אַרויס און פאַרנעם דעם „טשער! דעטס אָל!" (שטול און פאַרטיק).

הערשל:

הייבט מיט די אַקסלען. איך?... ווייזט אויף האַלצבערגן. און ער?..

יאסל:

פאַרקנעפּלט זיך דאָס רעקל. **אויב אַזוי, גיי איך פאַרנעמען דעם „טשער." זאָלסט מיך אָבער שפּעטער נישט קריטיקירן, אַז איך האָב געמאַכט אַ שלעכטן „דזשאַב!"**

סערא:

אַריינלייגנדיק אירע זאַכן אין האַנט־בייטל גיט זי זיך אַ שטעל אויף און מאַכט גלייך איר קלייד. **איר מעגט זיך פאַרלאָזן אויף מיר. איך וועל שוין וויסן וואָס צו זאָגן.**

הערשל:

אויסער זיך פון כעס. צו יאָסלען. **זאָל זי גיין! זאָל זי טאָן וואָס זי וויל! איך וואַש אָפּ די הענט פון אַלצדינג!** צו דער ווייב. **און דיר וויל איך זאָגן אַז דו קאָנסט זיך אויסקלייבן איינס פון די צוויי: אָדער טשערמאַן, אָדער מיך! אויף צוויי פערד וועסטו נישט רייטן ביי מיר.** גייט אָפּ מיט כעס.

סערא:

**דו ווילסט דאָך נישט.**

יאסל:

ווייזט אויף האַלצבערגן. **שאַאַאַ... וואָס איז דער מער מיט אייך? אַ ביסעלע שטילער...**

הערשל:

בסוד צו יאָסלען. **מעגסט איר זאָגן, אויב זי גייט אַרויס זאָגן איין וואָרט, בלויז איין וואָרט — קום איך נישט אַהיים שלאָפן... איך וועל מיך נישט מאַכן צו לייטיש געלעכטער...** שטופּט יאָסלען אין דער זייט. **גיי, גיי זאָג אים, אַז איך זאָל זיין טשערמאַן. גיי!...**

סערא נעמט אָן די קליאַמקע פון דער טיר וואָס פירט אַריין אין זאַל. אין דער רגע גיט אַ קום אַריין פון דער לינקער טיר פריינד קאָטלער. ער גייט גלייך צו האַלצבערגן. סערא איז געבליבן שטיין ביי דער טיר. מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל. ווענדט ער זיך צום גאַסט:

קאטלער:

**וואָס זענט איר אַנטלאָפן? שרייבער מעגן זיך צוזאַמענרעדן.**

האלצבערג:

גיט זיך אַ שטעל אויף. **איר רופט דאָס צוזאַמענרעדן?!**

קאטלער:

נו, אפשר זענען אייניקע ווערטער געווען אַ ביסעלע צו שאַרף. נו, איז וואָס? שרייבער זענען אויך מענטשן, זיי ווילן אויך אַ ביסעלע כבוד. איך פיל דאָס אין מיר אַליין... אַז מאַן און ווײַב צעקריגן זיך, גייט מען זיך באַלד גטן? קומט מען אויך אַדורך. צו די איבעריקע. אַז מענטשן זאָלן זיין אַזוי היציק ווי קינסטלער זענען, וואָלט דאָך גאָר קיין וועלט נישט געווען. איך קען זייער גוט די מענטשלעכע פּסיכאָ־לאָגיע. איך ווייס אַז....

האלצבערג:

פאַלט אַריין אין די רייד. וויזט אויף דער לינקער טיר. דאָס זענען שרייבער? דאָס זענען קינסטלער? דאָס זענען טרוסן אָן אַ ברעקל געוואַגטקייט. זיי האָבן מורא צו קוקן דעם אמת אין פּנים און באַוווסטזיניק באַפּוצן זיי דאָס מיאוסע. זייערע נשמות זענען אויסגע־ווייקט מיט עגאָיזם און היפּאָקריטסטווא. פון זייערע קאָלעגן נעמען זיי פּונקט דאָס פאַרקערטע. וואָס זיי זאָגן, מיינען זיי נישט און וואָס זיי טראַכטן, זאָגן זיי נישט. זיי זענען צופיל פאַרנומען מיטן איינרעדן זיך, אַז זיי זענען שרייבער. זיי שרייבן נישט פון אַן אינערלעכן דראַנג צום שרייבן, זיי שרייבן צוליב כבוד. דעריבער האָבן זיי נישט קיין אייגן פאַר דאָס נאָענטע, דאָס לעבעדיקע, פאַר די ליידן און פריידן פון די מיטמענטשן. דאָס זענען קאַפּיסטן, גראַפאָמאַנען און נישט קיין שרייבער.

קאטלער:

אין זעלבן, גוטמוטיקן טאָן. איך בין אויך אַ שרייבער, איך ווייס אויך וואָס שרייבן איז. ס'איז נישט אַזוי געפערלעך, ווי איר מאַכט דאָס. איך וויל נישט זאָגן, אַז איר זענט אינגאַנצן אומגערעכט. מיר האָבן יאָ אין שטאָט גענוג גראַפאָמאַנען און פּלאַגיאַטאָרן. אָבער איינ־רייסן דאַרף מען זיך נישט מיט קיינעם. ווען איך זאָל וועלן זיין אַזוי היציק ווי איר, וואָלט איך קיין איין טאָג נישט געקאָנט ווױנען דאָ אין שטאָט. ווען אַ ביזנעס־מאַן זאָל אַזוי האַנדלען ווי איר...

האלצבערג:

פאַלט אַריין אין די רייד. דערפאַר בין איך נישט קיין געשעפטס־מאַן. איך קאָן נישט זיין קיין מאָראַלישער טרוס אָדער אַ טשערע־פּאַכע, וואָס ביי דער ערשטער געפאַר, באַהאַלט זי דעם קאָפּ אונטער דער געפאַנצערטער פעל. דעם פּריצס האַנט וועל איך אויך נישט

לעקן. איר מעגט דאָס וויסן: צוליב עטלעכע דאָלער אָדער צוליב פאַרקויפן עטלעכע ביכער וועל איך נישט...

קאַטלער:

יעדעס וואָרט וואָס איר זאָגט דאָ אַרויס, וועט אין גאַס אַדיסגע־טייטשט ווערן קעגן אייך. צוואָס דאַרפט איר דאָס? מיר האָבן דאָ געהאַט שוין אַ גרעסערע צאָל שרייבער־געסט. קיינער פון זיי האָט זיך אַזוי נישט געקאָכט. לערנט זיך אויס פון די אַמעריקאַנער יידישע שרייבער... איר וועט זען, אַז איך בין גערעכט.

יאסל:

פריינד קאַטלער איז גערעכט: וואָס מער איר קאָכט זיך, אַלץ מער שונאים פאַרשאַפט איר זיך. און אונדז?... איר פאָרט אַוועק און מיר, אייערע לאַנדסלייט, בלייבן דאָ...

הערשל:

דערצו האָט איר אַ פען אין האַנט. איר קאָנט שרייבן און ענטפערן.

סערא:

מיסטער האָלצבערג, מיך וווּנדערט אויף אייך: מיר דאַכט זיך, אַז אַלץ וואָס איר האָט דאָ געזאָגט איז אַן אויפגערעגטן מאָמענט, האָט איר גערעדט פונקט ווי זיי דאָרטן...

האָלצבערג:

וואָס איז, ס׳איז דען נישט אמת, מיסעס גרינפעלד, וואָס איך האָב געזאָגט?

הערשל:

צום ווייב. ער ציט זי אָפּ אין אַ זייט. וואָס מישסטו זיך אַריין?

סערא:

לאָז זיך נישט. בלייבט שטיין. איך האָב פיינט צו הערן לשון הרע.

הערשל:

אָט האָסטו דיר. שמייכלט צו יאָסלען וואָס שטייט נעבן זיי. יאָסל, וואָס האָט זי געטאָן אַ גאַנצן אָוונט? אויף זיך זעט מען דאָך נישט קיין שפּרינקעלע. אָבער אויף יענעם, האָ, האָ, האָ...

האָלצבערג:

מיסעס גרינפעלד, איך וויל, אַז איר זאָלט מיך פאַרשטיין: איך זאָג, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין גרעסערער אמת און קיין שענערע

טוגנט, ווי די ליבע צו דעם מיטמענטשן. דענקער און קינסטלער דאַרפן זיין דער עמוד־האש, דער פייערדיקער זייל, דורך זייערע רייד און דורך זייערע מעשים דאַרפן זיי באַלייכטן דעם מענטשנס וועג. פונקט ווי די זון גיט אונדז פריי אירע שטראַלן, אַזוי דאַרף דער קינסטלער פאַרשפרייטן ליבע צווישן זיינע מיטמענטשן, בכל לבבך ובכל נפשך, זיין גרייט אויף אַלע קאָנסעקווענצן ביז אפילו ברענגען פערזענלעכע קרבנות. פונקט ווי עס האָבן געהאַנדלט די יידישע שרייבער אין דעם היטלער־גהינום און אונדזערע גייסטיקע פירער אין די פריערדיקע צייטן. די וועלט, מיסעס גרינפעלד, האָט אָנגעטאָן דעם קינסטלער די עטרת חיים. אויב אַ שרייבער קאָן נישט טראָגן די דאָזיקע שווערע קרוין — איז צוואָס זיין גאַנץ שרייבן?... ער וויל נאָך עפּעס זאָגן, אָבער ער גיט אַ פאַל אַוועק אַן אויסגעשעפּטער. ער ווישט דאָס פּנים. זיצט רעזיגנירט.

סערא:

מיט אַ שמייכל. ווען איך זאָל מיך נישט שעמען פאַר לייטן, וואָלט איך צוגעלאָפן און אים אויסגעקושט פאַר אַזעלכע רייד. ווי צו זיך אַליין. איצט פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס די שרייבערינס זענען אייפערזיכטיק, ווען אַן אַנדערע פרוי רעדט צו אים אַ וואָרט.

יאסל:

איך זאָג נאָכאַמאָל: אַז מען וויל שטיין אין ביזנעס, דאַרף מען זיך נישט איינרייסן מיט דער וועלט. איין שוואַלב קאָן קיין זומער נישט מאַכן...

קאטלער:

הערט ווי האָלצבערג זיפצט, איז ער ווידער גוטמוטיק. וואָס ווילט איר פון זיי? וואָס קאָנען זיי טאָן מער? די מענטשן, איך מיין די שרייבער, דאַרפן אויך מאַכן אַ לעבן...

האלצבערג:

גיט זיך אַ שטעל אויף. כאַ, כאַ, כאַ... וואָס איך וויל? איך וויל פון זיי גאָרנישט. איך זאָג נאָר, אַז דעם שרייבערס אויפגאַבע איז, אַרונטערלאָזן זיך אין די טיפענישן פון פאָלק און דערהייבן אים צו דעם הר סיני... וואָס זעען מיר אָבער אין דער ווירקלעכקייט? אין דער צייט ווען זיי זענען געווען פאַרנומען מיטן קריגן זיך איבער אַ פּאָר־ציע כבוד, איז דערווייל די יידישע צייטונג אונטערגעגאַנגען. אָנשטאָט

העלפן דערציִען אַ יונגן דור לייענער, זענען זיי פאַרנומען מיטן קלאָגן, אַז עס פאַרקויפט זיך נישט גענוג זייערע ביכער. אַנשטאָט העלפן פאַרבעסערן דעם מצב פון דעם יידישן טעאַטער, האָבן זיי אַזוי לאַנג אַרונטערגעריסן, ביז זיי האָבן אים אינגאַנצן צעריסן. אַנשטאָט צוזאַמענעמען די יונגע שרייבער און העלפן זיי, בלאָזן זיי זיך ווי די פּעטע אינדיקעס. ביי די חז״ל איז פאַראַן וועגן דעם אַ ווערטל: „נאה דורש — נאה מקיים.״ זיי אָבער זענען נישט מקיים דאָס וואָס זיי פּרעדיקן... שטאַרקער מיט האַרץ. מיינע פריינד, דער אמת טוט שטאַרק וויי, ער מוז אָבער געזאָגט ווערן.

קאַטלער:

איר וועט מיר אַנטשולדיקן, פריינד האָלצבערג: איר זענט טאַקע אַ קינסטלער, אָבער איך בין אויך אַ שרייבער און ווייס אויך עפּעס. די אַלע זאַכן וואָס איר האָט דאָ אויסגערעכנט דאַרפן קאָסטן געלט און שרייבער ווי איר ווייסט, זענען גרויסע קבצנים.

האָלצבערג:

דאָס איז נישט קיין תירוץ...

קאַטלער:

שמייכלט, מיט אַן איינגעהאַלטענעם כעס. נישט קיין תירוץ זאָגט איר? קענט איר נישט די מענטשלעכע נאַטור. איך זאָג אייך, אַז איר וועט די מענטשלעכע נאַטור נישט איבערמאַכן.

סערא:

פריינד קאַטלער, אַז מען קאָן נישט איבערמאַכן די מענטשלעכע נאַטור, איז צוואָס אייער גאַנץ שרייבן? ווי מיין ווייבערישער שכל זאָגט מיר, ווילן דאָך די שרייבער יאָ איבערמאַכן די מענטשלעכע נאַטור...

קאַטלער:

איגנאָרירט אירע ווערטער. רעדט ווייטער צו האָלצבערגן. איר רייסט זיך אויף גלייכע ווענט. איבערמאַכן די מענטשלעכע נאַטור איז אַזוי מעגלעך, ווי מיר וועט דאָ וואַקסן האָר. ער ווייזט אויף זיין דלאָניע.

האָלצבערג:

זיפצט. יאָ... ווי איך זע, זענען מיינע ווערטער אַ קול קורא במדבר... אפשר האָב איך דאָס אַלץ נישט געדאַרפט זאָגן. מען דאַרף

קיינעם נישט ווי טאָן... עס שטייט דאָך אָבער, „את אשר אוהב יוכיח" דעם וואָס דו האָסט ליב, דאַרפסטו שטראָפן... זיפצט מיט אַן אַראָפּ־געלאָזענעם קאָפּ.

הערשל:

גיט אַ ווונק צו אַלעמען, אַז זיי זאָלן האָלצבערגן לאָזן צורו. אויפן זעלבן ווונק רופט ער אַלעמען אין אַ זייט און ווענדט זיך צו קאַטלער!

נו, וואָס הערט זיך דאָרט?

קאַטלער:

ווייזט אויף האָלצבערגן, רעדט שטיל. ער איז אַזוי אויפגערעגט, אַז מען קאָן מיט אים גאָרנישט רעדן. וואָס איז ער אַזוי געפאַלן ביי זיך? ער האָט מורא, אַז ער וועט נישט האָבן קיין פאָרזיצער? אויב זיי וואָלטן דאָרט נישט אַדורכגעקומען, וואָלט איך געווען פאָרזי־צער. איר ווייסט, אַז איך בין אַלעמאָל פאָרזיצער ביי אַזעלכע מסיבות. דאָס מאָל האָב איך נישט געפילט גוט, האָב איך זיי איבערגעגעבן דעם כבוד. נו, קריגן זיי זיך אַרום.

יאסל:

הייסט עס, אַז עס איז יאָ פאַראַן אַ פאָרזיצער.

קאַטלער:

דאָס בין איך דאָך אים אַריינגעקומען זאָגן. ווען איך וואָלט געפילט בעסער, וואָלט צו דעם אַלעמען נישט געקומען. איר הערט, זיי זענען קיין מענטשן נישט, די אַלע היגע שרייבער. מען קאָן זיך נישט פאַרלאָזן אויף זיי...

הערשל:

איז, ווער וועט זיין פאָרזיצער?

קאַטלער:

זיי האָבן זיך דאָרט אויסגעגלייכט... קאָרן וועט זיין דער הויפּט־באַגריסער און ווייץ וועט זיין...

יאסל:

אומצופרידן. נאָך אַ באַגריסער, מירן דאַרפן זיצן ביז טאָג..

קאַטלער:

לאַכט אַ צופרידענער. און ווייץ איז אויך נישט קיין קליינער נודניק. נאָר מיר האָבן זיך נישט געקענט העלפן. דאָס איז געווען דער איינציקער אויסוועג. אַז איך בין קראַנק...

סערא:

אַלץ וועט געפּטרט ווערן. דאָס עסן וועט האָבן מיין באָבעס טעם.

הערשל:

אַבי שלום ביי יידן. נו, לאָמיר נישט פּטרן קיין צייט. דער זייגער שטייט נישט אויף אַן אָרט.

סערא:

צו איר מאַן. דו פאָר אַהיים און שטעל אַלץ אַריין אין „פרידזשע־דייער", אַז נישט, וועט נישט זיין וואָס צו דערלאַנגען. די געשיר קאָנסטו איבערלאָזן אויפן טיש. צו קאַטלערן. מיין מאַן מוז מען אַלץ אָנזאָגן, ווי אַ קליין קינד.

שטיין:

גיט אַ קוק אַריין פון זאַל פאַרשוויצט און פונאַנדערגעקנעפּלט. ער איז אַ הויכער, דאַרער ייד, אַ זאַהיקעדיקער. אַלע ווייס שוין, אַז ס'איז נישטאָ קיין פּאַרזיצער. מיט אַ שמייכל צו קאַטלערן. אַז איר זענט נישט קיין פּאַרזיצער, איז נישטאָ קיין פּאַרזיצער...

קאַטלער:

אַ צופרידענער. דאָס זאָג איך דאָך...

יאסל:

נו, נאָך וואָס זענט איר אַריינגעקומען?

שטיין:

איך בין אַריינגעקומען זאָגן פריינד האָלצבערגן, אַז ער זאָל זיך נישט זאָרגן. ס'איז שוין דאָ אַ פּאַרזיצער.

הערשל:

דערשראָקן. איך וואָלט שווערן אַז דאָס איז שמחה.

אלע:

מיטאַמאָל. וואָסער שמחה? וועלכער שמחה? וואָס דיר קאָן איינ־פאַלן. שמחה גאָר... שמחה...

הערשל:

איך ווייס, איך ווייס וואָס איך רעד. דער דזשאָנק פּעדלער רייסט זיך אַלעמאָל צו זיין פּאַרזיצער.

**שטיין:**

מיט פרייד. וואָס קיינער האָט נישט געטראָפן. ער ווייזט אויף זיך. נישט שמחה... נישט שמחה... עס נעמט איס אַ לאַנגע צייט אַרויסצו־זאָגן דאָס וואָרט „שמחה".״ **איך... איך...**

אַלע בלייבן פאַרגאַפט, געפּלעפּט און אָן לשון אַ לענגערע ווייל. שטיין פּילט דאָס, בלייבט ער שטיין אַ ביסל פאַרטרויערט. קאָטלע־הייבט אָן שמייכלען. באַלד דערהערט זיך אַ קוויטשעדיקע פרויען־שטים: „פריינד, ליידיס און דזשענטלמען, פאַרנעמט אייערע פּלעצער.״ מען הערט אויך ווי זי קלאַפּט מיטן האַמער אין טיש עטלעכע מאָל און חזרט איבער עטלעכע מאָל די ווערטער „ליידיס און דזשענטלמען". האָלצבערג זיצט אין אַ זייט און הערט נישט וואָס עס קומט דאָ פאָר. די איבעריקע אויף דער בינע קאָנען נישט קומען צו זיך פון איבער־ראשונג. די פאָרהאַנג לאָזט זיך אַרונטער.

**דעצעמבער, 1957, לאָס אַנזשעלעס, קאַל.**

## פּערזאָנען:

סעם בעלקין, אַן אויפגעקומער גביר, אַ קאָמוניסט, 58 יאָר אַלט.

חוה, זיין צווייטע פרוי, 42 יאָר אַלט.

פרענצעס, בעלקינס טאָכטער פון דער ערשטער פרוי, 25 יאָר אַלט

בען גוטמאַן, חוהס ברודער, אַ פאַרזיכערונגס־אַגענט, 50 יאָר אַלט.

חבר פּאַקס, אַ פירער ביי די קאָמוניסטן, 55 יאָר אַלט.

חברטע קרופּניק, אַ פירערין ביי די קאָמוניסטן, 48 יאָר אַלט.

מיסטער איידבראַמס, אַ ייד אַ פּליט, געווען אין רוסלאַנד. 40 יאָר אַלט.

# ערשטער אַקט

ביי סעם בעלקין אין אויפנעם־צימער: אַ קליינבירגערלעך־אויסמעבלירטער זאַל, דער אַריינגאַנג איז פון אַ קליינעם קאָרידאָר פון וואַנען עס זעען זיך אָן די טרעפ וואָס פירן אין די שלאָפצימערן אַריין. דער אַריינגאַנג פאַרנעמט אַ דריטל פון צענטער־וואַנט. פון דער לינקער זייט (פון פובליקום) פירט ער צו דער גאַס. די טיר זעט מען אָבער נישט. פון דער רעכטער זייט, כמעט אונטער די טרעפ, פירט דער אַריינגאַנג אין עסצימער־אַריין, אין קיך און צום טעלעפאָן. כדי צו זיין אין דעם זאַל ווו די האַנדלונג קומט פאָר, מוז מען אַרונטערגיין צוויי טרעפלעך. אין צענטער פון דער לינקער וואַנט איז פאַראַן אַ גרויס פענצטער וואָס פאַרנעמט די גאַנצע לענג פון סופיט ביז דעם דיל. דאָס פענצטער איז פאַרהאָנגען מיט פאָרהאַנגען און פאָרטיערן, נעבן פענצטער שטייט אַ פיין געשניצט טישל אויף וועלכן עס געפינט זיך אַ וואַזשנער לאָמפ און פון ביידע זייטן טישל — צוויי געבעטע שטולן. אויף דער רעכטער וואַנט איז פאַראַן אַ פייער־קאַמין, איבער וועלכן עס הענגט אַ גרויסער שפיגל. פון איין זייט קאַמין אַ ביכער־שענקל מיט ביכער און צאַצקעס פון ביליקן אויס־וואַל. פון דער צווייטער זייט פון קאַמין שטייט אַ גרויסער ראַדיאָ. דריי פערטל פון צענטער־וואַנט איז פאַרנומען מיט אַ גרויסער קאַנאַפּע. פון ביידע זייטן — טישעלעך מיט לאָמפן און אַבאַזשורן. פון פאָרנט פון דער קאַנאַפּע שטייט אַ נידעריק טישעלע אויף וועלכן עס געפינען זיך טעצעלעך מיט קאָנפעקטן און אַש־בעכערלעך. דאָס צימער איז רייך אָבער געשמאַקלאָז אויסמעבלירט, ווי ביי אויפגעקו־מענע גבירים, אויף די ווענט הענגען אייל־בילדער, אויך פון ביליקן געשמאַק. אין זאַל זענען פאַראַן נאָך שטולן, טישעלעך און אַנדערע זאַכן. אַלע אַריינגענג זענען דורך דעם זעלבן קאָרידאָר.

די האַנדלונג קומט פאָר אין אַן אַמעריקאַנער שטאָט, וואָס האָט אַ גרעסערן יידישן ישוב. עס איז אַרום צען אַזייגער פאַרמיטאָג, אין אַ שיינעם מאַי־טאָג פון 1952.

ווען דער פאָרהאַנג עפנט זיך, זיצט סעם בעלקין אין אַ געבינטענער

שטול און לייענט די „מאָרגן־פרייהייט״. בעת מעשה הערט ער זיך צו צו די ברעקלעך נייעס וואָס קומט פון דעם ראַדיאָ. ער מישט די בלעטער פון אַלע זייטן און רייכערט אַ ציגאַרעט.

די הלבשה איז אַ געוויינטלעכע: שיך, הויזן, אַ ספּאָרט־העמד און אַ סוועטער מיט לאַנגע אַרבל. ער איז ראַזירט און זיינע גרויע האָר זענען גלאַט פאַרקעמט.

עס קומט אַריין זיין שוואָגער, בערל גוטמאַן, פון הינטער די טרעפּ־טי״ר. ער איז נעט אָנגעטאָן: אַ ווייס העמד מיט אַ שניפּס און אַ ריין, געפּרעסטן אָנצוג. ער האָט אַ צופרידענעם, גוטמוטיקן שמייכל אויפן פּנים. ווען ער רעדט וועגן פּאָליטיק, קאָכט ער זיך. אַזוי, איז ער אַ מענטש וואָס נעמט אַלץ לייכט, בעת בעלקין נעמט יעדער זאַך זייער ערנסט. ווי נאָר גוטמאַן איז אַרונטער אין זאַל, רופט ער אויס:

גוטמאַן:

**גוט מאָרגן, סעם.**

**בעלקין:**

לייגט אַוועק די צייטונג אויפן דיל. שטעלט זיך אויף און גייט פאַרמאַכן דעם ראַדיאָ. **וואָס אַזוי פרי?**

גוטמאַן:

**איך בין דאָ געווען ביי מיינעם אַ קליענט, האָב איך געטראַכט איך וועל שוין אין איין וועגס אַריינגיין זען וואָס איר מאַכט.** זעצט זיך אויף אַ געבעטעטער שטול. לייגט אַוועק די טעקע אויפן שויס און נעמט אַרויס עטלעכע יידישע צייטונגען און דערלאַנגט זיי צו בעלקינען. **נאַ, וועסט האָבן וואָס צו לייענען.**

בעלקין:

נעמט דאָס פּעקל צייטונגען, לייגט זיי אַוועק און בעת מעשה שטופּט ער גוטמאַנען אין פּנים אַריין די „מאָרגן־פרייהייט״. **נאַ, גיב אַ קוק. ווידער מלחמה! נישט אַנדערש, זיי האָבן זיך פאַרלייגט אומצו־ברענגען די אָרעמע אַראַבער.** גוטמאַן ענטפערט נישט. ער פּאָרעט זיך ביי דער טעקע. **וואָס זאָגסטו איצט אויף דיינע יידעלעך?...**

גוטמאַן:

שמייכלט, נעמט נישט די „פרייהייט״. **מיינע יידעלעך? זיי זענען דיינע פּונקט ווי מיינע.**

בעלקין:

לייגט אַוועק די צייטונג. ניין! איך וואָס מיר אָפּ די הענט פון זיי...

גוטמאַן:

שמייכלט. שטעלט זיך אויף. זאָל זיין ווי דו זאָגסט. איך וועל זיך נישט שפּאָרן מיט דיר. עס איז נאָך צו פרי צו קאָכן זיך. ער גייט צום טישעלע און כאַפּט אַ צוקערקע אין מויל אַריין. איך דאַרף אייגנטלעך זיין אויף אַ דיעטע. אָבער אַז איך דערזע די שאָקאָלאַד־קעלעך, קאָן איך זיך נישט קאָנטראָלירן. נעמט עטלעכע צוקערקעס, קײַט און שמייכלט.

בעלקין:

ווי צו זיך אַליין, אויפן קול. חרפּות און בושות פאַרשאַפן זיי אונדז!...

גוטמאַן:

הער שוין אויף מיט פּאָליטיק! זאָג מיר בעסער, וואָס מאַכסטו שוין ווידער אינדרויסן? ווען איך קום אַהער, זע איך, אַז דו האָלסט אין איין איבערמאַכן און רעמאָנטירן.

בעלקין:

איך זאָג דיר, אַ פּריוואַטע הויז טרייבט אַריין אין שרעקלעכע הוצאות. איך האָב געדאַרפט אַזאַ גרויס הויז, ווי מען דאַרף אַ לאָך אין קאָפּ.

גוטמאַן:

עס וועט דיר גאָרנישט שאַדן. ראָקעפעלער מעג? מעגסטו אויך הנאה האָבן פון לעבן.

בעלקין:

לאַכט אַ צופרידענער. איצט האָסטו געזאָגט אַ גוט וואָרט: צוריק־געשמועסט, ביסטו אַ גאַנץ פּראָגרעסיווער מענטש.

גוטמאַן:

נעמט נאָך אַ שאָקאָלאַדקעלע. איז, וואָס מאַכסטו דאָרט, אינדרויסן?

בעלקין:

נו, אַ „פּעטיאָ" מאַך איך. אַז ס'וועט קומען זומער, זאָל זיין וווּ צו זיצן.

גוטמאַן:

וואָלסט שוין אין איינוועגס געמעגט מאַכן אַ „סווימינג פּול״.

בעלקין:

זעצט זיך. אַזאַ בורזשוי בין איך נאָך נישט. דאָס וועסטו ביי מיר נישט אויספירן.

חוה:

קומט אַריין דורך דער זייטיקער טיר. זי האָט אַ שיינעם קאָפּ גרויע האָר און אַ גאָר פיינע פיגור, לויט אירע יאָרן. זי טראָגט אַ קליידל, אַ ווייסע בלוזע און סוועטערל הענגט ביי איר אויף די אַקסל'ען. אין האַנט האַלט זי אַ שאָוועלע און אַ גומענע הענטשקע, ווי זי וואָלט געקומען פון גאָרטן. זי האָט אַ ליבן שמייכל, דורך וועלכן עס זעען זיך אירע ווייסע ציין. איצט וועלן מיר האָבן אַ שיינעם גאָרטן. איר זאָלט זען וויפל שטיינער דער מאַן האָט שוין אויסגעגראָבן. אַ פולן טראָק האָט ער שוין.

בעלקין:

שטיינער, שמיינער. די שטיינער וועלן מיך אַריינטרייבן אין אַן אוצר מיט געלט!

גוטמאַן:

וואָס איז געלט?... איך זאָג צו מיין טילין, ווי לאַנג מען לעבט, דאַרף אַ מענטש הנאה האָבן פון לעבן. נאָכן טויט וועלן די קינדער סיי ווי זאָגן, אַז דער פאַ איז געווען אַ נאַר.

בעלקין:

מיינע קינדער זענען פאַרזאָרגט. זיי דאַרפן גאָרנישט פון מיר.

גוטמאַן:

איז דאָך אוודאי גוט. צוזואָס דאַרפסטו זיך זאָרגן?...

חוה:

צום ברודער. זיץ אַ ווײַלע. איך גיי מאַכן פרישע קאַווע.

גוטמאַן:

צוליב מיר, דאַרפסטו זיך נישט פאָרען. איך גיי באַלד אַוועק.

חוה:

איך מאַך נישט צוליב דיר. מיין ברודער מיינט, אַז איך מאַך זיך

פון אים אַ גרויסן צימעס. איך דאַרף צוגרייטן עפּעס פאַר די אַרבעטער אינדרויסן.

בעלקין:

וואָס דאַרפסטו עפּעס מאַכן עסן פאַר זיי?

חוה:

זיי אַרבעטן שוין פון פאַרטאָג אָן. איך האָב באַמערקט, אַז זיי האָבן נישט מיטגעברענגט קיין אָנבייסן. מ׳קאָן דאָך נישט לאָזן מענטשן אַרבעטן אומגעגעסן.

בעלקין:

ווי האַלטן זיי דאָרט, דיינע שווערע בעל־מלאכות?

חוה:

ווי עס זעט אויס, וועט זיי אוודאי נעמען אַ גאַנצן טאָג.

בעלקין:

צו גוטמאַנען. הערסט, מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שאַרן. ווען איך וואָלט נאָר געווען אַ ביסל ייִנגער...

חוה:

עס דאַכט זיך דיר, אַז דו וואָלסט געקאָנט....

בעלקין:

גיט זיך אַ שטעל אויף. אָבער אַ גאַנצן טאָג?! צו חוה. דו וועסט זען, זיי וועלן אַזוי מאַנעווורירן, אַז זיי וועלן נאָך דאַרפן קומען מאָרגן אויך.

חוה:

צו בעלקין. וואָס זאָגסטו, זאָל איך נישט מאַכן קיין עסן פאַר זיי?

בעלקין:

אַז דו האָסט שוין געזאָגט — גיי. מאַך! מאַך!

חוה:

באַפּעלעריש צום ברודער, מיט פרייד. דו וועסט טרינקען מיט אונדז קאַווע! אָפּ.

גוטמאַן:

וואָס זאָגסטו עפּעס אויף מיין שוועסטער? זינט זי איז דאָ, האָט

דאָס הויז אויפגעלעבט. דיין פנים האָט איצט אַ קאָליר. דו זעסט אויס אפשר מיט צען יאָר יינגער.

בעלקין:

גיט אַ מאַך מיט דער האַנט. מיין ערשטע ווייב האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי צו לעבן. דאָס גאַנצע געזונט אָוועקגעגעבן דער באַוועגונג. איך וואָלט איצט געדאַרפט זיין אַ צען יאָר יינגער... קוקט אַריין אין שפּיגל. מאַכט גרימאַסן. שמייכלט צו זיך אַליין.

גוטמאַן:

לאַכט. וואָס איז, ווילסט מאַכן אַ ברית?... נישט שפּעט. נישט שפּעט...

בעלקין:

פאַרשעמט. גייט אָפּ פון שפּיגל. זעצט זיך. נעמט אַ „פאָרווערטס" און הייבט אָן אַריינקוקן. שיין וועל איך אויסזען, ווען די חברים וועלן מיך זען שטופּן אַ וועגעלע מיט אַ קינד.

גוטמאַן:

שטעלט זיך אַנטקעגן בעלקינען. נו, וואָס זאָגסטו, זיי וועלן זיך איינ־לעבן?

בעלקין:

וועמען מיינסטו, די יידן מיט די אַראַבער? די אַראַבער ווילן נאָר די...

גוטמאַן:

ווידער פּאָליטיק?! איך מיין דיין טאָכטער מיט דער שטיפמוטער.

בעלקין:

הייבט אויף דעם קאָפּ. איר האָט פיינט, אַז מען זאָגט אייך דעם אמת, האַאַאַ?...

גוטמאַן:

איך פרעג דיך אַ פּשוטע פראַגע און דו קומסט גלייך אַריין מיט פּאָליטיק.

בעלקין:

שטופּט אים דעם „פאָרווערטס" אין פנים אַריין. נאַ! זע! איצט האָבן זיי אויסגעטראַכט אַ נייעם בילבול אויפן חבר סטאַלין. אַזאַ

חוצפה! אַזאַ נידערטרעכטיקייט! מענטשן זאָלן זיין אַזוי געפאַלן און אויסטראַכטן, אַז דער סאָוויעטנפאַרבאַנד האָט אומגעבראַכט די יידישע קולטור און דערשאָסן די יידישע שרייבער. דאָס איז שוין אַ ביסל צופיל! צופיל!

גוטמאַן:

איך האָב גראָד געוואָלט רעדן מיט דיר וועגן עפּעס אַנדערש. נאָר אַזוי ווי דו ווילסט זיך קריגן... נעמט די טעקע און קלייבט זיך גיין.

בעלקין:

פאַרהאַלט אים. וואָס לויפסטו? לויף נישט! וואָס ווייס איך צי זיי וועלן זיך איינלעבן? דאָס דאַרף מען פרעגן ביי זיי. דערווייל איז מיין טאָכטער ערשט צוויי וואָכן אינדערהיים. שמייכלט. דאָס איז געווען אַ נאַרישע פראַגע. זעסטו, ווען דו פרעגסט מיך, ווי איך האָב זיך איינגעלעבט מיט דיין שוועסטער, קאָן איך דיר ענטפערן מיט דריי ווערטער: — איך בין גליקלעך!...

גוטמאַן:

דאַנקען גאָט, אַז כאָטש אין איין זאַך זענען מיר ביידע איינשטימיק.

פרענצעס:

קומט אַריין אַראָפּלויפנדיק פון די טרעפּ. זי האָט אַ פריילעך, סימפּאַטיש פּנים מיט אַ ברייט, פּאַדריטן נעזל, טונקל ברוינע האָר און ליכטיק־גרינע אויגן. זי איז אָנגעטאָן אין אַ זשאַקעטל, אַ קליידל, נידעריקע שיך און טראָגט עטלעכע ביכער אונטערן אָרעם. אַריינקומענדיק, גיט זי אויף גיך אַ קוש דעם פאָטער אין דער באַק. האַלאָ, פּאַ.

בעלקין:

דערפרייט צו זען די טאָכטער. ווו לויפט מען דאָס אַזוי פרי?

פרענצעס:

האַלאָ, מיסטער גוטמאַן.

גוטמאַן:

האַלאָ, פרענצעס! רעדט, ווי צו זיך אַליין און באַלד נעמט ער אַרום פרענצעס מיט שאַרפע אויגן. הייבטיקע מיידלעך. אַ זשאַקעטל,

אַ קלײדל און מען פּליט! זאָג מיר, סעם, ווי קומט צו דיר אַזאַ טאָכטער, מיט אַזאַ פיגורקעלע און מיט...

פּרענצעס:

אַ דאַנק, מיסטער גוטמאַן, אַ דאַנק. רויטלט זיך און ווענדט זיך צום פּאַטער. וואָס מאַכסטו דאָרט אינדרויסן? דאָס קלאַפּן האָט מיך נישט געלאָזט שלאָפן.

בעלקין:

שמייכלט. אַ נייע פּעטיאָ. וועסט קאָנען ברענגען דיינע חברטעס און אפילו מאַכן פּאַרטיעס. ווויהין לויפט מען דאָס אַזוי פרי מיט די ביכער?

פּרענצעס:

קאָקעטירט פאַר גוטמאַנען און רעדט צום פּאַטער. איך דאַרף טאָן אַ ביסל פאַרש־אַרבעט אין ביבליאָטעק, פאַר מיין טעזיס. ווו איז חוה?

בעלקין:

גיי אַריין אין קיך, וועט זי דיר מאַכן אָנבייסן.

פּרענצעס:

עסן וויל איך נישט. איך וויל בלויז אַ ביסל אָרענדזש־זאַפט.

גוטמאַן:

היינטיקע מיידלעך עסן דאָך נישט. דיעטע. פיגור!... עס איז אַ לעבעדיקע וועלט.

פּרענצעס:

חוה דאַרף מיך נישט באַדינען. איך קען מיר אַליין מאַכן עסן.

בעלקין:

כ'האָב געמיינט, אַז דו איילסט זיך. אַזוי איז אוודאי בעסער. ווען וועסטו זיין צוריק?

פּרענצעס:

הייבט אָן אַריינגיין אין קיך. קערט זיך אום, גיט דעם פּאַטער אַ שנעלן קוש. גוד באַי, פּאַ. און איר, מיסטער גוטמאַן, הערט אויף פלירטעווען. די היינטיקע מיידלעך נעמען זאַכן זייער ערנסט. צום פּאַטער. איך וועל זיין אינדערהיים אויף וועטשערע. אָפּ.

גוטמאַן:

אַ ווילע טאָכטער. זי וואָלט שוין געמעגט חתונה האָבן.

בעלקין:

זיפצט. איך וואָלט געוואָלט.

גוטמאַן:

נו, און זי?

בעלקין:

עפּעס שרייבט זי זיך דורך מיט אַ בחור. אָבער היינטיקע קינדער איז בעסער, אַז מען פרעגט נישט. ווייסט דאָך וואָס דער אַמעריקאַנער זאָגט: „פרעג נישט קיין קשיות, וועט מען דיר נישט זאָגן קיין ליגן".

גוטמאַן:

וואָס איז, ביסט נישט קיין טאַטע?

בעלקין:

און אַז אַ טאַטע, איז וואָס? זינט איר מוטער איז געשטאָרבן. האָבן איר די ברידער אויסגעהאַלטן מיט אַלעם גוטן. זיי האָבן איר צע־פּיעשטשעט... די פיר יאָר וואָס זי האָט געוווינט אין בערקלי איז זי אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז עס איז זי שווער צו דערקענען.

גוטמאַן:

איצט איז זי כאָטש געקומען צו בלייבן?

בעלקין:

איך פרעג נישט. דערווייל לויפט זי יעדן טאָג אין ביבליאָטעק.

גוטמאַן:

קוקט אויפן האַנט־זייגערל. נו, מען דאַרף שוין גיין.

בעלקין:

האָסט דאָך געוואָלט עפּעס רעדן מיט מיר. אויב דו מיינסט נייע אינשורענס...

גוטמאַן:

פאַלט אַריין אין די רייד. אַאַאַ... איך האָב דיר נישט צוגערעדט, אַז דו זאָלסט אַרויסנעמען די פינף טויזנט דאָלער אויף חוהן. איך רעד קיינעם נישט צו...

בעלקין:

ווער זאָגט, אַז האָסט מיך צוגערעדט? מיך קאָן קיינער נישט באַאיינפלוסן. איך טו אַלץ לויט מיינע איבערצייגונגען.

גוטמאַן:

מיר געפעלט נישט דער טאָן, איך בין נישט קיין קאָמוניסט. איך האָב פיינט שטעכווערטלעך.

בעלקין:

שמייכלט. אָ... איצט הייבסט דו שוין אָן...

גוטמאַן:

כאַפּט זיך, אַז ער האָט דאָס נישט געדאַרפט זאָגן. איך זאָג דיר, דיין סטאַלין איז אַ קלוגער פּאָליטיקער. ער האָט אַזוי לאַנג אַרייַנגעהאַקט אין אונדזערע קעפּ פּאָליטיק מיט שטעכווערטלעך, אַז עס האָט זיך געמוזט עפּעס צוקלעפּן.

בעלקין:

אַז דו ביסט שוין געקומען צו דעם פאַרשטאַנד, אַז סטאַלין איז דער גרעסטער מענטש, בין איך שוין מיט דיר אויף אַ וועג. קום אַהער, וועל איך דיר עפּעס ווייזן. נעמט אַרויס פון דער קעשענע אַ קאָנווערט מיט אַ בריוו. נאַ, זע. דאָס הויז מיטן צווייטן „לאַט" גיי איך אָנשרייבן אויף דיין שוועסטער.

גוטמאַן:

קוקט אַריין אין דעם בריוו. אויף דיין ווייב, מיינסטו.

בעלקין:

מיין ווייב. דיין שוועסטער. וואָס איז דער אונטערשיד. אַזאַ ווייבל איז ווייט צו זוכן.

גוטמאַן:

קוקט אויף אים, פאַרשעמדיק. נו, און זי, חוה, ווייסט דערפון?

בעלקין:

לייגט צוריק דעם בריוו אין קעשענע אַריין. מיט פרייד. שאַאַאַ. אַ סורפּריז.

גוטמאַן:

שמייכלט. קוקט נאָך. ווי בעלקין גייט איבערן צימער אַ צופרי־

דענער. ביסט אויף אַן אמת פאַרליבט... דו ווייסט טאַקע, וואָס דו טוסט?

בעלקין:

זעצט זיך, אַ צופרידענער. וויל בייטן דעם געשפּרעך. האָסט דאָך עפּעס געוואָלט זאָגן.

גוטמאַן:

זעצט זיך אַנטקעגן אים. הער, קומענדיקע וואָך האָב איך מיין וואַקאַציע. איז מיר איינגעפאַלן, מיר זאָלן נעמען אונדזערע ווייבער, אַריינזעצן זיך אין איין קאַר און מאַכן אַ רייזע איבער אַמעריקע. אויף אַ דריי, פיר חדשים צייט. אַן אמתע רייזע. לאָמיר אַ לעב טאָן.

בעלקין:

פאַרטראַכט זיך. מיטאַמאָל גיט ער זיך אַ שטעל אויף. ביי מיר האָסטו געפּועלט. ווער וועט אָבער איינמאָנען דירה־געלט? פאַרגעס נישט — פיר חדשים צייט.

גוטמאַן:

דאָס זאָל זיין דיין גרעסטע זאָרג. ערשטנס, איז דיין טאָכטער דאָ, צווייטנס, קאָן מען אַראַנזשירן מיט אַן אַגענטור אָדער באַנק. איך רעכן, אַז מיר וועלן קאָנען אַרויספאָרן אין אַ צען טעג אַרום.

חוה:

באַווייזט זיך אויף דער שוועל. איך האָב געמאַכט פרישע קאַווע. אַלץ שטייט אויפן טיש.

גוטמאַן:

אַן אַנדערש מאָל. איך מוז שוין גיין.

חוה:

אפשר וואָלסטו גענומען טילין און אַהערגעקומען אויף וועטשערע? פרענצעס וועט אויך זיין אינדערהיים. גוטמאַן שטייט פאַרטראַכט. אַז דו ווילסט, וועל איך איר טעלעפאָנירן.

גוטמאַן:

צו חוהן וואָס וויל גיין צום טעלעפאָן. לויף נישט, כאַפּ נישט. אַז מירן קענען, וועל איך דיר לאָזן וויסן. איך וועל דיר טעלעפאָנירן.

בעלקין:

**קום צוגיין. שוין לאַנג נישט געשפּילט קיין פינאַקל.**

חוה:

**געדענק זשע. מיר עסן זעקס אַ זייגער.**

גוטמאַן:

**מירן אייך לאָזן וויסן. גוד באַי.** אָפּ.

בעלקין:

זעצט זיך. ווענדט זיך צו חוהן מיט פרייד. **דיין ברודער וויל, אַז מיר זאָלן צוזאַמען מאַכן אַ רייזע איבער אַמעריקע. מיר געפעלט דאָס זייער שטאַרק. איך איינוועגס וועסטו זיך באַקענען מיט מיינע זין, מיינע שנורן און מיינע אייניקלעך.**

חוה:

**דו וועסט האָבן כוח צו פירן אַן אויטאָמאָביל אַזאַ וויטע רייזע? און די הייזער...**

בעלקין:

**דיין ברודער און דיין שוועגערין קאָנען אויך טרייבן אַ קאַר. וועגן די הייזער איז אַזוי...** עס קלינגט דאָס גלעקל ביי דער טיר. ער שטעלט זיך אויף און דערלאַנגט צו חוהן די יידישע צייטונגען וואָס גוטמאַן האָט אים געבראַכט. **איך וועל שוין עפענען די טיר. דו גיב אַ קוק וואָס דער אַרבעטער טוט דאָרט, און וועגן דעם וועלן מיר רעדן שפּעטער.**

חוה גייט דורך דעם קאָרידאָר אין דער רעכטער זייט, אונטער די טרעפּ און בעלקין גייט אין דער לינקער זייט, עפענען די טיר. די בינע איז ליידיק אַ ווייל. באַלד הערט מען ווי בעלקין רופט אויס מיט פרייד: „האלאָ חבר פּאַקס. האלאָ חברטע קרופּניק. אַזעלכע טייערע געסט.״

אַלע דריי קומען אַריין. בעלקין ווייזט זיי אַן אויף שטולן, אַז זיי זאָלן זיך זעצן. ער זעצט זיך אויך אַוועק אַן אויפגעלייגטער און פאַר־רייכערט אַ ציגאַרעט.

חבר פּאַקס איז אַ נידעריקער מאַן מיט אַ פעטלעך בייכל. ער טראָגט ברילן מיט טונקעלע גראָבע ראַמלעך, וואָס זענען נישט־פּראָ־פעסיאָנעל צו זיין פיגור. ער האָט אַן אויסגעבויגענע ליולקע, וועלכע

ער האַלט אין איין פּיפּקען. פּונקט אינמיטן פון רעדן וועט ער רייבן שוועבעלעך כדי אָנצוצינדן די ליולקע. ער קוקט זעלטן אויף דעם, צו וועמען ער רעדט. ער איז אָנגעטאָן אין אַ טונקעלן אָנצוג און האַלט אַ פּאַפּירענע טעקע אונטערן אָרעם.

חברטע קרופּניק איז אַ ביסעלע העכער און אויך אַ ביסעלע דיקער פון דעם חבר פּאַקס. זי זעט אויס פאַרזאָרגט און פאַרהאָוועט. כאָטש זי טראָגט אַ הוט, איז זי אָבער שלאַבערדיק און נישט פאַרקעמט. זי קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן פון זאַל. פּאַקס זיצט און צינדט די ליולקע. בעלקין בלאָזט דעם רויך פון דעם ציגאַרעט. ער וויל פאַרפירן אַ געשפּרעך, ער הייבט אָן מיט פּאַטאָס:

בעלקין:

**אויסטראַכטן אַזאַ** שמוציקן ליגן, **אַז חבר סטאַלין האָט דערהרגעט מיכאָעלסן און איציק פעפערן האָט ער פאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַ־ציע־־לאַגער — איז שוין עק וועלט**... סאַרקאַסטיש. **חבר סטאַלין האָט שוין גאָרנישט וואָס צו טאָן, נאָר הרגענען מיכאָעלסן. אויסטראַכטן אַזוינס וועגן בערגלסאָן און פעפער, דאַרף מען האָבן פאַרשטאָכענע אויגן! וויפל איז דער שיעור צו זאָגן ליגן, פרעג איך אייך?... וויפל איז...**

**פּאַקס:**

שטאָפּט די ליולקע. **אַז איר וואָלט נישט געלייענט זייער רינשטאָק־פּרעסע,** וואָלט איר **זיך נישט געדאַרפט כעסן.**

בעלקין:

**ווער** לייענט **זייערע צייטונגען, ווער?... ווען זיי גיבן מיר דאָס** אומזיסט, וואָלט איך אין זייערע טריף־פּסול **נישט אַריינגעקוקט. דאָס האָב איך געלייענט אין דער „מאָרגן־פרייהייט."** שטעלט זיך אויף, גייט אַ כאַפּ די צייטונג און מישט אויף. **נאַט, זעט! ער ציטירט." זיי האָבן זיך געוואָרפן ווי צערייצטע** וועלף מיט **זייערע צעיאַכמערטע..."** לייגט אַוועק די צייטונג און רעדט. **וואָס איז זייערע ביזנעס, אַז דער סאָ־וויעטנפאַרבאַנד** משפּט די קאָסמאָפּאָליטן, **די בראָדיאַגעס, די מערדער, די דאָקטוירים? חבר** סטאַלין ווייסט וואָס **ער טוט.** מסתמא **האָט מען זיי געדאַרפט** משפּטן. אַז זיי מאָרדן אויס מיליאָנען **אַראַבישע מאַסן, דאָס** איז גאָרנישט... מיטאַמאָל זענען זיי געוואָרן דעם **טיטאָיסטס, דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנער סלאַנסקיס לאַיערס...**

קרופּניק:

איך האָב געמיינט, אַז בלויז מיין חבר קאַכט זיך.

פּאקס:

זיי וועלן שוין לאַנג נישט האַווקען. זייער סוף איז נאָענט, זיי ווייסן דאָס זייער גוט. נאָך איין מלחמה — און אַמעריקע וועט זיין אַזוי איזאָלירט, אַז זי וועט זיך מוזן אונטערגעבן אָן שום קאָנדיציעס. ווי היטלער... נעמט אַרויס די ליולקע פון מויל, הוסט זיך אויס. חבר בעלקין, מיר זענען אַהערגעקומען מיט אַ געוויסער מיסיע. די פּאָליטיק לאָמיר איבערלאָזן צו חבר סטאַלין. ער וועט שוין וויסן ווי צו ספּראַווען זיך מיט זיי...

קרופּניק:

איך דערמאָן זיך ווי מיין חבר...

בעלקין:

פאַלט אַריין אין אירע רייד. אַנטשולדיקט, חברטע קרופּניק. חבר פּאַקס האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר איר האָט אים איבערגעריסן... צו פּאַקסן. יאָ, מיט וואָס פאַר אַ מיסיע?

פּאקס:

פּיפּקעט די ליולקע, קוקט דורך די גראָבע שפּאַקולן און רעדט געלאַסן. אַזוי ווי איר, חבר בעלקין, ווערט באַלד זעכציק יאָר, האָט די פראַקציע באַשלאָסן צו פייערן אייער יובילעי מיט אַ גרויסן באַנקעט.

בעלקין:

פאַרוווּנדערט פון דער איבערראַשענדיקער נייעס. פאַר מיר אַ באַנקעט?!

פּאקס:

אַז איר וועט צושטימען, וועט די פראַקציע דאָס פאָרשלאָגן פאַר דער עקזעקוטיווע.

בעלקין:

ווי וועט זיין, אַז דער ברענטש וועט זיין דאַקעגן?

פּאקס:

אַז די פראַקציע וועט פאָרשלאָגן וועט קיינער נישט אַרויסטרעטן קעגן.

בעלקין:

איך בין דאָך אָבער נאָך נישט קיין גאַנצע זיבן און פופציק יאָר אַלט.

קרופניק:

ווען מיר זאָגן, אַז איר זענט זעכציק. וואָס איז? עמעץ פון די חברים איז דען געווען אויף אייער ברית?

בעלקין:

אָבער מיינע פריינד. מיינע לאַנדסלייט, מיינע קינדער ווייסן דאָך...

פּאקס:

אַז עס וועט זיין געדרוקט אין דער „מאָרגן־פרייהייט", אַז איר זענט זעכציק, וועט זיין זעכציק. איר וועט אונדז דאַרפן געבן אייערע אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס וועט אַריין אין דער פרעסע צוזאַמען מיט אייער ביאָגראַפיע.

קרופניק:

מיר האָבן שוין געדונגען אַ זאַל. מיר האָבן גענומען דעם הערצל־אַדיטאָריום.

בעלקין:

גיט זיך אַ שטעל אויף. פאַר מיין באַנקעט האָט איר גענומען אַ זאַל ביי די ציוניסטן? אונדזער צענטער וואָלט נישט גענוג געווען?

פּאקס:

מיר דערוואַרטן, אַז איר זאָלט ברענגען אַלע אייערע פריינד, אייערע באַקאַנטע און אייער משפּחה. איר וועט דאַרפן זען, אַז אייערע זין זאָלן קומען צו דעם יום־טוב.

בעלקין:

פאַרטרויערט. צום גרויסן באַדויערן זענען מיינע זין קעגנער פון דער...

פּאקס:

מיר ווייסן דאָס. דער באַנקעט וועט טראָגן אַן אומפּאַרטייאישן כאַראַקטער. דערפאַר האָבן מיר גענומען דעם הערצל־אַדיטאָריום.

קרופּניק:

מיר האָבן שוין אויסגעאַרבעט אַ „מעניו.“ עס וועלן זיין ליכט מיט בלומען. איז חברטע בעלקין אינדערהיים? מיר האָבן באַשלאָסן איר צו־ציען צום קאָמיטעט.

בעלקין:

ווייזט צו דער רעכטער זייט. זי איז דאָרט אין קיך. קרופּניק גייט אַרויס. ער זעצט זיך אַנטקעגן פּאַקסן. איר ווייסט דאָך, זי איז מיין צווייטע פרוי.. ערשט פינף חדשים פאַרהייראַט. זי איז נישט פון די פּראָגרעסיווע קרייזן. דעם אמת געזאָגט איז זי אַ ביסעלע אַ פאַרפירטע.

פּאַקס:

נעמט צום ערשטן מאָל אַרויס די ליולקע פון מויל. דער באַנקעט דאָס איז אַ פּאַרטיי־באַשלוס! נעמט צוריק אַריין די ליולקע אין מויל אַריין. קוקט שאַרף אויף בעלקינען וואָס האָט זיך אין דער רגע געגעבן אַ דריי אויס, ווי מען וואָלט אים געגעבן אַ שטאָך מיט אַן אָנגעגליטער נאָדל.

בעלקין:

פאַרוואָס האָט איר דאָס באַלד נישט געזאָגט?! הערסט אַ מעשה!

פּאַקס:

וואָס איז, מען דאַרף אייך אַריינלייגן אַ פינגער אין מויל אַריין?

בעלקין:

זעט איר, מיט דעם קאָן איך זיך שטאַרק באַרימען: פּונקט ווי אַ פרומער ייד פאַרפעלט נישט צו דאַווענען, אַזוי האָב איך אַלעמאָל אויסגעפילט די פּאַרטיי־באַשלוסן.

פּאַקס:

זאָגט מיר, חבר בעלקין, פון ווען אָן לייענט איר די „מאָרגן־פרייהייט?“

בעלקין:

פאַרציטערט פון דער פּלוצימדיקער פראַגע. וואָס איז?!

פּאַקס:

עמעצער וועט דאָך דאַרפן אָנשרייבן אייער ביאָגראַפיע. וואָס וועט זיין געדרוקט צוזאַמען מיט אייער בילד.

בעלקין:

באַרויקט. אַ, דאָס מיינט איר...

פאקס:

נעמט אַרויס פון קעשענע אַ ביכעלע מיט אַ בליישטיפט. ער גרייט זיך צו מאַכן נאָטיצן. זייט נישט נערוועז, חבר בעלקין. זעצט זיך אַוועק. זאָגט מיר, פון ווען אָן לייענט איר די „מאָרגן־־פרייהייט?״

בעלקין:

שמייכלט אַ באַרויקטער. זעצט זיך. אַ שיינע פראַגע כ׳לעבן. איר וועט זיין דערשטוינט ווען איך וועל אייך זאָגן: פון ניינצן צוויי און צוואנציק. ביי מיר געפינט זיך דער ערשטער נומער „פרייהייט״. פון דעמאָלט אָן האָב איך קיין אַנדערע יידישע צייטונג נישט גענומען אין האַנט אַריין. ער גיט אַ לויף צום ביכער־שענקל, שליסט אויף און כאַפּט אַרויס אַ בוך. איר זעט, איך בין נישט פון יענע חברים, וואָס ביי דעם קלענסטן ווינטעלע, ווי נאָר זיי דערהערן, אַז די רע־אַקציאָנערע שוואַרצמאהניקעס גייען זיך ווידער נעמען צו דער פּראָ־גרעסיווער באַוועגונג, וואַרפן זיי זייערע ביכער אין די „אינסיניערריי־טאָרס״ אַריין. נישט איך. ביי מיר שטייען אַלע ווערק פון סטאַלין, בערגעלסאָן, איציק פעפער און אַלגין. איך האָב נישט קיין מורא פאַר דער ,עף, בי, איי״, מעקאַרטיס און אַלע קאָנגרעסיאָנעלע קאָמיסיעס. איך וועל אַזעלכע אוצרות נישט פאַרברענען. מיך וועט מען נישט אַרויסשיקן פון לאַנד. שטעלט צוריק אַוועק דאָס בוך. איך בין אַן אַמעריקאַנער בירגער. איר פאַרשטייט, אַ בירגער בין איך.

פאקס:

דאַכט זיך, אַז אין ניינצן אַכט און צוואנציק זענט איר געווען אַ קורצע צייט אַ שטיקל לאָוסטאָניסט. ער פאַרשרייבט אַלץ וואָס בעלקין זאָגט.

בעלקין:

מיט אַ הויך געמאַכט געלעכטער. ווער, איך? קיינמאָל נישט! איך בין קיינמאָל נישט... געווען קיין לאָוסטאָניסט, קיין טראָצקיסט, קיין קענאָניסט, קיין לאַריאיסט און אפילו נישט קיין טיטאָאיסט. איך האָב אַלעמאָל אויסגעפאָלגט די פּאַרטיי־ליניע. איר ווייסט, אַז איך בין אַ טשאַרטער־־מיטגליד פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן?! ווי קומט צו אייך אַזאַ געדאַנק?...

פאקס:

אַז איר האָט שוין יאָ דערמאָנט די רעאַקציאָנערע און צעשיסע־רישע אַטאַקעס אויף דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, ווייל איך, אַז איר זאָלט וויסן, אַז אונדזער פּרעסע נייטיקט זיך איצט מער פון אַלעמאָל אין געלט. זי דאַרף האָבן מיט וואָס אָפּצושלאָגן אַלע בלבולים, זלזולים, מסירות און די צעשיסערישע „רעד בייטינג״ פון דעם געלן געזינדל און פון דער שוואַרצמאַיקער כאַליאַסטרע.

בעלקין:

דאָס ווייס איך אַליין. דאָס דאַרף מען מיר נישט אויפקלערן.

פאקס:

מיר וועלן מוזן אויסנוצן אייער באַנקעט פאַר דעם צוועק.

בעלקין:

שטאַרק פאַראינטערעסירט. נו, אוודאי...

פאקס:

מיר גיבן אַרויס אַ „סוווועניר־זשורנאַל״ ווו עס וועט זיין אָפּגע־דרוקט אייער בילד מיט אייער ביאָגראַפיע. חברים קלייבן שוין אדווערטייזמענס. מיר שטיצן זיך אויף דעם, אַז צו אייער יובילײ זאָלט איר אַליין שאַפן אַ גרעסערע צאָל באַגריסונגען. עס וועט אויך זיין גרינגער צו פאַרקויפן אַ גרעסערע צאָל בילעטן צו אַלע שיכטן יידן, ווייל אין הערצל־זאַל וועט קיינער נישט חושד זיין אַז...

בעלקין:

פילט זיך נישט באַקוועם פון דער אויפגאַב, דאָך זאָגט ער. איך פאַרשטיי. אוודאי.

פאקס:

איך קאָן נאָך נישט אויסזאָגן דעם נאָמען, אָבער אַ גאָר וויכטיקער חבר קומט פון ניו־יאָרק ספּעציעל אייך צו באַגריסן און אין איינוועגס וועט ער מאַכן דעם אַפּיל. די ברענטשעס פון אָרדן וועלן צוגעגרייט, אַז זיי זאָלן געבן גרעסערע סומעס ביי דעם אַפּיל. אַזוי, אַז אַלע פּרעמדע עלעמענטן וואָס וועלן זיין ביים באַנקעט זאָלן אויך געבן מער. פאַרשטייט זיך, אַז איר וועט דאַרפן ווייזן דעם בעסטן ביישפּיל. איך מוז צוגעבן, אַז אין אַמעריקע האָבן מיר זייער ווייניק וועטעראַ־נען פון אייער שניט, פאַר וועמען די פּאַרטיי זאָל פלאַנירן אַזאַ גראַנ־

דיעזן יובילײ. איר מעגט זיך פילן זײער שטאָלץ, חבר בעלקין, זײער שטאָלץ!

בעלקין:

זיפצט. אײ, װען מײן ערשטע פרוי װאָלט געלעבט... ער װישט דאָס פּנים. װאָס איז פאַראַן צו רעדן... זיפצט.

פּאַקס:

איך האָב שיִר נישט פאַרגעסן: פון װאָס איז אײער פרוי געשטאָרבן?

בעלקין:

איר װײסט דאָך, װאָסער אין די בלוטן. זיפצט און פאַררײכערט אַ ציגאַרעט.

פּאַקס:

פאַרשרײבט. מירן שרײבן, אַז זי האָט אַלע אירע יאָרן געאַרבעט אין אַ סװעט־שאָפּ פון פרויען־קלײדער. דאָרט האָט זי באַקומען טובערקולאָז. זי פלעגט גײן אויף דער פּיקעט־ליין. גראָוװער װײלינס פּאָליצײ האָבן איר אונטערגעהאַקט די לונגען. זײ האָבן איר געהאַלטן אין טורמע, כאָטש זײ האָבן געװוּסט, אַז זי איז ערנסט קראַנק.

בעלקין:

אַנטשולדיק, חבר פּאַקס: מײן פרוי איז אַלעמאָל געװען אַ שװאַכע. זי האָט קײנמאָל נישט געאַרבעט און איך בין אויך קײנמאָל נישט געװען אין ניו־יאָרק. ער דערזעט װי פּאַקס װאַרפט אויף אים אַ שאַרפן בליק, בײט ער דעם טאָן. נו, אַז די פּאַרטײ הײסט, איז דאָך נישט שײך...

פּאַקס:

פאַרשרײבט. אַ קרבן פון די קאַפּיטאַליסטישע אומשטענדן. הײבט אויף דעם קאָפּ פון דעם נאָטיץ־ביכל. רעדנדיק װעגן אײער חברטע, איז מיר אײנגעפאַלן, אַז עס װאָלט געװען גאָר פײן, אַז אײערע זין, דער װאָס אַרבעט אין װאַשינגטאָן און דער װאָס אַרבעט אין דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע אין דעטרױט, זאָלן אַרײנשיקן באַגריסונגען. מיר װעלן אַרײנשטעלן זײערע בילדער נעבן אײער בילד. אײער טאָכטער װױנט דאָך איצט מיט אײך. זי קאָן אָנשרײבן די בריװ צו אײערע זין װעגן דעם און אין אײנװעגס זאָל זי אויך אָנשרײבן איר אײגענע באַגריסונג. עס װעט אויך נישט שאַטן, אַז אײער ברודער זאָל

אַנשרייבן עטלעכע ווערטער. ער דערזעט ווי בעלקין איז אומרויִק, ווען ער האָט דערמאָנט דעם ברודער. איר דאַרפט זיך נישט שרעקן. מיר ווייסן, אַז ער איז אַ פּאַרפירטער. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָלעגיום, איך בין איינער פון זיי, וואָס וועלן רעדאַקטירן אַלע מאַטעריאַלן.

קרופּניק:

גיט אַ קוק אַריין מיט פרייד. אַזאַ פיינע, אַזאַ איבערגעבענע, אַזאַ אינטעליגענטע פרוי האָב איך שוין לאַנג נישט באַגעגנט. זי האָט צוגעזאָגט צו באַקן אַ קייק. וועגן אַלע אַנדערע זאַכן, האָט זי געזאָגט, אַז זי וועט נישט טאָן קיין שום זאַך, ביז זי וועט זיך פריער נישט צוזאַמענרעדן מיט איר מאַן.

פּאַקס:

שטעלט זיך אויף, צינדט און פּיפּקעט די ליולקע. דאָס וועט זיין אַ באַנקעט, וועלכן איר וועט געדענקען אייער גאַנץ לעבן. איך וועל אייך אויסזאָגן אַ סוד. אייגנטלעך האָט דאָס געזאָלט זיין אַ סורפּריז: מיר פּלאַנעווען איינצולאַדן דעם סאָוויעטישן קאָנסול. אים אַוועקזעצן נעבן אייערע זין. מיר האָבן נאָך פּלענער. ביז צום באַנקעט וועלן מיר נאָך רעדן. קוקט אויפן האַנט־זייגערל.

בעלקין:

ווענדט זיך צו פּאַקסן וואָס האַלט אין איין אַריינקוקן אין דער ליולקע. וואָס לויפט איר שוין? וואַרט, לאָמיר עפּעס איבערכאַפּן. איר הערט, מיין פרוי איז טאַקע נישט פון די פּראָגרעסיווע, אָבער שוין איינמאָל אַ באַלעבאָסטע. איר קאָכן און איר באַקן... איר וועט באַלד זען. חוה!... חוהעלע... שרייענדיק לויפט ער אַריין אין קיך.

קרופּניק:

שפּעט נאָך. חוה... חוהלע... צו פּאַקסן. אַ שטיק ציוניסטישע סחורה, האָט ער זיך דאָס איינגעהאַנדלט. ער האָט נעבעך נישט גע־קאָנט קריגן אַזאַ מציאה אין דער באַוועגונג. נאָר צו פרעמדע לויפן זיי. די בויעס לויפן צו שיקסעס און די אַלטע לויפן צו די שדכנים־טענץ אַריינכאַפּן רייכע אלמנות.

פּאַקס:

איך קען גראָד די פרוי. זי איז נישט קיין רייכע. זי איז געווען

אַ נייטאָרן ביי מענערישע שניפסן. זי האָט געאַרבעט מיט מיין חברטע אין איין שאַפּ.

קרופּניק:

נישט קיין געלט און נישט פון דער באַוועגונג — וואָס פאַר אַ מציאה איז זי?

פּאקס:

גייט צום ביכער־שענקל, נעמט אַרויס אַ בוך און בלעטערט. שטעלט אים צוריק אַוועק. אַזוי טוט ער מיט אַ צווייטן בוך. ער רעדט אַריין אין בוך. איר האָט דאָך געהערט: זי איז אַ באַלעבאָסטע, אַ ציכ־טיקע און אַ שיין ווייבל דערצו.

קרופּניק:

אומצופרידן מיטן ענטפער. אַלע מענער זענען איין שוואַרץ יאָר. אפילו אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג איז נישטאָ קיין איינער קיין רעכטער דירעקט צו פּאַקסן. איר ווייסט כאָטש וואָס זי האָט מיר געזאָגט? זי האָט געזאָגט, אַז חבר סטאַלין איז שולדיק, וואָס איר איינציקער זון איז אומגעקומען אין קאָרעא.

פּאקס:

אַזוי האָט זי געזאָגט? בלייבט שטיין פאַרטראַכט אינמיטן צימער.

קרופּניק:

וואָס איז, איר גלייבט מיר נישט?

פּאקס:

איך גלייב אייך. איך גלייב אייך. איך האָב זיך פאַרטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש.

מאַן און ווייב קומען אַריין. בעלקין האַלט אין דער האַנט אַ פלעשל משקה און צוויי גלעזלעך. חוה האַלט אַ טישטעך אין האַנט.

פּאקס:

איר דאַרפט זיך נישט באַמיען, מיסעס בעלקין. קוקט אויפן האַנט־זייגערל.

בעלקין:

אָבער אַ שנאַפּס? דעמאָנסטרירט דאָס פלעשל מיט די גלעזלעך.

פאקס:

**אַן אַנדערש מאָל, חבר בעלקין. אַן אַנדערש מאָל.**

קרופניק:

**און אי־ך שטיי אויף שפּילקעס.**

חוה:

**פאַרזוכט כאַטש אַ שטיקעלע טאָרט.** זי וואַרט נישט אויף קיין ענטפער, נאָר לויפט אַריין אין קיך.

פאקס:

מיטן בוך אין האַנט, וואָס ער האָט פריער אַרויסגענומען פון שענקל. **חבר בעלקין, ווי קומט צו אייך אַ יום־כיפּורדיקער מחזור?**

בעלקין:

פאַרשעמט. **אָ, דאָס איז מיין ווייבס. מען קאָן אַ מענטשן נישט איבערמאַכן מיט איינמאָל. יעדן יום־טוב גייט זי נאָך אין שול אַריין זאָגן יזכור. אָבער זי קומט צום שכל.** שמייכלט. **פאַר דעם וועל איך מיר שוין נעמען דעם קרעדיט.**

פאקס:

**ס'איז אָלרייט. איר דאַרפט זיך נישט פאַרענטפערן. ס'איז גראָד זייער גוט. די נייע פאַרטיי־ליניע איז: מיר אַטאַקירן נישט די רע־ליגיעזע יידן. די רבנים זענען אָלרייט. די ציוניסטן, די קאַסמאָפּאָליטן און די וואָל־סטריט אַגענטן — יאָ. אָבער נישט די רעליגיעזע יידן. מען דאַרף דאָס אין זינען האָבן ווען מען גייט פאַרקויפן בילעטן אָדער שאַפן באַגריסונגען פאַרן זשורנאַל.** לייגט אַוועק דעם מחזור.

חוה קומט אַריין מיט אַ טאַץ אויף וועלכן עס שטייט אַ טעלער מיט לעקעך. זי טראָגט דאָס צו די געסט. קרופניק נעמט אַ שטיקל לעקעך און הייבט אָן קייען. פאַקס גיט אַ שמייכל, ווי ער וואָלט גע־דאַנקט פאַרן כיבוד. זי שטעלט אַוועק דעם טאַץ אויף דעם טישעלע. פאַקס דערלאַנגט די האַנט צו בעלקינען און גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ צו חוהן: „גוד באַי, מיסעס בעלקין". ער דערנענטערט זיך צו דער טיר. בעלקין גייט אים נאָך. קרופניק קייט דעם לעקעך און בעת מעשה גיט זי אַ שאָקל מיטן קאָפּ צו חוהן. אויך זי גייט אָפּ. חוה שטייט ביי דער שוועל און וואַרט, אַז איר מאַן זאָל צוריקקומען. ער קומט גלייך צוריק, מיט פרייד רייבט ער די הענט.

בעלקין:

נו, חוה, וואָס זאָגסטו צו דעם? זעסט כאָטש מיט וואָס פאַר אַ וויכטיקן מענטש דו האָסט חתונה געהאַט? גיט אַ טרינק אויס אַ גלעזל פּאָסמאַקעוועט זיך. פאַרבייסט מיט אַ שטיקל טאָרט. עס וועלן קומען אפשר פינף הונדערט מענטשן צום באַנקעט. דער סאָוויעטישער קאָנסול וועט אויך זיין. אפילו מיינע קינדער...

חוה:

פאַלט אַריין אין די רייד. אַ גליק האָט דיך געטראָפן.

בעלקין:

באַמערקט נישט איר סאַרקאַסטישן אויסדרוק. האָסט שוין געהערט אַז אַן אַנדערע באַוועגונג זאָל אָפּגעבן אַזויפיל כבוד צו אַ פשוטן „רענק און פיילער?" אַז מען לעבט, דערלעבט מען זיך. אַריבער זעקס הונדערט מענטשן צו מיין באַנקעט. ער זעט ווי חוה זיצט אויף דער קאַנאַפּע און מאַכט נישט קיין שום קאָמענטאַרן, בייט ער דעם טאָן. צוריקגעשמועסט, בין איך געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג, נישט ווייל איך וויל, אַז מען זאָל מיר געבן אַ קניפּ אין בעקל. איך האָב מיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג, ווייל דאָס איז געווען מיין אידעאַל... זיפצט, גייט איבערן צימער, שמייכלט און רייבט זיך די הענט פון פרייד. אָבער די באַוועגונג פאַרגעסט נישט. איך וועל זיך דאַרפן אַוועקזעצן און אָנשרייבן מיין גאַנצע ביאָגראַפיע. אויף דער עלטער וועל איך נאָך דאַרפן ווערן אַ שרייבער. איך האָב גענוג צו שרייבן. איך קאָן אָנשרייבן אַ גאַנצן ראָמאַן, שטעלט זיך נעבן חוהן און קוקט צו איר מיט אַ ליבלעכן שמייכל. ווייסט כאָטש, אַז דיין מאַן איז אַ שרייבער? האאאַ?!... ער לאַכט. ער זעט אָבער אַז זי זיצט אָנגעבלאָזן, ווענדט ער זיך צו איר מיט פרייד. וואָס זאָגסטו?

חוה:

קוקט נישט אויף אים. אַז דו ביסט צופרידן, בין איך אויך צופרידן.

בעלקין:

עפּעס רעדסטו מיר מיט אַ האַלב מויל. זי ענטפערט נישט. איך קען דיך שוין אַזוי גוט, נישט ווי מיר וואָלטן געווען פאַרהייראַט פינף חדשים, נאָר פינף און צוואַנציק יאָר. ער זעצט זיך נעבן איר נעמט אירע הענט און שפּילט זיך מיט זיי. שבת וועלן מיר גיין „דאַן־טאַן." איך וועל מיר קויפן אַ נייעם אנצוג, מיט אַ העמד מיט פראַנצויזישע

מאַנקעטן און גאָלדענע ספּינקעס. דו וועסט זיך קויפן אַ ניי קלייד, מיט שיך און דעם גאַנצן קלאַפּערגעצייג. מיינע זין קענען דיך נאָך נישט, וויל איך, אַז זיי זאָלן דיך זעןביים באַנקעט אַזוי, ווי דו זעסט אויס אין מיינע אויגן. גייט איבערן צימער אַ פריילעכער. שטעלט זיך אָפּ נעבן איר און לאַכט. מיין ברודער, דער רעכטער פּאָסקודניאַק וועט צעזעצט ווערן. מיינסט, אַז איך וועל אים נישט איינלאַדן? איך וועל אים איינלאַדן. זאָל ער באַצאָלן פאַר אַ בילעט. ער גיט איר אַ צי ביי דער האַנט זי זאָל זיך אויפשטעלן. ער נעמט איר אַרום. נו, וואָס זאָגסטו חוהלע?...

חוה:

וואָס האָב איך צו זאָגן? אַז חבר פּאַקס האָט שוין אַלץ באַשטימט פון פריער. צוּוואָס דער גאַנצער אָנשטעל פון פרעגן?...

בעלקין:

וואָס איז, איך האָב שלעכט אויסגערעכנט? ווילסט זיך קויפן אַ שטיקל צירונג, קאָנסט זיך קויפן. דו וועסט ביי מיר נישט באַקן קיין קייך, נישט פאַרען זיך ביי די טעפּ. דו וועסט זיצן נעבן מיר, נעבן מיינע קינדער, נעבן דעם סאָוויעטישן קאָנסול וועסטו זיצן. וועסט זען וואָס פאַר אַ קינדער איך האָב. ספּעציעל דער, וואָס אַרבעט ביי דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן.

חוה:

זי באַפרייט זיך פון אים. דו ווילסט, אַז איך זאָל מיך באַקענען מיט דיינע זין? לאָמיר בעסער פאָרן צו זיי, איידער ברענגען זיי אַהער.

בעלקין:

ווי קומט איינס צום אַנדערן? נאָכן באַנקעט וועלן מיר מאַכן אַ רייזע איבערן לאַנד. מירן זיין אין דעטרויט, אין וואַשינגטאָן... איך האָב גאָלדענע קינדער. הערסט, חוהלע: אַלץ אַליין, פאַרקויפט צייטונגען, געפּוצט שיך, געאַרבעט און געלערנט. שטענדיק אין די ביכער. קיינמאָל נישט געוואָלט נעמען פון דעם טאַטן קיין סענט... חוה גייט אָפּ אין אַ זייט און ווישט די אויגן מיט אַ טיכעלע. ער דערזעט דאָס. וואָס וויינסטו, איך האָב דיר געזאָגט אַ שלעכט וואָרט?.. איך האָב דיך באַליידיקט?... נעמט איר אַרום מיט צערטלעכקייט.

חוה:

ווישט אויס די אויגן. איך האָב דיך נאָך קיינמאָל נישט געבעטן, אַז דו זאָלסט עפּעס טאָן פֿאַר מיר. איצט וויל איך, אַז דו זאָלסט מיר צוליב טאָן איין זאַך.

בעלקין:

דערויף דאַרף מען וויינען? מען זאָגט וואָס מען וויל און פֿאַרטיק.

חוה:

מיט מער מוט. איך וויל דיך בעטן, אַז עס זאָל נישט זיין קיין באַנקעט און דו זאָלסט נישט ברענגען דיינע קינדער צו דעם באַנקעט.

בעלקין:

לאָזט אַרונטער די הענט. ער איז געבליבן שטיין אַ פֿריטשמעלע־טער. וואָס?!...

חוה:

בעט זיך ביי אים. דו ביסט ערלעך, מיינסטו, אַז אַלע זענען אַזוי. זיי מיינען דאָך נישט די הגדה, נאָר די קניידלעך. זיי מאַכן נישט דעם באַנקעט, ווייל זיי גלויבן, אַז דו האָסט זיך פֿאַרדינט אַ באַנקעט. זיי ווייסן, אַז ביי דיין באַנקעט וועלן זיי מאַכן אַ סך געלט.

בעלקין:

איז אויך נישט קיין עוולה. די באַוועגונג דאַרף איצט האָבן אַ סך געלט.

חוה:

טאַקע צוליב דעם וויל איך נישט, אַז דיינע קינדער זאָלן קומען צו דעם באַנקעט.

בעלקין:

איך פֿאַרשטיי דיך נישט. פֿאַרוואָס זאָלן מיינע זין נישט קומען צו דעם באַנקעט?...

חוה:

מער דאַרף מען נישט, ווי די צייטונגען זאָלן שרייבן, אַז דיינע זין זענען געזעסן נעבן רוסישן קאָנסול. זי קוקט אויף אים פֿאַרשנד״ק.

בעלקין:

וועגן דעם האָב איך נישט געטראַכט. פֿאַרטראַכט זיך. עס איז שטיל

אַ ווייל. מיטאַמאָל, אַט האָסטו דיר, דיין אַמעריקאַנער פרייהייט. נאָך ערגער ווי אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. קינדער טאָרן שוין אפילו נישט קומען צו אַ טאַטנס יובילייִ. אין סאָוויעטנפאַרבאַנד וואָלט אַזעלכס נישט פּאַסירט...

חוה:

איך ווייס איין זאַך: אויב דיינע קינדער זענען דיר ליב זאָלסטו דאָס נישט טאָן.

בעלקין:

און דו מיינסט, אַז די אַלע זאַכן וועלן אָנשרעקן אַן אַלטן רעוואָלוציאָנער? נישט מיך! איך בין גענוג פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין דער באַוועגונג, אַז איך זאָל זיך שרעקן...

חוה:

איך וויל דיך נישט שרעקן. דו ווייסט, אַז איך בין גערעכט.

בעלקין:

דו רעדסט דאָך שוין, ווי אַן אמתער „רעד בייטער".

חוה:

קאָנסט מיך רופן מיט אַלע צונעמען. זאָגן וועל איך דיר אָבער, אַז אַזוי ווי מען קאָן נישט פאַרשטעלן די זון, אַזוי קאָן מען נישט באַהאַלטן דעם אמת. אַלע ווייסן אַז אין רוסלאַנד האָט מען געמאַכט, אַז קינדער זאָלן מסרן זייערע טאַטע־מאַמע. איך האָב אָבער נישט געהערט, אַז אַ טאַטע זאָל אפילו דאָרט מסרן זיינע אייגענע קינדער.

בעלקין:

ווי זעסטו, אַז איך גיי פאַרמסרן מיינע קינדער?

חוה:

אַז דו וועסט צושטימען צו אַ באַנקעט, וועסטו פאַרמסרן דיינע קינדער. זיי מיינען, אַז ביים באַנקעט, ווען דער רוסישער קאָנסול וועט זיצן נעבן דיינע זין, וועט ער אַרויסקריגן ביי זיי סודות פון וואַשינג־טאָן און פון דעטרויט. דערצו, ווי זיי פאַרשטייען, וועסטו שרייבן אין דיין ביאָגראַפיע וועגן דיינע קינדער. נישט ווילנדיק, וועסטו אַליין מיט דיינע אייגענע הענט, מאַכן דיינע שנורן פאַר לעבעדיקע אלמנות און דיינע אייניקלעך פאַר לעבעדיקע יתומים...

בעלקין:

אומזיכער. איך ווייס נישט פאַרוואָס פרויען האָבן אַלעמאָל ליב צו זען די טונקעלע זייטן פון לעבן.

חוה:

נישט אמת וואָס איך זאָג?

בעלקין:

ניין, דו ביסט אַבסאָלוט נישט גערעכט. איך בין נישט איינשטימיק.

חוה:

גייט אָפּ און רעדט מיט כעס. אָ, די פאַקסעס האָבן אייך אַריינגע־כאַפּט אין זייערע הענט, ווי אַן אָקטאָפּוס שליסט איין זיין קרבן. דו זעסט גאָרנישט אין וואָס פאַר אַ סדום־בעטל דו ליגסט. איידער מיר האָבן חתונה געהאַט, האָב איך אויך נישט געוואָלט גלויבן. זינט איך וווין מיט דיר זע איך ערשט, אַז די צייטונגען שרייבן נישט אַ צענט־חלק פון דעם אמתן אמת.

בעלקין:

סאַרקאַסטיש. אָקטאָפּוס, אָקטאָפּוס, אָקטאָפּוס. איך ווייס נישט פון וועלכן ווערטער־בוך דו האָסט גענומען די הויכע ווערטער. איין זאַך ווילסטו אָבער נישט זען, די חברים, די פאַקסעס ווי דו רופסט זיי, גיבן אַוועק זייער לעבן פאַר דער באַוועגונג.

חוה:

פאַלט אַריין אין די רייד. וואָס פאַר אַ לעבן גיבן זיי אַוועק? אַלע האָבן באַקוועמע היימען. שיינע מעבל, ראַדיאָס, טעלעוויזיעס, אויטאָ־מאָבילן און אָנגעפּאַקטע רעפרידזשערייטאָרס מיט כל טוב. דאָס זענען קאָמוניסטן פון ווילטאָג. זיי גייען אַרום פראַנק און פריי, מאַכן געשעפטן, טוען וואָס זיי ווילן, רעדן וואָס זיי ווילן, לייענען וואָס זיי ווילן, שרייבן וואָס זיי ווילן און עסן וואָס זיי ווילן, וואָס פאַר אַ קאָמוניסטן זענען דאָס?

בעלקין:

אַזוי, אַלץ ווייסטו. וויל איך דיר זאָגן, אַז אין סאָוויעטנפאַרבאַנד הערשן נישט די אַמעריקאַנער גענגסטערס און מלחמה־צינדערס.

חוה:

ביי זיי אין די אויגן ביסטו אויך אַ קליינבירגער. אַלע קאָמוניסטן

זענען קליינבירגער. מיט דרייסיק, צי מיט פערציק יאָר צוריק, ווען איר זענט אַלע געווען אָרעמע אַרבעטער, האָב איך געקאָנט פאַרשטיין. איצט אָבער ליגט דער קאָמוניזם אין אַמעריקע און אין רוסלאַנד אין די הענט פון די נייע, אויפגעקומענע קאַפּיטאַליסטן. די היינטיקע אַרבעטער ווייכן פון זיי...

בעלקין:

האָסט שוין אַלץ אָפּגערעדט? אפשר ווּעסטו מיר אויך געבן אַ געלעגנהייט עפּעס צו זאָגן?

חוה:

אַז איך רעד נישט וועגן די קאָמוניסטן. זאָלן זיי זיך זיין וואָס זיי ווילן. איך רעד וועגן דיינע קינדער, וועגן דיר און וועגן מיר רעד איך. איך וויל נישט צאַפּלען ווי אַ פישעלע אין זייער נעץ. איך בין זיי מוחל דעם באַנקעט.

בעלקין:

סאַרקאַסטיש. ער וויל איר אַ שטאָך טאָן. און אויף אַ ציוניסטישן באַנקעט? דאָ וואָלסטו שוין געלאָפן.

חוה:

גאָטעניו, איך האָב אפילו נישט דערמאָנט! בעט זיך. איך רעד וועגן דיר. דיינע קינדער.

בעלקין:

עס קריכט מיר שוין די גרינע גאַל פון דער גאַנצער ציוניסטישער וואַקכאַנאַליע.

חוה:

איך האָב נישט קיין כוח זיך אויסצוטענהן מיט דיר. איך וויל דיך נאָר פרעגן איין זאַך: אַז סטאַלין האָט געמאַכט אַ באַנקעט און זיך געקושט מיט ריבענטראָפּן, בעת די דייטשן האָבן געמאָרדעט יידן, דאָס איז אויך גוט? קערט זיך אָפּ. בלויז אַ משומד...

בעלקין:

בין איך שוין געוואָרן אַ משומד אויך. וואָס נאָך ווּעסטו אויסטראַכטן? רעד, רעד, איצט קאָנסטו שוין זאָגן וואָס דו ווילסט. איך ווייס פון וואַנען דיינע רייד קומען. איך ווייס ווער עס האָט דיך פאַרסמט. דעריבער אַרט מיך נישט.

חוה:

„טשאַרעטי בעגינס עט האָם". פריער קומען דיינע אייגענע קינדער. דיין אייגן פאָלק, דיין לאַנד און נאָכדעם, קאָנסטו זיך קושן מיט סטאַלינען.

בעלקין:

זייער אויפגעקאָכט. דאַרפסט זיך פריער אויסוואַשן דאָס מויל, איידער דו דערמאָנסט זיין גרויסן נאָמען. ווען עס קומט צו חבר סטאַלינען, זאָלסטו זיין זייער אָפּגעהיט! דאָס איז דער גרעסטער מענטש אין דער גאַנצער וועלט! ער איז דער גרעסטער יידנפריינד. נעם דיר דאָס גוט אַריין אין דיין קאָפּ! זיין נאָמען איז צו הייליק, אַז ער זאָל זיך וואַלגערן ביי יעדן איינעם אין מויל! ער איז זייער ביין.

חוה:

דערנעענטערט זיך צו אים, מיט גוטן. מיינסט מיר צו זאָגן אויף אַן אמת, אַז אין דיין האַרץ ברענט נישט קיין שום פונק פון אַ יידן? שווין איז טאַקע אין דיר אינגאַנצן אויסגעלאָשן יעדער געפיל פון יידישן צער? אפילו נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן אויסגעמאָרדעט אַזויפיל יידן, געפינט זיך נישט ביי דיר קיין טרער, קיין זיפץ, קיין שום סענ־טימענט פאַר דעם אומגליקלעכן יידן? ענטפער מיר, איז דאָס אַ פאַר־ברעך אָדער עוולה וואָס יידן ווילן צוריק אויפבויען זייער אייגן לאַנד?..

ער ענטפערט נישט. זי גייט אַפּ און רעדט ווי צו זיך אַליין.

אַז איך זאָל דערציילן אַ מענטשן וואָס עס קומט פאַר אין אַ יידיש הויז, וואָלט מען מיר נישט געוואָלט גלייבן. מען וואָלט געזאָגט, אַז איך בין משוגע... אוי, גאָטעניו ליבער..

בעלקין:

שטאַרק אין כעס. און אויסמאָרדן די אַראַבישע מאַסן, ווי היטלער, איז גוט?!... איך זאָג דיר נאָכאַמאָל: זאָלסט מער נישט דערוועגן צו דערמאָנען זיין ליבן נאָמען!... זיין נאָמען איז הייליק!...

ער גיט אַ לויף אַרויס. זי צעוויינט זיך. די פאָרהאַנג לאָזט זיך גיך אַרונטער.

סוף פון ערשטן אַקט.

# צווייטער אַקט

דער זעלבער טאָג וואָס אין ערשטן אַקט, נאָר עטלעכע שעה שפּעטער. ווען דער צווייטער אַקט ענדיקט זיך, איז אַרום זעקס אַ זייגער פאַרנאַכט. די האַנדלונג קומט פאָר אין דעם זעלבן זאַל, וואָס דער ערשטער אַקט. קיין זאַך האָט זיך נישט געביטן, אַ חוץ, וואָס בעלקין טראָגט מער נישט קיין סוועטער. עס איז זייער הייס אין גאַס. ער טראָגט אַ ספּאָרט־העמד מיט קורצע אַרבל און דער קאָלנער איז ביי אים פונאַנדערגעשפּיליעט.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, דרייט זיך בעלקין אַרום איבערן זאַל, ווי אַ צערייצטע חיה אין אַ שטייג. ער איז אויפגערעגט און צעטראָגן. ער גייט אַ לויף צום טישעלע וווּ ער האָט פריער איבער־געלאָזט די פלאַש בראָנפן. כאַפּט די פלאַש און גיט אַ זשלוק אַריין אַ לאַנגן טרונק. מיטאַמאָל דערהערט ער ווי מען גייט. ער זעצט זיך אויף גיך אויף אַ שטול און כאַפּט די „מאָרגן־פרייהייט״ אין האַנט אַריין. ער מאַכט זיך, ווי ער וואָלט געווען רויק און געלייענט. דורך דער זייט פון דער צייטונג כאַפּט ער פון צייט צו צייט אַ בליק צו זען ווער עס קומט. באַלד קומט אַריין פרענצעס. זי בלאָזט זיך פון דער היץ. זי טראָגט נישט דאָס זשאַקעטל און אויך נישט די ביכער. זי קומט פון דער זייט, פון דער קיך.

פרענצעס:

**האַלאָ, פּאָ. אַזאַ היץ, אין מאַי.**

בעלקין:

קוקט נישט אויף איר. מיט אַ טרויעריקן טאָן. **אַזוי פרי געקומען פון דער ביבליאָטעק?**

פרענצעס:

גייט איבערן צימער, ווי אויף שטאָלצן. **עס איז געווען צו־הייס צו אַרבעטן.**

בעלקין:

רעדט אַריין אין דער צייטונג. ווען די פּעטיאָ וועט זיין פּאַרטיק, וועסטו קאָנען טאָן דיין אַרבעט אינדערהיים.

פּרענצעס:

ענטפערט נישט, קוקט אַריין אין שפּיגל און מאַכט זיך גלייך די האָר. זי כאַפּט פון צייט צו צייט אַ פאַרשעמנדיקן בליק אויפן פאָטער. מיטאַמאָל גיט זי זיך אַ ווענד צו אים דירעקט. וואָס איז דער מער מיט חוהן? ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער קיך איז זי געזעסן און געוויינט.

בעלקין:

וואָס ווייס איך? אַ מאַן קאָן קיינמאָל נישט וויסן וואָס אַ פרוי וויל. אַ חוץ — ווען זי וויל נישט.

פּרענצעס:

שמייכלט און פאַרשט זיין פּנים. אין דעם שטעקט מער אמת, ווי לאָגיק. דו רעדסט פון דערפאַרונג. וועגן וואָס פאַר אַ באַנקעט האַנדלט זיך?

בעלקין:

וואָס האָט זי דיר דערציילט?

פּרענצעס:

חוה האָט מיר גאָרנישט געוואָלט זאָגן. דעריבער בין איך געקומען צו דיר.

בעלקין:

טאָ פונוואַנען ווייסטו וועגן אַ באַנקעט?

פּרענצעס:

זי האָט געזאָגט אַז מען וויל דיר מאַכן אַ באַנקעט. מער האָט זי מיר נישט געוואָלט זאָגן.

בעלקין:

אַלזאָ?

פּרענצעס:

נישט צוליב דעם איז זי פאַרטרויערט?

בעלקין:

וואָס האָסטו געוואָלט?

פּרענצעס:

איך וויל גאָרנישט. צוליב אַ באַנקעט ווײנט מען נישט.

בעלקין:

וואָס גייט עס דיר אַזוי שטאַרק אין לעבן?

פּרענצעס:

זעצט זיך אַנטקעגן אים און קוקט אים גלײַך אין פּנים אַרײַן און דיך אַרט דאָס גאָרנישט?

בעלקין:

וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט דיר?

פּרענצעס:

קוקט אים גלײַך אין פּנים אַרײַן. זי האָט שטאַרק געוויינט. זי האָט געוואָלט אַוועקגיין צו איר ברודער. איך האָב איר צוריקגעהאַלטן פון דעם שריט...

בעלקין:

גייט זיך אַ שטעל אויף אַ דערשראָקענער. וואָס!... ווען?!!!

פּרענצעס:

לאַכט. איך האָב איר דערקלערט, אַז דאָס איז נישט דער וועג. איך ווייס נישט, צי האָב איך ריכטיק געהאַנדלט, צי נישט. וואָס זאָגסטו?..

בעלקין:

בייזערט זיך. וואָס איז דאָ צו לאַכן? וואָס פאַר אַ געלעכטער איז דאָס? ביסט שוין אַ דערוואַקסענע מיידל. דאַרף מען דאָס אַזוי שטאַרק לאַכן, ווען אַ פרוי וויינט?

פּרענצעס:

שמייכלט נאָך אַלץ. זעץ זיך אַוועק, פּאַ, זײַ נישט נערוועז. עס־ זעצט זיך. ווען דו וואָלסט איצט געקאָנט זיך אַליין אָנקוקן, וואָלסטו אויך געלאַכט.

בעלקין:

ווילסט טאַקע מאַכן חוזק פון דיין טאַטן?

פרענצעס:

דעם מענטשנס פנים איז דער גרעסטער מסור. דו זעסט איצט אויס ווי אַ ייִנגל אין מײַן קלאַס־צימער, ווען איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל מיר דערציילן, וואָס פאַר אַ שאָדן ער האָט אָפּגעטאָן, ווייל איך האָב דערקאָנט אין זיין פּנים, אַז ער באַהאַלט עפּעס פון מיר. אַזוי זע איך איצט אין דיין פּנים, אַז דיך פאַרדריסט עפּעס. זי בלייבט שטיל, קוקט אויף אים ערנסט. ער ענטפערט נישט, זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. עס קאָן זיין, אַז דו ביסט גאָרנישט שולדיק. אַ מענטשן פּאַסירן אָפט זאַכן, וואָס זענען גאָרנישט אָפּהענגיק אין זיין ווילן. ווען זיי פּאַסירן אָבער, ווערט דער מענטש בייז אויף זיך. ער באַשולדיקט זיך אַליין. דאָס הייסט, דער ערלעכער מענטש ווינטשט זיך דעמאָלט: הלוואי וואָלטן זיי נישט פאָרגעקומען. דאָ איז שוין אָבער צו שפּעט. די זאַך איז שוין פאָרגעקומען. ער קאָן מער נישט צוריקרופן די געשעע־ניש, אָדער רעזיגנירן. אַלס כּלל האָבן מענטשן אַ טבע אַפּצולאָזן די הענט און וואַרפן זיך אין שויס פון שיקזאַל זי גיט זיך אַ שטעל אויף, גייט איבערן צימער מעשה פראָפעסאָר. אָבער מענטשן מיט שטאַרקע כאַראַקטערן נעמען דעם גורל אין די אייגענע הענט אַריין. זיי פּאַסן באַשלוסן און האַנדלען...

בעלקין:

זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. מורמלט. **אמת... אמת...**

פרענצעס:

זעצט פאָר. כאָשט דער מענטש פּרובירט זיך האַלטן אין די ראַמען פון זיין שׂכל, רוקן זיך אָבער אונטער פון דרויסן נישט פאָראויסגעזעענע פּאַסירונגען, וואָס לאָזן אים נישט צורו...

בעלקין:

כאַפּט זיך אויף, אַ ביסל פאַרשעמט. קענן וואָס זאָגסטו דאָס? נאָכוואָס די גאַנצע לעקציע?

פרענצעס:

דרייט זיך אויס צו אים. דעם טעזיס וואָס איך שרייב איז וועגן דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע.

בעלקין:

וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט מיר?

פרענצעס:

עס האָט צו טאָן מיט מיר. שמייכלט. איך וויל זען, צי איך בין קלוג; איך וויל זען צי דו וועסט מיר אַליין דערציילן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

בעלקין:

גיט זיך אַ שטעל אויף, ווי ער וואָלט געווען באַליידיקט. איך בין נישט קיין מייזעלע אויף וועמען מען מאַכט עקספּערימענטן! גייט איבערן צימער אויפגערעגט.

פרענצעס:

דו דאַרפסט מיך שוין קענען: אַז איך וויל עפּעס, וועל איך אויספירן. דער ענין וועט דאָך מוזן אויפגעקלערט ווערן. צו זיך אַליין. אַז מיין אייגענער פאָטער באַהאַלט זיך פון מיר, האָב איך נישט קיין אַנדערע ברירה. איך וועל אַריינרופן חוהן. צוויי פרויען זענען שטאַרקער פון איין מאַן. הייבט אָן גיין.

בעלקין:

נאָך וואָס דאַרפסטו איר אַריינציִען? זי איז גאָרנישט שולדיק.

פרענצעס:

אַז דו וועסט מיר אָבער דערציילן פאַרוואָס זי וויינט, וועל איך אפשר געפינען אַ מיטל. האָסט דאָך מיך געשיקט אין קאַלידזש. וויל איך דיר ווייזן, וואָס איך האָב זיך אויסגעלערנט.

בעלקין:

שטעלט זיך אָפּ אינמיטן צימער. ער איז פאַרטרויערט, שעמט זיך פאַר דער אייגענער טאָכטער. עס איז אַ קללה... אַ קללה... איך בין אַליין שולדיק. גייט אָפּ. אָ... קינדער קאָנען נישט פאַרשטיין אַ טאַטן... מיטאַמאָל. געדענק, זי האָט דיך ליב ווי דאָס לעבן. ווי דו וואָלסט געווען איר אייגן קינד. קערט זיך אָפּ. ווישט די אויגן.

פרענצעס:

דו דאַרפסט מיר דאָס נישט זאָגן, איך ווייס דאָס און פיל דאָס. ווי צו זיך אַליין. ווי מאָדנע מענטשן זענען: אַלע ווינטשן זיך צו דערלעבן די עלטער. ווען זי קומט, ווען מען האָט שוין די דערפאַרונג, האַנדלט מען ערשט אויף דאָס ניי ווי אַ קינד.

בעלקין:

גיט זיך אַ דריי אויס צו איר. **גיי, גיי רעד מיט איר. אָבער זאָג איר, אַז זי זאָל נישט וויינען! דו הערסט: נישט וויינען!**

פרענצעס שטייט אַ ווייל און באַטראַכט דעם פּאָטער מיט באַדויערן... אָדער זי טראַכט איצט, צי זאָל זי נאָך עפּעס זאָגן. בעלקין שטייט מיטן פּנים צום פענצטער. זי גייט אַריין אין דער קיך. ער שטייט נאָך אַזוי אַ ווײַלע פאַרטראַכט. אין דעם מאָמענט קלינגט דאָס גלעקל ביי דער טיר. ער גלייכט זיך אויס, נעמט זיך אָן מיט מוט און גייט עפענען די טיר. ער קומט באַלד צוריק מיט נאָך אַ יידן.

בעלקין:

**וואָס זענט איר שטיין געבליבן אויפן שוועל? קומט אַריין, מיסטער אייבראַמס.** ער ווייזט אָן אייבראַמסן אויף אַ געבעטע שטול.

אייבראַמס איז אַ הויכער ייד פון אַ יאָר צוויי און פערציק. ער זעט אויס איידל און אָפּגעצערט. ווען ער איז אַריינגעקומען, האָט ער פריער דעם הוט נישט אויסגעטאָן. ער זיצט אויף דער שפּיץ שטול, ווי אַ נישט־דרייסטער. בעלקין האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול אַנטקעגן אים. ער וואַרט, אַז אייבראַמס זאָל עפּעס זאָגן. אייבראַמס נעמט אַרויס פון קעשענע אַ פּעקל פּאַפּירענע דאָלאַרן, הייבט אָן מישן און ציילט שטילערהייט. ער ווענדט זיך צו בעלקינען.

אייבראַמס:

**איך האָף, אַז איר וועט מיר פאַרגעבן, וואָס איך האָב מיך פאַר־שפּעטיקט מיט מיין דירה־געלט.**

בעלקין:

נישט אין קיין גוטער שטימונג. **איר זענט נאָך אַ גרינער. אין אַמעריקע דאַרפט איר וויסן, צאָלט מען בילס אין צייט. איך מיין נישט קיין שלעכטס, אָבער אַזוי פירט מען זיך. אַז איר וועט נישט צאָלן אין צייט, קאָן איך אויך נישט צאָלן אין צייט. אויב אַלע זאָלן אַזוי האַנדלען, וועט אַמעריקע נישט קאָנען עקזיסטירן. אַלץ וועט גיין משה קאַפּויער.** ער נעמט דאָס געלט און ציילט עס איבער.

אייבראַמס:

**איך פאַרשטיי. איך פאַרשטיי. איך האָב אָבער נישט געקאָנט העלפן. איר ווייסט דאָך ווי עס מאַכט זיך אין אַ פאַמיליע: די קינדער. אַ דאָקטער...**

בעלקין:

לייגט אַריין דאָס געלט אין דער קעשענע. ווייל איר זענט אַן ערלעכער ייד, וועל איך אייך פאַרגעבן. איך האָף אַז איר וועט דאָס נישט מאַכן פאַר אַ געוווינהייט.

אייבראַמס:

איך האָף צו גאָט, אַז נישט.שטעלט זיך אויף צום גיין. איך פאַרשטיי אייך, מיסטער בעלקין. איך בין אויך אַמאָל געווען אַ סוחר. מיר האָבן אויך געהאַט הייזער.

בעלקין:

שטעלט זיך אויך אויף. וואָס לויפט איר שוין? זיצט אַ מינוט. איך וויל אייך עפּעס פרעגן.

אייבראַמס:

פאַרוווּנדערט. ער זעצט זיך. מיך פרעגן? וואָס ווייס איך פון אייערע אַמעריקאַנער פירעכצן?

בעלקין:

זעצט זיך אויך. איר האָט דאָך אַזויפיל מיטגעמאַכט. לענדער אויסגערייזט: סאָוויעטנפאַרבאַנד, כינע, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ביז איר זענט געקומען קיין אַמעריקע, און דאָך, זענט איר געבליבן אַן אמתער ייד.

אייבראַמס:

איך פאַרשטיי אייך נישט, מיסטער בעלקין: וואָס מיינט איר מיט דעם וואָרט „אמתער ייד?"

בעלקין:

איך מיין, איר האָט אַזויפיל מיטגעמאַכט און געזען, און דאָך, האַלט איר זיך ביי אייער יידישקייט. איר היט אָפּ כשר און טריפה, שבת. איר פאַרשטייט וואָס איך מיין: אַן אמת, אמתער ייד, מיט אַלע פּריטשעפּקעס.

אייבראַמס:

איר זאָלט מיר מוחל זיין, מיסטער בעלקין: עס איז טאַקע אמת וואָס איר זאָגט, אַז איך האָב מיטגעמאַכט און האָב געזען פאַרשידענע מענטשן. איך האָב אָבער אין ערגעץ נישט באַגעגנט קיין צווייערליי יידן, „אמתע און נישט קיין אמתע יידן".

בעלקין:

איר האָט מיך נישט פאַרשטאַנען, מיסטער אייבראַמס.

אייבראַמס:

איך גלייב, אַז איך האָב אייך זייער גוט פאַרשטאַנען. איך זאָג אייך נאָכאַמאָל: אין מיינע לאַנגע נסיעות האָב איך באַגעגנט גויים, יידן און משומדים. אָבער נישט קיין צוויי־ערליי יידן.

בעלקין:

די ציוניסטן, די בונדיסטן זענען דאָך...

אייבראַמס:

פאַלט אַריין אין די רייד. זיי זענען ווילדע, גוטע יידן.

בעלקין:

מיט אַ שמייכל. איך מוז צוגעבן, אַז איצט פאַרשטיי איך אייך נישט.

אייבראַמס:

מיך וואונדערט טאַקע, וואָס איר, אַן אַמעריקאַנער ייד וואָס האַלט זיך נישט ביי דעם שלחן־ערוך, זאָל נישט פאַרשטיין.

בעלקין:

אדרבא, אדרבא, לאָמיך טאַקע עפּעס לערנען פון אייך.

אייבראַמס:

ווי איר ווייסט, איז דער עיקר פון אַלע עיקרים ביי יידן — אהבת ישראל. אַ ייד איז דער וואָס טראַכט אַזוי: איידער איך צינד אָן דעם נר־תמיד, דאַרף איך פריער אָנצינדן דעם נר ליהודים. אַ ייד איז נישט קיין גוי. גויים זענען פאַראַן אַ סך. זיי וועלן שוין זייער שטעטל אַליין באַשטיין. זיי נייטיקן זיך נישט אין קיין יידישער הילף. אהבת ישראל איז דעריבער די ערשטע מידה ביי יידן. אין יעדער תקופה האָט דאָס שטרעבן צו טאָן עפּעס גוטס פאַר דעם אייגענעם פאָלק אַרויסגערוקט פאַרשידענע כיתות, וואָס האָבן אויף זייער אופן אַרויסגעוויזן זייער ליבע און איבערגעבנקייט צו דעם אייגענעם פאָלק. אין דער היינטיקער צייט זענען פאַראַן דרייערליי כיתות וועלכע צעד־צעטיילן זיך אין פאַרטייען, אַלע דריי אָבער האָבן אהבת ישראל אין האַרצן.

בעלקין:

**די ערשטע, וועט איר אוודאי זאָגן, זענען די חסידים.**

אייבראַמס:

**די ערשטע זענען די רעליגיעזע יידן. זיי נעמען אַרום אי די וואָס וואַרטן, אַז משיח זאָל אויסלייזן דאָס פאָלק און אויך די, וואָס ווילן, אַז ארץ ישראל זאָל געפירט ווערן לויט דער הלכה און דינים פון דער תורה. די צווייטע זענען די ציוניסטן. זיי האָבן אַוועקגעגעבן זייערע כוחות און זייער לעבן, אַז ארץ ישראל זאָל צוריק ווערן אַ יידישע מדינה מיט אַן אייגענע מלוכה. זיי ווילן, אַז דאָס לאַנד זאָל זיך פירן אויפן שטייגער פון די אומות העולם...**

בעלקין:

אומגעדולדיק. **און די דריטע? די דריטע?...**

אייבראַמס:

**די דריטע זענען די פאָלקיסטן, די בונדיסטן. זיי גלייבן אין נאַ־ציאָנאַלער קולטורעלער אויטאָנאָמיע. זייער טענה איז: אַזוי ווי ארץ ישראל איז אַ קליין לאַנד און וועט נישט קאָנען אַריינגעמען אין זיך אַלע יידן פון דער וועלט, איז ווו אַ ייד זאָל נישט וווינען זאָל אים דערלויבט זיין צו לעבן ווי אַ ייד צווישן יידן. די כוונה פון די אַלע דריי איז דער עיקר אהבת ישראל. זיי אַלע האַלטן זיך ביי דער יידי־שער טראַדיציע, יידישע מנהגים, מאַראַל און עטיק. זיי גיסן צונויף זייער לעבן מיט דער יידישער אייביקייט. דער טרויער וואָס כאַפּט אַרום דאָס פאָלק הילט אויך זיי איין. זיי ציען דעם פאָדעם פון דער אייביקער, יידישער בענקשאַפט, קיום און המשך...**

בעלקין:

ווייזט אַרויס אומרויקייט. **וואָס איז מכוח די יידן אין סאָוויעטנ־פאַרבאַנד?**

אייבראַמס:

די יידן אין סאָוויעט־רוסלאַנד זענען ווילדע און האַרציקע יידן. **ווי אַלע יידן. נישט מער, זיי מוזן נעבעך לעבן ווי די אנוסים אין** שפאַניע. די יידישע קאָמוניסטן זעט איר, דאָס זענען רחמנא לצלן, **משומדים. ווייל אַזוי גיך ווי אַ ייד גייט נאָך דעם רוף פון פרעמדע געטער, ער הייבט אָן דינען די עבודה־זרה, איז ווי אַ ווייסע טויב וואָלט איינגעשמירט אירע פעדערן מיט סאַדזשע, כדי זי זאָל אויסזען ווי אַ וואָראָנע. עס איז טאַקע געגוג שלעכט, ווען אַ יחיד טוט אַזאַ זאַך. עס איז אָבער זייער טרויעריק, ווען אַ גאַנצע עדה טוט דאָס**

באַוווסטזיניק און מיט אַ כוונה. זיי דערפירן לאָ עלינו צו דעם, ווי אַמאָל, די פראַנקיסטן רחמנא לצלן, אַז יידן זאָלן זיך אַליין פאַרשמירן דאָס פּנים מיט סאַדזשע. מיט אַ זיפץ. וואָס ווייניקער מען רעדט וועגן זיי, אַלץ געזונטער איז.

בעלקין:

גיט זיך אַ שטעל אויף, אין כעס. אַזוי! אַזוי! די יידישע קאָמוניסטן פירן די אייגענע קינדער צו דער שמד!...

אייבראַמס:

איך האָב דאָס נישט געזאָגט. דער מיין איז אָבער דער זעלבער.

בעלקין:

מיט כעס און ביטערקייט. און דאָס, וואָס די רעגירערס פון ישראל, די שמוציקע אַגענטן פון דעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם, האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל אויסהרגענען אַלע אַרעמע אַראַבער, דאָס איז גוט?... זאָגט מיר, וואָס איז דער אונטערשיד צווישן זיי דאָרט און היטלער?!...

אייבראַמס:

שטעלט זיך אויף. נעמט אַרויס דעם זייגער פון וועסטל־קעשענע און קוקט. איך האָב מיך שוין צופיל פאַרזעסן. איך דאַרף שוין גיין.

בעלקין:

פאַרהאַלט אים ביים אַרבל. עס ווערט טרויעריק אויפן האַרצן, זאָג איך אייך, ווען מען זעט, ווי זיי דאָרט ווילן אומברענגען דאָס ביסל אַרעמע יידן וואָס האָבן זיך מיט דער הילף פון דער רויטער אַרמיי אַרויסגעראַטעוועט פון דעם היטלער־גהינום. מיך וווּנדערט אויף אייך מיסטער אייבראַמס. אַזאַ ערלעכער און גוטער ייד, ווי איר זענט און דאָך אַ פאַרפירטער. איך האָב אַ סך רעספּעקט פאַר אייך. מיך פאַרדריסט, אַז איר זאָלט אַזוי רעדן.

אייבראַמס:

איך האָב זיך באמת צופיל פאַרהאַלטן. איידער איך גיי, וויל איך צוגעבן נאָך איין זאַך: צווישן די קאָמוניסטן זענען פאַראַן פּשוטע, ערלעכע יידן. זיי זעען אָבער נישט ווי די יעקב פראַנקס פירן זיי נעבעך צו דער שמד.

אין דער רגע קומען אַריין חוה און פרענצעס. חוה גייט אַ פאַר־

טרויערטע צו אַ שטול און זעצט זיך אַוועק אַ ברוגזע. פרענצעס איז גוט אויפגעלייגט. זי ווענדט זיך צום פּאַטער.

פרענצעס:

**נו, פּאַ?**

בעלקין:

**וואָס נו?**

פרענצעס:

**איך זע, אַז דו האָסט אַ גאַסט. וועסט מיך גאָרנישט פאָרשטעלן פאַר דיין גאַסט?**

בעלקין:

**אַ... מיסטער אייבראַמס, דאָס איז מיין טאָכטער פרענצעס. אַ הייסקול־לערערין.**

פרענצעס:

דערנענטערט זיך אַ ביסל **איך האָב** געהערט, **דאָס הייסט, מיין פאָטער האָט מיר דערציילט וועגן אייך. ער האָט מיר געזאָגט אַז איר זענט אַ קלוגער מענטש.**

אייבראַמס:

פאַרנייגט זיך, שמייכלט. **אַ דאַנק,** שייך צו זאָגן: **צו חכמה און וויסן איז נישטאָ קיין שיעור.**

פרענצעס:

**איך האָב ליב קלוגע מענטשן. קלוגע רייד זענען דערקוויקענדיק ווי אַ קיל ווינטל אין אַ הייסן זומער טאָג.**

אייבראַמס:

**גלויבט מיר, מיס בעלקין, אַן אָרנטלעך געוויסן און מידות טובות, זענען וויכטיקער פון חכמה און וויסן!**

בעלקין:

**איר וועט אויסגעפינען, אַז אונטערן קאַפּיטאַליזם איז אָרנטלעכ־קייט אַן איבעריקע זאַך. מען שניידט דאָס אויס, ווי מאַנדלען פון האַלדז. איר זענט נאָך אַ גרינער...**

פרענצעס:

אַ, פּאַפּאַ, דו גייסט גלייך אַרויס מיט דיין קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

בעלקין:

אפשר איז דאָס נישט אמת? אידעאַליזם, אָרנטלעכקייט, געוויסן זענען אין אַמעריקע אַזוי איבעריק, ווי אַן אַפּענדיציט. פאַרקריצט די ליפּן.

אייבראַמס:

צו פּרענצעסן. דער שכל איז באַגרענעצט ביי עקשנותדיקע דאָג־מאַטיקער, ביי זיי איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר לאָגיק.

פּרענצעס:

זיצט נאָך אַ ווײַלע, מיסטער אייבראַמס. זי זעצט זיך. ער זעצט זיך אויך. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, איר זענט דאָך געווען אַ לענגערע צייט אין סאָוויעטנפאַרבאַנד, ווי זעט דאָרט אויס דאָס לעבן?

אייבראַמס:

וואָס קאָן איך אײַך זאָגן מער ווי איר דאָ, אין אַמעריקע ווייסט שוין? איר האָט פרייע צייטונגען מיט אַזויפיל ביכער צום לייענען; איר ווייסט מער וואָס דאָרט קומט פאָר, ווי די, וואָס וווינען דאָרט. דאָרט איז געזונטער, אַז מען ווייסט נישט. דאָרט זענען פאַראַן פאַר־שידענע גראַדן פון נישט וויסן...

פּרענצעס:

אָבער דאָך: איר האָט דאָך געזען מיט אײַערע אייגענע אויגן...

אייבראַמס:

מיט אַ שמייכל. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? מיין פאָטער עליו השלום, מיין גאַנצע משפּחה זענען געווען סוחרים. צווישן סוחרים איז אַ כלל, אַז דאָס בעסטע, דאָס שענסטע שטיקל סחורה, דאָס גוטע אַרטיקעלע שטעלט מען אַרויס פון אויבן, אין דעם שיינעם שויפענצטער. אַז אַלע קונים זאָלן דאָס קאָנען זען.

בעלקין:

קעגן וואָס זאָגט איר דאָס?

אייבראַמס:

ווען דער סאָוויעטישער סיסטעם זאָל דאָס טאָקע זיין אַזאַ גוט שטיקעלע סחורה פון דעם בעסטן סאָרט, וואָס זאָל זיין גוט פאַר דעם מענטשן, וואָלטן זיי דעם סיסטעם זייערן נישט באַדאַרפט באַהאַלטן אונטער אַן אייזערנעם פאָרהאַנג, נאָר עפענען אַלע טירן און שויי־

פענצטער, אַז יעדער איינער זאָל קאָנען זען דאָס פיינע, דאָס גוטע שטיקעלע סחורה, וואָס זיי ווילן, אַז מיר זאָלן קויפן. אויב מען באַהאַלט דאָס אונטער אַ סקלעפּאָווע טיר און אונטער צען שלעסער, איז אַ שלעכטער סימן.

פרענצעס:

ווי די צייטונגען גיבן איבער, איז דאָס לעבן דאָרט נישט אַזוי פריילעך.

אייבראַמס:

באַדינגונגען און סיטואַציעס וואָס קאָנען זיך אַליין נישט דער־קלערן זענען פיל ערגער פון סיטואַציעס און באַדינגונגען אויף וועלכע מען דאַרף ערשט זוכן ווערטער כדי צו קאָנען זיי דערקלערן.

בעלקין:

דאָס קאָן קיינער נישט לייקענען און איך האָף, אַז אויך איר וועט צוגעבן, אַז די יידן אין סאָוויעטנפאַרבאַנד לעבן זיך בעסער און פרייער ווי די יידן אין...

אייבראַמס:

לאַנג צוריק, איידער עס איז נאָך געווען אַ סאָוויעטנרעגירונג, האָט סטאַלין אָנגעשריבן אַ ביכל, אונטער לעגינבס השגחה פאַרשטייט זיך; אין דעם דאָזיקן ביכל האָט סטאַלין געוואָלט באַווייזן, אַז יידן זענען נישט קיין פאָלק. אַזוי ווי ער איז איצט דער גאַנצער מושל, איז זיין ביכל געוואָרן דער גאַנצער שולחן־ערוך. מען קאָן נישט זאָגן, אַז יידן לעבט זיך דאָרט בעסער...

בעלקין:

אייער צרה איז, וואָס איר גייט אַרויס פון אַן עגאָיסטישער קליינ־בירגערלעכער, נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. איר זענט פאַרסמט! דעריי־בער קאָנט איר נישט צעקייען די גרויסע זאַכן וואָס דאָרט קומען פאָר!

חוה:

דערזעט נעבן דעם שפּיגל אויף דעם קאַמין ליגן עפּעס אַ גרויסן פאַפּירענעם קאָנווערט. זי גייט צו און נעמט דאָס אין האַנט אַריין. וואָס איז דאָס?

בעלקין:

גיט דאָס אַ ריס אַרויס פון איר האַנט. דאָס האָט אוודאי מיסטער

פאַקס פאַרגעסן. ער לייגט אים אַוועק אויפן ביכערשענקל. איך וועל דאָס אים היינט אָונט אַוועקטראָגן.

גוטמאַן:

גיט אַ קוק אַריין אַ פריילעכער. ער ווישט מיט דעם טיכל דעם האַלדז און דעם שטערן. האַלאָ, ליידיס און דזשענטלמען! ווי איך זע, בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ קילער אָאַזיס.

פרענצעס:

לאַכט. פון דער סאַהאַראַ־מדבר.

גוטמאַן:

איך האָב נישט געוווּסט, אַז אין דער מדבר זענען פאַראַן נימפן מיט אינטעליגענטע הייסקול־לערערינס. קומט נענטער אין צימער. ווישט דאָס פּנים.

חוה:

אַזוי הייס איז אין גאַס?

גוטמאַן:

איך בין צופרידן וואָס איך בין אַרומגערינגלט מיט פיר ווענט און צוגעדעקט מיט אַ דאַך. אַהערגייענדיק פון מיין קאַר, האָט געבלאָזן אַזאַ הייסער ווינט, אַז איך האָב מורא געהאַט צו עפענען דאָס מויל, דער ווינט זאָל נישט אַרויסרייסן מיינע ציין מיט די וואָרצלען. אַזוי שטורעמדיק הייס איז. פרעגט זי נאָך, צי עס איז הייס אין גאַס.

חוה:

איך גיי אַריינברענגען אַ ביסל קאַלטע לעמאָנאַד. גייט אָפּ.

גוטמאַן:

שטייט אינמיטן זאַל און קוקט אויף אַלעמען. דאַכט זיך, אַז איך בין גאָר אַריינגעפאַלן ווי אַ קאַץ אין דער סוכה.

פרענצעס:

צו גוטמאַנען. דאָס איז מיסטער אייבראַמס. ער האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן דעם לעבן אין רוסלאַנד. מיסטער אייבראַמס איז דאָרט געווען אַ לענגערע צייט.

גוטמאַן:

וואָס קאָן אונדז מיסטער אייבראַמס דערציילן מער, וויפל מיר

ווייסן שוין? דאָרט איז שוין איינגעפירט סאָציאַליזם. די פּויערים און די אַרבעטער אַרבעטן. דריי מאָל אַ טאָג גייט אַרויס אַ בת קול: שלום, שלום, שלום! אַלע קושן זיך אין די פּיסקלעך. מען טרינקט פייגל־מילך מיט וואָדקאַ. מען עסט קאַוויאַר אויפן טעלערל פון הימל. אַלע האָבן זייערע באַדערפענישן. די מיידלעך האָבן רויטע באַקן מיט רויטע קניען. אַן אמתער גן־עדן. דער איינציקער אונטערשיד פון דעם אמתן גן־עדן און דעם רוסישן גן־עדן איז: די מיידלעך טראָגן ווילע־קעס מיט וואַטאָווע פּעלצלעך. די פּויערים טראָגן פאַר ווילטאָג לאַפּ־טשעס. מען וווינט זעקס פאַמיליעס און איין צימער, אויך פון ווילטאָג און די פרייהייט דאַרף ערשט באַפרייט ווערן.

בעלקין:

רעדט, רעדט, עס וועט אייך גאָרנישט העלפן.

גוטמאַן:

איך האָב פאַרגעסן צוצוגעבן נאָך אַ זאַך: צוויי הונדערט מיליאָן מענטשן בענטשן גומל דריי מאָל אַ טאָג מאַכט נאָך, ווי די מאַכמעדאַ־נער בייגן זיך מיט די הענט און מיטן פּנים צו דער ערד, פון פּאַרנט פון בעלקינען. זיי געבענטשט, פּאַטערל פון אַלע פעלקער, וואָס דו האָסט אונדז אַריינגענומען אין דיינע אייזערנע הענט. ונאמר אָמן! ער זעצט זיך אַוועק. חוה קומט אַריין מיט אַ טאַץ אויף וועלכער עס געפינען זיך אַ קרוג לעמאָנאַד און גלעזער. איצט, מיין שוועסטער. קאָנסטו מיר שוין געבן אַ טרונק. איך האָב שוין אָפּגעזאָגט מיין תפילה.

בעלקין:

וואַרט, וואַרט: ווען די רעוואָלוציע וועט קומען, וועט איר נישט דרשענען אַזוי שיין.

גוטמאַן:

מיטן גלאָז אין דער האַנט. און דו מיינסט, אַז דו וועסט קאָנען רעדן, אַזוי ווי דו רעדסט איצט? מאַכסטו אַ גרויסן טעות. דערפאַר דאַרפן מיר אַלע אינדערפרי מאַכן אַ ברכה. צו אייבראַמסן. וואָס פאַר אַ ברכה דאַרף מען מאַכן וואָס מען לעבט אין אַמעריקע און נישט אין...

חוה:

האַלט אין אַנגיסן און דערלאַנגען יעדערן אַ גלאָז. הער שוין אויף צו רעדן אַזויפיל.

אייבראַמס:

שטעלט זיך אויף צום גיין.

פרענצעס:

שטעלט זיך אויך אויף. איר גייט שוין, מיסטער אייבראַמס?

אייבראמס:

מיסטער גוטמאַן האָט אויף אַ סאַטיריש הומאָריסטישן אופן בעסער און שענער געזאָגט דאָס, ווי איך וואָלט געהאַלטן אַן ערנסטע דרשה. איך וויל נאָר צוגעבן, אַז אַ פאָלק קאָן נישט לעבן בלויז מיט דעם, וואָס די צוקונפט זאָגט אים צו. עס מוז אויך היטן זיין עבר. אַ לעבעדיק פאָלק גיסט צונויף זיין הוה, זיין עבר, זיין עתיד מיט זיין נצחיות.

גוטמאַן:

גיט זיך אַ שטעל אויף און ווענדט זיך צו בעלקינען. מען האָט אייך אַריינגעהאַקט אין אייערע קעפּ, אַז איר זאָלט קוקן אויף דער וועלט מיט קנאה, שרעק און ביטול. איר זאָלט האָבן אַ סופּעריאָריטעט־געפיל איר האַסט און מאַכט חוזק פון יעדן וואָס האַלט נישט מיט אייך. איר האָט נישט קיין דרך ארץ פאַר געלערנטע און נישט פאַר עלטערע. ווער עס האַלט נישט מיט אייך, דערקלערט איר פאַר אָפּגעשטאַנען און ווילד. איר דערקלערט זיך פאַר העלדן פון אַרבעט און אַרבעטן ווילט איר נישט. איר האַלט זיך פאַר דרייסטע וואגערס און איר זענט שרעקעוודיקע האָזן. איר האָט זיך אויסגעשלאָסן פון כלל ווייל איר זענט חוצפּהדיקע העזהניקעס. ביי אייך איז נישטאָ, נישט קיין ליבע און נישט קיין רעספּעקט פאַר מענטשלעכע הייליקייטן. איר באַשמוצט די סאַמע עלעמענטאַרע מענטשלעכע רעכטן. איר זענט זעלבסט־האַסער. איר האָט מורא פאַר זיך אַליין און איר האָט פיינט זיך אַליין. צו אייבראַמסן. איר הערט, מיסטער אייבראַמס, דאָס ערגסטע איז, ווען איינער פאַרלירט דאָס געפיל פאַר זיינע מיטמענטשן.

אייבראמס:

צו פרענצעסן. ביי מיר איז פאַראַן אַן אינטערעסאַנט בוך, אויב איר ווילט, קאָן איך אים אַריינברענגען, אַז איר זאָלט אים איבערלייענען.

פרענצעס:

אין ענגליש?

אייבראמס:

אין ענגליש.

פרענצעס:

אַ גרויסן דאַנק. איך זוך טאַקע אַן אינטערעסאַנט בוך צום לייענען.

בעלקין:

ביי מיר איז פאַראַן גענוג ביכער. עס שטייט אַ פולע שאַנק מיט ביכער.

פרענצעס:

וואָס איז דער מער מיט דיר, פאַ? זי באַגלייט אייבראַמסן צו דער טיר. ברענגט אַריין דאָס בוך, מיסטער אייבראַמס.ביידע אָפּ.

בעלקין:

האָסט געהאַלטן אַ פיינע דרשה, מיין שוואָגער. אַ פיינע דרשה. קיינער האָט נאָך מיר נישט געזאָגט, אַז איך דערווייטער זיך פון יידן.

גוטמאַן:

ווייל קיינער איז נישט געווען מיט דיר אַזוי אָפנהאַרציק און ערלעך. אַ מענטש דאַרף זיין פריי און זעלבשטענדיק טראַכטן, אַנאַליזירן און דענקען. נישט גיין ווי אַ בלינד פערד.

בעלקין:

הייסט עס, אַז איר זענט די געערכטע און מיר, די פּראָגרעסיווע, זענען ווי די בלינדע פערד? גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט אויפגעגעבן די האָפענונג. מען דאַרף אייך אַלעמען שיקן צו אַ פּסיכאָלאָג, אַז ער זאָל אייך אונטערזוכן. איר זענט פאַרסמט מיט אַ מיאוסער פּראָפּאַגאַנדע.

גוטמאַן:

איך זאָג, אַז יעדער מענטש דאַרף זיין נישט נאָר אַ שומר, נאָר אויך אַ בעל חשבון איבער זיינע מעשים און זיינע געדאַנקען. אַזוי גיך ווי אַ מענטש בייטיקט זיך אַז אַ פּאָליציאַנט זאָל אים היטן און אַ צווייטער זאָל אים אַרויספירן אויף אַ וועג — איז ער בלינד... פאַר־וואָס זאָלסטו נישט פאַרשטיין אַזאַ פשוטע זאַך?

פרענצעס:

פאַ, וואָס האָסטו מורא געהאַט? מיסטער אייבראַמס וועט מיך אָפּשמדן?...

בעלקין:

צו אַלעמען. מיר האָבן שוין טויזנט מאָל דיסקוטירט די אַלע

זאַכן. ווי איך זע, קאָן איך נישט אַריינהאַקן אין אייערע קעפּ, אַז אייער אידעאָלאָגיע איז אַ בורזשואַזע. צו דער טאָכטער. אַלץ וואָס די האָסט געלערנט אין דער שול פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן, איז אויסגערונען געוואָרן, ווי איבערגעזאָטענע מילך. שיין נחת האָב איך פון דיר.

פרענצעס:

אָ, פּאַפּאַ! דו ביסט דאָך אַ פּראָגרעסיווער מענטש. אַ פרייער מענטש האָט נישט פּאַרוואָס מורא צו האָבן.

בעלקין:

אַ פרייער, פּראָגרעסיווער מענטש קאָן אַנדערש נישט האַנדלען.

גוטמאַן:

איך וואָלט געוואָלט אויסגעפינען פון וואָס פאַר אַ כעמישן שטאָף זענט איר אויסגעקנאָטן, עס גייט מיר שוין נישט אין אייער פאַנאַטיש־קייט. נאָר ווי ווייל דאָס אַ מענטש נישט נוצן דעם אייגענעם שכל? נאָך אַלעמען, דער פירער אייערער, איז דאָך אויך אַ מענטש. צי קאָן נישט יענער מענטש אויך אַמאָל מאַכן אַ טעות?

בעלקין:

ניין! חבר סטאַלין מאַכט קיינמאָל נישט קיין טעות! ווייסטו פאַר־וואָס? ווייל ער איז באַוואָפנט מיט דעם דיאַלעקטיש־מאַרקסיסטיש־לעניניסטישן קלאַסן־אַנאַליז. דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם שטייט אויף די פיס.

גוטמאַן:

קאָנסט מיר אפשר זאָגן אין צוויי ווערטער וואָס דאָס מיינט?

פרענצעס:

דאָס איז נאַריש.

בעלקין:

איך זע נישט אין דעם קיין שום נאַרישקייט.

גוטמאַן:

דו ווילסט, אַז מיר זאָלן דיר גלייבן, אַז דו פאַרשטייסט און דו גלייבסט מיטן גאַנצן האַרצן, מיט דיין קלאָרן שכל, איז אַלץ וואָס דו זאָגסט? גייט אָפּ. נישט דו ביסט אַ ייִנגעלע און נישט דו רעדסט צו חדר־ייִנגלעך.

חוה:

מיר דאַכט זיך, אַז איר זענט אַרונטער פון דעם וועג.

גוטמאַן:

ניין! מיר זענען אויפן ריכטיקן וועג. איך האָב אויך אַמאָל געזינדיקט. אַ סך מענטשן האָבן געגלייבט אַז פון רוסלאַנד וועט קומען די ישועה. אַזוי ווי מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז מען פאַרפירט אונדז אין אַ בלאָטע — האָבן מיר אויסגעקערט דעם דישל. עס איז גאָרנישט מיאוס, אַז אַ מענטש זעט איין, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות. עס איז אויך קיינמאָל נישט צו שפּעט זיך אומצוקערן צום שטאַם.

חוה:

איך ווייס, אַז דער גאַנצער געשפּרעך וועט אין ערגעץ נישט פירן. איך האָב מיר שוין אויסגעגעסן דאָס האַרץ.

בעלקין:

די צייט איז קליגער פון דעם מענטשן. זי פאַרענטפערט די שווערסטע פּראָבלעמען. זי וועט באַווייזן ווער עס איז גערעכט.

גוטמאַן:

איך היט מיך ווי פון פייער נישט צו רעדן קיין פּאָליטיק און דאָ בין איך נישט ווילנדיק אַריינגעפאַלן, ווי אַ נאַרישע בהמה אין אַ פעלד קרויט. עס איז שטיל אַ ווייל.

בעלקין:

איך זע, ווּהין איר אַלע צילט: איר פאָדערט פון מיר, אַז נישט נאָר זאָלן מיינע קינדער נישט זיין ביי מיין באַנקעט, נאָר איך זאָל מיך אויך אָפּזאָגן פון מיין אידעאַל. דאָס איז שוין אַ ביסעלע צופיל...

גוטמאַן:

ס'וועט געענדיקט זיין, געענדיקט! צו חוהן. מירן מאָרגן קומען צו אייך אויף וועטשערע. צו בעלקינען. דו הערסט, סעם: איך האָב מורא, אַז איך וועל מיך דאַרפן אַריינקלייבן צו דיר מיט מיינע געשעפטן. מיין גאַנצע קליענטעלע וווינט אין דעם געגנט.

בעלקין:

איך קאָן דיר פאַרזיכערן, אַז דו קאָנסט קומען עסן און איך וועל דיר אפילו נישט רעכענען פאַר קיין דירה־געלט. איך בין נישט אַזאַ גזלן, ווי דו מיינסט.

גוטמאַן:

קוקט אויפֿן האַנט־זייגערל. **ווער זאָגט, אַז דו ביסט אַ מערדער? איך האַלט דיך פֿאַר אַ גוטן קליענט, אַ גוטן שוואָגער און אַ גוטן פֿריינד.** נעמט אַ גלאָז לעמאָנאַד, טרינקט אויס אויף שנעל. **מירן זיך זען מאָרגן אָוונט.** גייט אָפּ.

פֿרענצעס:

גייט איבערן צימער, רעדט הויך, ווי זי וואָלט שטודירט אַ פּאָעמע. **עס איז אַזוי גוט צו זיין וויכטיק, עס איז אָבער נאָך וויכטיקער צו זיין גוט.** עס איז שטיל. **אַלע מענטשן האָבן ליב, אַז מען זאָל זיי ליב האָבן.**

בעלקין:

**ווי קאָן מען ליב האָבן מענטשן וואָס האָבן נישט קיין אידעאַל, קיין גלויבן, האָבן אפֿילו נישט קיין רעספּעקט פֿאַר דעם צווייטנס מיינונג.**

עס קלינגט דאָס גלעקל. פֿרענצעס לויפֿט צו דער טיר. מען הערט פֿון קאָרידאָר, ווי זי זאָגט „אַ דאַנק מיסטער אייבראַמס". קומט גלייך צוריק. זי האַלט אויפֿגעמישט דעם גראָבן בוך און קוקט אַריין.

פֿרענצעס:

**איך גיי אַרויף צו מיר אין צימער.** צו חוהן. **ווען דאָס עסן וועט זיין פֿאַרטיק, וועסטו מיך רופֿן.** אָפּ.

בעלקין:

גייט איבערן צימער. עס איז שטיל. חוה זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. מיטאַמאָל גיט ער זיך אַ ווענד צו איר. **נו, חוה, האָסט דאָס געדאַרפֿט?..**

ווי נאָר בעלקין האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער, האָט חוה פֿאַרלאָזן דאָס צימער. בעלקין בלייבט שטיין אין אַ פֿאַרלעגנהייט עס איז שטיל אַ ווײַלע. באַלד קלינגט דאָס גלעקל פֿון דער טיר. ער לויפֿט עפֿענען. די בינע איז אַ ווײַלע ליידיק. ער קומט גלייך צוריק מיט די חברים פּאַקס און קראָפּניק.

פּאַקס:

**וועער איז דער ווילדער לץ, וואָס איז באַרוואַס אַרויס פֿון אייער הויז? ער האָט דאָך מיר שיער נישט אָפּגעהאַקט אַ זייט!**

בעלקין:

כאַפּט דעם פּאַפּירענעם קאָנווערט פֿון ביכערשענקל און טראָגט עס אַנטקעגן פּאַקסן. **איר זענט אוודאי געקומען נאָך דעם?**

קרופניק:

צו פּאקסן. איר זעט, אַבי איר האָט זיך געשראָקן. איך האָב אייך געזאָגט, אַז איר האָט אים איבערגעלאָזן ביי חבר בעלקין.

בעלקין:

ווי נאָר איך האָב דערזען דעם קאָנווערט, בין איך אייך געלאָפן זוכן. איך האָב אים אָפּגעהיטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ.

קרופּניק:

אַבי דער שאָדן האָט זיך אָפּגעזוכט. מער וואָלט אונדז נישט געפעלט, נאָר אַז גראָד די צושריפטן זאָלן אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט.

פאקס:

וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן אויף אַ שטול און געגישטערט אינעווייניק אין קאָנווערט, גיט אַ זיפץ אָפּ פרייער און הייבט אויף דעם קאָפּ צו בעלקינען. ווער איז אָט אָ דער מאַן, וואָס איז ערשט אַרויס פון אייער הויז? ער זעט מיר אויס נישט באַקאַנט.

בעלקין:

אָ, דער?! אַ פאַרברענטער רעאַקציאָנער.

פאקס:

ווי קומט ער צו אייך?

בעלקין:

ער איז מיינער אַ לאָקאַטאָר. ער איז אַריינגעקומען באַצאָלן דירה־געלט. איך האָב פון אים גרויסע צרות. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט באַצאָלט אין צייט...

קרופּניק:

צוואָס דאַרפט איר אים? וואַרפט אים אַרויס. איך האָב אויך געהאַט אַזאַ לאָקאַטאָר. מיין חבר האָט נישט געוואָלט האָבן קיין פאַ־שיסט ביי זיך אין הויז. אינמיטן חודש האָב איך אים געהייסן, אַז ער זאָל זיך זוכן אַן אַנדערע דירה.

בעלקין:

נו, אַ פּליט. ער איז ערשט געקומען פון דייטשלאַנד. אַ ייד אַן אָרעמאַן, מיט דריי קינדער. צו פּאקסן וואָס קוקט אויף אים שאַרף. ווען נישט די נייע פאַרטיי־ליניע נישט צו אַטאַקירן די רעליגיעזע יידן, וואָלט איך אים נישט געהאַלטן קיין איין טאָג.

פאקס:

איך ווייס באמת נישט, ווי אַזוי איר קאָנט טאָלערירן אַזעלכע ברואים.

בעלקין:

מיט אַ חניפהדיקן שמייכל. איר ווייסט חבר פאקס, וואָס עס איז מיר איינגעפאַלן? אפשר וואָלט מען געקאָנט אָפּלייגן דעם באַנקעט אויף אַן אַנדערש מאָל, אויף סוכות־צייט.

פאקס:

קוקט אויף אים דורך די שפּאַקולן, מיט פאַרוווּנדערונג. וואָס איז?...

בעלקין:

מיינע קינדער האָבן דעמאָלט וואַקאַציע.

פאקס:

שטאַרק פאַרטראַכט. מיטאַמאָל. אָן אייערע קינדער האָט נישט קיין זין דער גאַנצער באַנקעט. זיי זענען די הויפּט־מחותנים.

בעלקין:

דעריבער זאָג איך דאָך: טאָמער קאָנען זיי נישט פאַרלאָזן די אַרבעט אינמיטן.

פאקס:

שטעלט זיך אויף. דאָס דאַרף מען טאַקע נעמען אין באַטראַכט. דירעקט צו בעלקין. ווי וועט אָבער זיין, אַז דער סאָוויעטישער קאָנסול וועט דעמאָלט נישט קאָנען קומען, האָט איר געטראַכט וועגן דעם?.. איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז נישט אַלץ איז אָפּהענגיק פון מיר. ביי מיר האָט איר אפשר געפועלט, אָבער די רעאַקציאָנערע עלעמענטן לייגן נישט אָפּ זייערע אַטאַקעס אויף סוכות צי אויף פסח...

בעלקין:

אין אַ פאַרלעגנהייט. מאַכט דערוויל אַ באַנקעט פאַר אַן אַנדערן חבר.

קרופּניק:

זאָל איך שוין זיין אַזוי געזונט, ער רעדט ווי אַן אויסגעשפּראָכענער טיטאָאיסט!

בעלקין:

שטאַרק דערשראָקן און באַליידיקט. וואָס, איך — אַ טיטאָאיסט?!...

פאקס:

האָט איר זיך אַריינגעטראַכט וואָס אייער ברודער, דער גענאָסע, וועט זאָגן, ווען ער וועט זיך דערוויסן צוליב וואָס איר האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם באַנקעט? און די חברים וואָס וועלן טראַכטן?...

בעלקין:

איך ווייס נישט, עפּעס אינמיטן דערינען אַ באַנקעט...

קרופּניק:

איר דאַרפט זיך פילן גליקלעך, וואָס די פּאַרטיי גיט אייך אָפּ אַזויפיל כבוד.

בעלקין:

איך וועל אייך געבן מיינע פּאָר דאָלער און מאַכט פאַר עמעצן אַנדערש אַ באַנקעט.

פאקס:

פאַרגעסט נישט, אַז קאָפּיעס פון דעם סוווענירזשורנאַל, וווּ עס וועלן זיין געדרוקט אייער ביאָגראַפיע מיט אייער בילד, וועלן פונאַנ־דערגעשיקט ווערן איבער דער גאַנצער וועלט: וואַשינגטאָן, מאָסקווע, וואַרשע, פּאַריז און אפילו אין ירושלים. און די „מאָרגן־פרייהייט“, וואָס ווערט געלייענט פון אַלע פּראָגרעסיווע יידן פון דער גאַנצער וועלט מיינט אויך עפּעס.

עס איז שטיל. חברטע קרופּניק גיסט זיך אָן אַ גלאָז לעמאָנאַד און טרינקט. פאקס זעצט זיך אַוועק און פּיפּקעט די ליולקע. בעלקין גייט הין און צוריק. עס הערשט אַ געדריקטע שטימונג. חברטע קרופּ־ניק זעצט זיך אַוועק און רייסט איבער די טרויעריקע שטימונג..

קרופּניק:

אַזאַ כבוד, אַזאַ כבוד. געוויס חברים וועלן אייך מקנא זיין. אפילו מיין חבר האָט שוין איבערגערעדט. ער זאָגט...

פאקס:

פּאַלט אַריין אין די רייד. איך וועל אייך אויסזאָגן אַ סוד: מיר האָבן שוין באַשטימט וואָס פאַר אַ מתנה מיר זאָלן אייך פּרעזענטירן צו דעם באַנקעט.

בעלקין:

מיט געבעט. **אָבער מיינע קינדער — זיי זענען פאַרביסענע קעג־נער. איך ווייס נישט...**

**פּאקס:**

**מיר ווייסן דאָס. דעריבער האָבן מיר גענומען דעם הערצל־זאַל. איך קאָן אייך פאַרזיכערן אַז עס וועט נישט פאַלן קיין שום חשד... דערצו, האָב מיר טאַקע געטראַכט, אַז עס וועט זיין בעסער, אַז אייער טאָכטער זאָל שרייבן די בריוו צו אייערע זין. דאָס וועט זיכער מאַכן די זאַך כשר.**

קרופּניק:

**אַ קאָמוניסט זאָל אַזוי מורא האָבן פאַר זיינע קינדער — הער איך צום ערשטן מאָל. אין סאָוויעטנפאַרבאַנד וואָלט שוין אַזאַ זאַך נישט פּאַסירט...**

חוה גיט אַ קום אַריין. זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן. ווי נאָר זי האָט דערזען די געסט איז זי געבליבן שטיל. בעלקין זעט איר שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט, ווענדט ער זיך צו איר מיט גוטן.

בעלקין:

**האָסט עפּעס געוואָלט?**

חוה:

**דער מאַן איז פאַרטיק מיט דער אַרבעט. מען דאַרף אים באַצאָלן.**

בעלקין:

**באַצאָלט מען אים. דאַרפסטו קומען צו מיר מיט אַזאַ קלייניקייט?**

חוה:

**ער האָט געאַרבעט זעקס שעה. ער וויל צוויי און אַ האַלבן דאָלער אַ שעה. דאָס מאַכט אויס פופצן דאָלער פאַר דער אַרבעט אַ חוץ פאַר דעם טראָק.**

בעלקין:

**וואָס!?... צוויי און אַ האַלבן דאָלער אַ שעה?! ער איז משוגע! גיב אים זעקס דאָלער און פאַרטיק.** חוה ענטפערט נישט. **ס'איז ווייניק?..** חוה ענטפערט נישט. ער ווענדט זיך צו די געסט. **איר הערט, אויסגראָבן אַ ביסל ערד, וואָס וואָלט מיר גענומען אַ שעה צייט, האָט ביי אים געדויערט זעקס. גיב אים פופצן דאָלער.** קיינער ענטפערט נישט. צו חוהן. **אָלרייט! גיב אים נאָך אַ דאָלער פאַרן טראָק...**

חוה:

איך קאָן נישט, גיי דו באַצאָל אים.

קרופּניק:

אַלע זענען אַזוי. איר האָט זיך געדאַרפט משווה זיין פריער. איר הערט: דער גערטנער וואָס אַרבעט ביי מיר — אַז איך זאָל אים נישט נאָכגיין אויף טריט און שריט...

בעלקין:

פאַלט אַריין אין די רייד. צו חוהן. וואָס שטייסטו? גיב אים נאָך אַ דאָלער. זעסט דאָך, אַז איך בין פאַרנומען.

חוה:

עס וועט נישט געמען לאַנג. די געסט וועלן וואַרטן עטלעכע מינוט.

בעלקין:

זאָל ער וואַרטן! איר זעט, חבר פאַקס...

חוה:

מיסטער פאַקס, איר זענט דאָך פאַר די אַרבעטער. זאָגט איר כאָטש...

פאַקס:

פּיפּקעט די ליולקע און קוקט דורך די שפּאַקולן. איר פאַרשטייט, מיסעס בעלקין, מיר מישן זיך נישט אין פּריוואַטע אנגעלעגנהייטן.

חוה:

איר זאָגט דאָך, אַז איר קעמפט פאַר די אַרבעטער.

פאַקס:

דאָס וואָס חבר בעלקין לאָזט זיך נישט באַרייסן, מיינט נישט, אַז ער איז אַ שלעכטער חבר אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

חוה:

סאַרקאַסטיש. אַהאַ!... איר, הייסט עס, מעגט. ווען איר אַרבעט ביי יענעם, פאָדערט איר אַז מען זאָל אייך גוט באַצאָלן. ווען אַן אַנדערער אַרבעט פאַר אייך, לערנט איר אַן אַנדערן פּסוק. ביי אייך איז שליי־שלי און שלך־שלי... מיט ביטערקייט. און אַ באַנקעט פאַר מיסטער בעלקינען? און ברענגען זיינע זין פון וואַשינגטאָן און...

קרופּניק:

צו פּאקסן. זי וויל חוהן איבערשרייען. **נאָך די ערשטע פּאָר ווערטער וואָס איך האָב אויסגערעדט מיט איר, האָב איך באַלד דער־קענט אַז זי איז אַן אמתע רעאַקציאָנערקע.** צו בעלקינען. **איך האָב נישט געוווּסט אַז אייער צווייטע פרוי איז אַ „רעד בייטערין".**

בעלקין:

**חוה, קיין מענטש לעבט נישט ווי אַ חיה, בלויז צוליבן לעבן אַליין. יעדער מענטש לעבט מיט דעם געדאַנק, אַז זיין לעבן האָט אַ זין. די באַוועגונג איז דער זין פון מיין לעבן. דאָ האָב איך מיינע חברים און פריינד. איך האָב אַלעמאָל געלעבט מיט דעם געדאַנק: אויב איך בין נישט פעיק צו זיין אַ גרויסער פירער, וועט מען כאָטש אָפּשאַצן און אָנערקענען מיין ביישטייער צו דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט. איצט איז מיין ווונטש מקוים געוואָרן. קומסט דו צוגיין...**

חוה:

מיט געבעט. **דיינע קינדער... דער יידישער נאָמען...**

פּאקס:

דערצאָרנט. **ווי שטייט דאָס, אַז אַ טאַטע מוז אַלעמאָל העלפן זיינע קינדער צו דערגרייכן אַ פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט? עס שאַדט נישט, אַז קינדער העלפן אַ פאָטער.**

חוה:

צו פּאַקסן. **איר פאַרלאַנגט אַ צו־גרויסן קרבן.** צו בעלקינען. **פאַר מיר אַרט מיך נישט. אָבער דיינע קינדער... דיינע אייניקלעך...**

**פּאקס:**

גיט אַ כאַפּ דעם קאָנווערט אונטערן אָרעם. **חברטע קרופּניק, מיר גייען!...**

בעלקין:

מיט געבעט צו פּאקסן. **איך בעט אייך, וואַרט צו אַ ווײַלע. איך וועל אַרויסגיין באַגלייטן דעם מאַן. איך וועל באַלד זיין צוריק.** גיט אַ לויף אַרויס.

חוה:

אומרויִק און דערשראָקן. דאָך רעדט זי מיט כעס. **מיסטער פּאקס, איר וועט נישט אָוועקגיין ביז מירן מאַכן אַ סוף צו דעם גאַנצן שפּיל.**

מײַן מאַן איז געװוּג געלעגן אין אײער שפּינוועב. אַזוי לאַנג ווי איך וועל זײַן זײַן פרוי, וועט ער האָבן אַן אייגענעם געדאַנק.

פּאקס:

גייט צו נענטער צו חוהן. אַ שיינע קאַשע האָט איר פאַרקאָכט. מיך וווּנדערט שטאַרק אויף אײַך. אַן אינטעליגענטע פרוי, און דאָך אַ נאַרישע דיפּלאָמאַטקע.

חוה:

קעגן וואָס מיינט איר דאָס?

פּאקס:

איך קען דאָך אײַך נישט פון היינט. איר זענט דאָך געווען אין דעם זעלבן שטרייק־קאָמיטעט מיט מײַן פרוי.

חוה:

נו, איז וואָס?

פּאקס:

אײַער מאַן, איך מיין חבר בעלקין, ווייסט כאָטש, אַז יעדן טאָג, פּונקט צוועלף אַ זייגער פלעגט קומען אַ מאַן, אײַך נעמען אין דער כינעזישער רעסטאָראַציע? פאַרנאַכט פלעגט ער וואַרטן אין זײַן אויטאָמאָביל אויף אײַך. אגב, דאָס איז געווען די צייט, ווען איר האָט שוין געזאָלט חתונה האָבן מיט חבר בעלקינען.

חוה:

שמייכלט סאַרקאַסטיש. וואָס האָט צו טאָן אַ פּאַטש מיט אַ גוט שבת?

פּאקס:

גאָרנישט. איך זאָג נאָר, עס וואָלט געווען געזינטער פאַר אײַך, אַז חבר בעלקין זאָל נישט וויסן וועגן דעם.

חוה:

לאַכט. איר ווילט מיך אָנשרעקן?

פּאקס:

חלילה. ווער וויל אײַך אָנשרעקן. מיר שרעקן קיינעם נישט.

חוה:

אויב נישט אָנשרעקן, איז „בלעקמיילן״ (אויסטראַכטן אַ בלבול)...

פאקם:

עס וואָלט דאָך געווען געזינטער, אַז ער זאָל נישט וויסן וועגן דעם.

חוה:

אהא... אַזוי... איר ווילט פאַרכאַפּן אַלע פּאָזיציעס און באַהערשן אַלע הערצער. אייך וועט קיין זאַך נישט אָפּשטעלן, אַלע מיטלען זענען ביי אייך כשר...

פאקם:

איר זאָלט אָבער נישט זאָגן, אַז איך האָב אייך נישט געוואָרנט ווי אַן ערלעכער איבערגעבענער פריינד.

חוה:

בלויז אין דעם גייט אייך: איר זענט מיר אַן איבערגעבענער פריינד.

פאקם:

פּילט זיך זיכער. אויב איך האָב אייך גרינטלעך פאַרשטאַנען, מיינט איר צו זאָגן, אַז אַזוי לאַנג ווי איר וועט זיין פאַרבונדן מיט בעלקינען אַלס מאַן און ווייב, ווילט איר, אַז קיינער זאָל נישט הערשן איבער אים. בלויז איר אַליין. איז דאָס קלאָר? גייט איבערן צימער און שפּילט זיך מיט דער ליולקע.

חוה:

דאָס איז קלאָר. און איך האָב נישט קיין מורא פאַר אייך!

קרופניק:

וואָס האָט איר זיך אַזוי צערעדט? קומט אַרויס מיטן אמת: איר האָט חתונה געהאַט מיט חבר בעלקין ווייל איר האָט געזוכט אַ „מיעל־טיקעט" (חיונה). מאַכט זיך נישט פאַר קיין פרומע! האָסטו געזען!...

פאקם:

צו קרופּניק. הערט אויף! צו חוהן. עס קאָן זיין שלום צווישן אונדז און יידע זאָלן מיר געניסן פון אים... חוה ענטפערט נישט.

קרופניק:

זעצט פאָר מיט איר מענה לשון. איך האָב ליב צו זאָגן דעם אמת: קיין אידעאַל איז ביי אייך נישטאָ. איר קאָנט נישט פאַרטראָגן, אַז מען זאָגט אייך דעם אמת!

פאקס:

די אַלע רייד וועלן אונדז אין ערגעץ נישט פירן. צו חוהן מיט אַ רויקן טאָן. דעם אמת געזאָגט האָט די פּראָגרעסיווע באַוועגונג אַ גרעסערן „מאָרגידטש" (היפּאָטעק) אויף חבר בעלקינען ווי איר. מיט דער באַוועגונג איז ער לענגער פאַרבונדן, ווי מיט אייך. מיט אונדז איז דער בונד אי פיזיש און אי גייסטיק. בעת מיט אייך איז דער בונד בלויז ער זוכט אַ וואָרט. ווי זאָל איך זאָגן...

קרופּניק:

העלפט אים צו קריגן דאָס פּאַסיקע וואָרט. בלויז אין בעט!...

חוה:

אויפגעקאָכט. ווי שעמט איר זיך נישט אַזוי צו רעדן?! אַ פרוי אין אייערע יאָרן וואָס האָט אַ טאָכטער חתונה צו מאַכן!.. איר... קערט זיך אָפּ מיט ביטערקייט.

קרופּניק:

ווי צו זיך אַליין. ווען די רעוואָלוציע וועט קומען, וועט זי שוין נישט...

פּאקס:

מען וועט נישט וואַרטן ביז די רעוואָלוציע וועט קומען. צו חוהן. טראַכט זיך אַריין אין דעם וואָס איך האָב אייך פריער פאָרגעשלאָגן. איר ווייסט, אַז מיר גיבן נישט אויף קיין קאַמף.

חוה:

פאַלט אַריין אין די רייד. און איך גיב זיך אַזוי לייכט נישט אונטער!

פּאקס:

מיסעס בעלקין, איר זענט אַ קלוגע און אינטעליגענטע פרוי. פאַרוואָס ווילט איר נישט זען, אַז איך בין אייער פריינד? איך וויל נישט צעשטערן אייער גליק. גלייבט מיר, אַז איך וויל דאָס נישט טאָן. איך וויל עס זאָל זיין שלום צווישן אונדז. נאָר איר טרייבט מיך דערצו...

חוה:

גיט זיך אַ דריי־אויס צו אים מיט כעס. עס איז אין מיינע אינ־טערעסן און אין אַלעמענס טובה וועגן, אַז איך זאָל אייך אַרויסטרייבן

**פון מיין שטוב. איך וועל דאָס נישט טאָן. איך וויל, אַז מיין מאַן זאָל זאָל דאָס טאָן!** אין דעם מאָמענט איז בעלקין אַריינגעקומען. ער זעט ווי חוה רעדט מיט כעס, קיינער באַמערקט נישט ווי ער שטייט אויף די טרעפּ. **מיסטער בעלקין איז מיין מאַן! איך וויל אים האָבן פאַר מיין מאַן!** איך וועל אים האַלטן אַזוי לאַנג, ווי די **כוחות וועלן מיר סטייען!**

פאָרהאַנג פאַלט.

**סוף פון צווייטן אַקט.**

# דריטער אַקט

צומאָרגנס פּאַרנאַכט, אין זעלבן צימער. קיין זאַך האָט זיך נישט געביטן אויסער דאָס, וואָס די פּאָרטיערן זענען פּאַרצויגן איבערן גרויסן פענצטער.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זיצט פּרענצעס אויף דער קאַנאַפּע, מיט די פיס הינטער זיך, ווי אַ צוזאַמענגעדרייט קעצל. זי לייענט דאָס בוך וואָס אייבראַמס האָט איר אַנטליען. זי איז שטאַרק פאַרטיפט. פון צייט צו צייט גיט זי זיך אַ דריי פון אויפרעגונג. מסתמא פון אַ וויכטיקן ציטאַט אָדער בילד אין דעם בוך. איבער איר קאָפּ ברענט דער לאָמפּ וואָס שטייט אויף דעם טישעלע נעבן דער קאַנאַפּע. באַלד קומט אַריין חוה. זי איז שיין אָנגעטאָן און פאַרקעמט. אויף איר טאַליע איז אַרומגעבונדן אַ קליין, שיין פאַרטעכל. אַריינקומענדיק, גייט זי צו אַלע לאָמפּן און צינדט זיי אָן.

חוה:

אַליין, אין דער פינצטער?

פרענצעס:

אַריינקוקנדיק אין דעם בוך. זייער אינטערעסאַנט, זייער גוט אָנגעשריבן.

חוה:

אָבער, אין דער פינצטער?

פרענצעס:

זעצט זיך גלייך. הערסט חוה, יעדער ערלעכער קאָמוניסט דאַרף לייענען דאָס בוך. אַ וועלט מיט ציטאַטן, בילדער און איבערלעבונגען. אַן אינזשעניר וואָס האָט געלעבט אין רוסלאַנד פון ניינצן ניין און צוואַנציק. אוי, וואָס ער האָט אַלץ מיטגעמאַכט...

חוה:

ווו איז דער טאַטע?

פרענצעס:

איך ווייס נישט לייגט אַוועק דאָס בוך. שטעלט זיך אויף און לענגערט זיך. פון צופיל זיצן אויף איין פּלאַץ זענען אירע אבריים געוואָרן פאַרשטייפט.

חוה:

וואָס הייסט, דו ווייסט נישט? מיר האָבן דאָך איינגעלאַדן געסט אויף וועטשערע. מיין ברודער מיט מיין שוועגערין וועלן דאָ באַלד זיין און ער איז אפילו אין הויז נישטאָ, דו ביסט נאָך אפילו נישט אָנגעטאָן.

פרענצעס:

ווען דו ביסט אַוועק אין דעם „ביודי פּארלאָר" זענען דאָ אַריינגעקומען דריי מענער מיט אַ פרוי און איינגעטענהט מיטן טאַטן וועגן באַנקעט.

חוה:

דערשראָקן. האָסט זיי געזען?

פרענצעס:

לאַכט. נישט נאָר געזען, נאָר געהערט אויך. איינער, אַ וויליאמס, ער איז אוודאי דער וויכטיקסטער. אַלע האָבן זיך גוט צוגעהערט צו אים; אַ מיסטער שוחט, אַ מיסטער פאַקס און אַ מיסעס קרופּניק. זעצט זיך און ציט אויס די פיס.

חוה:

זעצט זיך נעבן פרענצעסן. האָסט געהערט וואָס זיי האָבן גערעדט?

פרענצעס:

לאַכט. דער מיסטער פאַקס האָט פאַר מיר אַ שידוך. אַ פּראָפעסאָר פון ביאָלאָגיע. ער מאַכט פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלער אַ יאָר.

חוה:

מיט ביטערקייט. זיי שטעלן זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום זאַך. און דו?

פרענצעס:

לאַכט נאָך אַלץ. איך האָב געהערט קלינגען דאָס גלעקל פון דער

טיר, בין איך געלאָפן עפּעס, אָבער דער טאַטע האָט שוין געהאַט אַריינגעלאָזן די געסט. איך בין געוואָרן נייגעריק, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף די טרעפּ און איינגעהערט וואָס זיי רעדן. שפּעטער האָבן זיי מיך אַרונטערגערופן.

חוה:

אומגעדולדיק וואָס איז געוואָרן ?!

פרענצעס:

ערנסט. ווייסט, עס איז גוט וואָס איך בין דאָרט געווען. ווען זיי זענען אַוועק, האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו רעדן מיטן טאַטן וועגן דער גאַנצער זאַך.

חוה:

מיט חשד. האָסט מיר נאָך גאָרנישט דערציילט וואָס עס איז געוואָרן.

פרענצעס:

בייגט זיך צו צו חוהן און רעדט ערנסט. איך האָב מיך גוט אַריינגעטראַכט אין מיין פאָטערס לאַגע. דאַרפסט פאַרשטיין, הוה, די באַוועגונג איז געווען אַ גרויסע זאַך אין מיין פאָטערס לעבן. ער איז געלאָפן אויף דעמאָנסטראַציעס און פאַרזאַמלונגען. ווען ער זאָל אויפגעבן זיין גלויבן, איז זיין גאַנץ לעבן געענדיקט. אמת, דאָס אַלץ אין וואָס ער האָט געגלייבט, איז צערינען געוואָרן, ווי דער שניי אין פרילינג. אָבער, ווי יעדער מענטש, וויל דער פּאַ נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז ער האָט אַלע זיינע יאָרן געדינט אַ פאַלשן גאָט. קיין שום מענטש וויל נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז ער איז דער אָפּגענאַרטער. אַזאַ זאַך טוט ווי... אַמאָל, ווען מיין פאָטער איז געווען יונג, איז די רעאַליטעט געווען פאַרשלייערט אין אַ שיינער פאַנטאַזיע. אין אַ חלום. איצט, אַז די רעאַליטעט איז געוואָרן אויס חלום, זענען פאַרשווונדן אַלע אילוזיעס.

חוה:

דערשראָקן. הייסט עס, אַז עס וועט זיין אַ באַנקעט ?

פרענצעס:

איך האָב דאָס נישט געזאָגט. איך זאָג נאָר, אַז מענטשן קאָנען נישט בייטן אַ גלויבן, ווי מען בייט אַ פּאָר שיך. מעג אפילו דער

גלויבן שטאַרק קוועטשן אויפן האַרצן און אין מוח. דערצו האָבן ווייניק מענטשן דעם מוט עפנטלעך צוצוגעבן, אַז זיי זענען געווען פאַרפירטע. דעם טאַטן איז שווער אַרויסצוגיין פון זיין סביבה, וועלך אָדער שעפּסן — ער וויל אָבער נישט זיין אָפּגעזונדערט פון דער סטאַדע. אַזויפיל יאָרן געגלייבט און געווען פאַרבונדן מיט אַ באַוועגונג און מיט איינמאָל ווערן צו לייטנס געלעכטער — איז נישט אַזוי לייכט צו באַשטימען. יאָ, עס איז גרינגער יענעם צו געבן אַן עצה אָדער פאָדערן פון יענעם אַזאַ טאַט, ווי אַליין אַדורכפירן כאַראַקירי.

חוה:

זיצט פאַרטראַכט, זיפצט. דיין טאַטע האָט פיל געליטן פון די אַלע רייד...

פרענצעם:

גייט איבערן צימער און פילאָזאָפירט. ליידן?... אַלע מענטשן ליידן. צו חוהן. עס איז פונקט ווי אַ פרוי וואָלט געוואָלט זיין אַ מאַן, אַ יונג מיידל — זיין עלטער, אַן אַלטער מאַן — צוריק יונג — דאָס זענען אַלץ פּסיכאָלאָגישע ליידן. אָט, האָבן די חברים נישט דערוואַרט, אַז זיי וועלן צעשטערן דיין גליק. דער טאַטע האָט זיכער נישט געגלייבט, אַז די באַוועגונג וועט זיך דערמאָנען אָן אים און פּראָווען אַ באַנקעט פאַר אים. ער האָט אויך נישט געהאַט דעם פאַרגעפיל, אַז די פרוי וועמען ער האָט ליב, וועט צעשטערן זיין פרייד. די אַלע פּאַסירונגען רופן אַרויס פּסיכישע יסורים. איר אַלע שטייט פאַר אַ דילעמאַ. דער פּאַפּאַ האַלט דאָס צינגל פון דער וואָג. ער דאַרף באַשטימען, צי די באַוועגונג וועמען ער האָט געטריי געדינט אַזויפיל יאָרן איז וויכטיקער פון זיינע קינדער און זיין פרוי.

חוה:

מיט געבעט. ער איז דאָך אַ ייד. און דאָס לאַנד וואָס שפּייזט אים, איז דאָך אויך עפּעס.

פרענצעם:

דאַרפסט אָבער פאַרשטיין, אַז ער לעבט אין אַ נישט־רעאַלער וועלט. צונעמען מיט איינמאָל אַלע זיינע אילוזיעס און וויזן אים, אַז ער שפּילט זיך מיט פייער, איז ווי אַ לערער אָדער אַ מוטער זאָל צונעמען אַלע שפּילצייג פון איר קינד און דערצו באַשטראָפן אים. אַזאַ האַנדלונג וועט האָבן אַ פאַרקערטע ווירקונג.

חוה:

דיין פאָטער איז אָבער מער נישט קיין קינד.

פרענצעס:

עס איז נישט אַזוי די מיטינגען מיט די מאַרשן, נאָר דאָס, וואָס ער איז געווען אַ טייל פון אַ גרויסער מאַסע. אַ מענטשן־כוואַליע, וואָס איז אַריבער די עקזיסטירנדיקע ברעגעס און געשווומען צו אַ צוגעזאָגטן פרייען און שענערן מאָרגן. מענטשן האָבן זיך געפילט דערהויבן וואָס זיי זענען אַ מוראַשקע, אַ טייל פון אַזאַ גרויסן געבוי. זייער לעבן איז נישט געווען זיס, אָבער ראָמאַנטיש־אינטערעסאַנט. דאָרט זענען געווען ווייסע און שוואַרצע, געלע און רויטע. שבטים און פעלקער האָבן געהויבן די פאָן פון אַ ליכטיקן מאָרגן. דאָס איז געווען אַ גרויסער גאָט. גרעסער פון דעם, וואָס איז געשטאַנען אויפן באַרג סיני! משה רבינו איז בלויז געקומען באַפרייען די יידן און דיין מאַנס באַוועגונג האָט פאַרזיכערט די פרייהייט צו אַלע אונטער־דריקטע.

חוה:

אינמיטן פון דעם געדראַנג האָבן די פירערס פאַרראַטן.

פרענצעס:

דאָס וואָלט נאָך נישט געווען דאָס ערנסטע. דאָס טראַגישע איז, וואָס די אויסגעפּוצטע דאַמע, וועמענס שלייערן האָבן אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען פון אַן אייביקן שלום, איז ציניש פאַרפייניקט געוואָרן אַן אַ משפט. די גלויביקע מאַסע איז פאַרסמט און הילפלאָז פאַרטעמפּט. דעמאָנסטרירט דאָס בוך אויף דער קאַנאַפּע. מעגסט לייענען דאָס בוך. איך וועל עס רעקאָמענדירן מיינע ברידער. איך וויל אויך, אַז דער טאַטע זאָל עס לייענען. לייגט דאָס בוך אַוועק איבערן קאַמין. דער־נענטערט זיך צו חוהן וואָס זיצט זייער שטיל, ווילסט באמת, אַז דער פּאַ זאָל זיין גליקלעך?

חוה:

קוקט אויף איר דערשראָקן, די פראַגע קלינגט מאָדנע. איך פאַר־שטיי נישט דיין פראַגע?

פרענצעס:

עס זענען פאַראַן מענטשן וואָס ווייסן נישט, ווי אַזוי אַרויסצו־קריכן פון אַן ענגן ווינקל. מען דאַרף זיי פירן.

חוה:

אַלזאָ?...

פרענצעס:

מענער זענען ווי קליינע קינדער, וואָס לויפן אַריבער די גאַס נישט טראַכנדיק, אַז עס קאָן אַנלויפן אַן אויטאָמאָביל און וועט זיי צעמזיקן. מענער דאַרף מען אָננעמען פאַר דער האַנט און פירן, ווי אַ מאַמע פירט איר קינד אין שול אַריין און אין דער זעלבער צייט מאַכן זיי צו גלויבן, אַז זיי טוען דאָס אַלץ מיט דעם אייגענעם ווילן.

חוה:

פאַרוואָס מיינסטו, אַז איך קאָן פירן דיין פאָטער ווי מען פירט אַ קליין קינד?

פרענצעס:

זעצט זיך נעבן איר. איך ווייס איין זאַך: דער טאַטע איז פאַר־ליבט אין דיר. אפשר ביסטו געראָטן אין זיין מוטער, אין זיינער אַן עלטערער שוועסטער, אין זיין ערשטער געליבטע. אפשר האָסטו גאָר די קוואַליטעטן וועגן וועלכע ער האָט פאַנטאַזירט, אַז זיין פרוי זאָל באַזיצן. ווער קאָן וויסן פאַרוואָס אַ מאַן פאַרליבט זיך אין דער פרוי און נישט אין אַ צווייטער?

חוה:

און דיין גאָטזעליקע מוטער?

פרענצעס:

וועגן דעם האָט ער קיינמאָל נישט גערעדט. זיי האָבן זיך באַגעגנט אין דער באַוועגונג און חתונה געהאַט, געהאַט קינדער און אויסגע־לעבט זיך ווי מאַן און ווייב. ווי איך דערמאָן זיך, האָט די מאַמע מיינע שטאַרק ליב געהאַט דעם טאַטן. מעגלעך, אַז ער איז געווען איר אידעאַל. דער פאָ האָט באַהאַנדלט מיין מאַמע, ווי זיין פרוי, ווי די מוטער פון זיינע קינדער. ווי עס זעט אויס, איז ער אמת פאַרליבט קיינמאָל נישט געווען. אַזעלכע זאַכן זענען נישט קיין נייעס אין לעבן...

חוה:

אויב אַלץ איז אמת וואָס דו זאָגסט, האָט דיין פאָטער געקאָנט אַרויסווייזן אויף אַ בעסערן אופן זיין איבערגעבנקייט און אויך... פאַרשעמט זיך.

פרענצעם:

**ער איז אַ צוריקגעהאַלטענער.** מיט אַ זיסן שמייכל ווען זי דערזעט ווי חוה זיצט מיט אַ פאַרשעמט פּנים. **ווייסט דאָך, ליבע האַלט זיך אויף דעם פאַרבאָרגענעם, אויף דעם נישט דערזאָגטן...**

חוה:

**וואָס** שלאָגסטו פאָר זאָל איך טאָן?

פרענצעם:

קוקט איר גלייך אין פּנים אַריין. **ווען די חברים זענען אַוועקגעגאַנגען האָב איך געהאַט אַ לאַנגן געשפּרעך מיט מיין פאָטער. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל ווי ער האָט געעפנט זיין האַרץ פאַר מיר. איך האָב געפילט, אַז ער מיינט יעדעס וואָרט וואָס ער זאָגט.**

חוה:

**נו...**

פרענצעם:

**איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר צוזאָגן, אַז דו וועסט אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזן. זאָלסט זיך נישט לאָזן טעראָריזירן פון די חברים. זיי וועלן אָנווענדן אַלע מיטלען כדי פּטור צו ווערן פון דיר. לאָז זיך נישט. דער פאָ וויל דיך האָבן.**

חוה:

**איך וועל מיך נישט אַרויפצווינגען אויף קיינעם. אויב דיין פאָ וויל מיך, דאַרף ער דאָס אַרויסווייזן.**

פרענצעם:

**אַז דו ביסט ערלעך — האָסטו נישט פאַרוואָס צו שרעקן זיך. דערצו דאַרפסטו וויסן, אַז מיינע ברידער האָבן זייערע אייגענע פאַמיליעס. עס וועט נישט נעמען לאַנג און אויך איך וועל חתונה האָבן. מיין פאָטער איז אַ גוטער מענטש. ער דאַרף האָבן אַ פריינד, אַ פרוי וואָס זאָל אויפפּאַסן אויף אים.**

חוה:

**מיין נישט, אַז דאָס איז גרינג. ער האָט אויך וואָס צו זאָגן. און די חברים...** בייז.

פרענצעם:

**איך ווייס, איך ווייס. דעריבער ראָט איך דיר, אַז דו זאָלסט דעם**

קאַמף נישט אויפגעבן. איך בין מיט דיר, ווייל איך האָב ליב מיין פּאַטער איך וויל נישט, ער זאָל זיין איינזאַם, אָדער אויף די עלטערע יאָרן זיין אַנגעוואָרפן אויף זיינע קינדער. דו ביסט די פּאַסיקע פרוי. איך גלייב, אַז דער טאַטע קומט צום שכל. מיט אַ שמייכל. ווייסט דאָך: יעדער מענטש ווערט עלטער, אָבער זייער ווייניק ווערן גלייך שכלדיק רייף.

חוה:

ווישט די אויגן. אַז דו ביסט אַזוי אָפנהאַרציק, וועל איך אויך עפענען מיין האַרץ. איך וועל דיר זאָגן דעם ריינעם אמת, פרענצעס: מיינע אימפּולסן טרייבן מיך, אַז איך זאָל אָנפירן אַ קאַמף. אָבער, מיין זעלבסטווירדע און מיינע געפילן דיקטירן מיר, אַז איך זאָל זיך אָפּוואַשן די הענט פון דער גאַנצער זאַך. מיט די קאָמוניסטן איז זייער שווער צו קעמפן. זיי שטעלן זיך נישט אָפּ פאַר קיין זאַך. זי איז שטיל אַ ווײַלע. זי הייבט אויף דעם קאָפּ צו פרענצעסן און קוקט איר גלייך אין פּנים אַריין. דו ווייסט וואָס זיי האָבן אויסגעטראַכט אויף מיר?...

פרענצעס:

גיט זיך אַ שטעל אויף און צעלאַכט זיך. איך ווייס, איך ווייס, זיי האָבן גערעדט צו דעם טאַטן וועגן דעם און אויך צו מיר, אַז דער טאַטע זאָל הערן.

חוה:

דערשראָקן. אַזוי, ווייסט דו שוין אויך וועגן דעם?!...

פרענצעס:

שמייכלט. איך ווייס אַלצדינג. און דאָך וויל איך, אַז דו זאָלסט בלייבן מיט מיין פּאַטער. זי נעמט אַדורך חוהן מיט די אויגן. איך בין צופרידן וואָס זיי האָבן גערעדט מיט מיר וועגן דעם.

חוה:

גיט זיך אַ שטעל אויף. צופרידן?!... דיין טאַטע איז אוודאי אויך צופרידן פון דעם בלבול...

פרענצעס:

נעמט זי אַרום יאָ, איך בין צופרידן. זייער פּלאַן איז געווען דיך צו פּאַרמיאוסן אין דעם טאַטנס און אין מיינע אויגן. די ווירקונג איז אָבער געווען אַ פּאַרקערטע: זיי האָבן זיך פּאַרמיאוסט און מיר האָט דאָס געגעבן אַ געלעגנהייט צו רעדן מיטן טאַטן אָפנהאַרציק.

גייט איבערן צימער מיט פרייד. **איך גלייב, אַז מיינע ווערטער האָבן געהאַט אַ ווירקונג. מיר דאַכט זיך, אַז מיין פאָטער איז געוואָרן מיט צען יאָר קליגער.** נעמט זי אַרום און קושט זי. **איך האָב דיך ליב, חוה...** אין דער צייט וואָס די פרויען האַלטן זיך אַרומגענומען און קושן זיך איז אָנגעקומען בעלקין. זיי זעען אים נישט. ער ווידער, דערזעענדיק די דאָזיקע סצענע, איז געבליבן שטיין אויפן שוועל מיט אַ צופרידע־נעם שמייכל. באַלד קומט ער אַרונטער אין דעם זאַל מיט אַן אויסרוף:

בעלקין:

נו, **און דעם טאַטן? איך בין אויך אַ יתום.**

פרענצעס:

נעמט אים אַרום און קושט אים. **איך האָב דיך ליב, פאַ...**

בעלקין:

דרייט זיך אויס צו חוהן, וואָס שטייט אַ פאַרשעמטע און ווישט די אויגן. ער גיט איר אַ קוש אין באַק. **און דו וואָס זאָגסט? דו זאָגסט גאָרנישט?**

חוה:

גיט אים אַ לייכטן שטופ אָפּ פון זיך. **גיי שוין, גיי. איך קענגוואַרט פון דיין טאָכטער.**

בעלקין:

גיט איר נאָך אַ קוש. **וואָס איז, האָסט דאָך געזען וואָס מיין טאָכטער האָט געטאָן?...**

חוה:

וויל בייטן די טעמע. **ווו ביסטו געווען ביז איצט? איך האָב שוין נישט געוווסט וואָס איבערצוקלערן.**

בעלקין:

שמייכלט נאָך אַלץ. **איך האָב געדאַרפט זיין ביי מיין אַדוואָקאַט. מיר האָבן געדאַרפט אַדורכקוקן געוויסע פּאַפּירן, בין איך מיד אַ ביסל פאַרזעסן.**

חוה:

**און מיר האָבן געמיינט, אַז דו ביסט מיט דיינע חברים. אַז האָסט פאַרגעסן, אַז דו אַליין האָסט איינגעלאַדן געסט אויף וועטשערע.**

בעלקין:

**איך האָב גאָרנישט פאַרגעסן. קיין זאַך נישט פאַרגעסן.** דירעקט צו חוהן. **דו מיינסט, אַז שטענדיק בין איך מיט די חברים? איך האָב נאָך זאַכן אויף מיין קאָפּ. איך בין אַ פאַמיליע־מאַן, איך האָב אַ פרוי, מיינע קינדער האָבן אַ מאַמען...**

חוה:

ווישט די אויגן פון פרייד. **הלוואי וואָלט דאָס אמת געווען.**

בעלקין:

נעמט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ קאָנווערט און רעדט צו חוהן. **איך האָב דאָס געוואָלט טאָן ביים טיש, ביים עסן. נאָר איך קאָן מיך נישט איינהאַלטן.** זעסט, ער דעמאָנסטרירט דעם קאָנווערט און מאַכט מיט די הענט, ווייזנדיק אויף דעם גאַנצן אינווענטאַר פון הויז. **אין דעם קאָנווערט געפינט זיך דאָס הויז מיט אַלע זאַכן און אויך דער דערבייאיקער „לאָט" (שטיק לאַנד). דאָס אַלץ איז דיינס. דאָס איז אַ פאַרגיטיקונג פאַר דעם, וואָס מיינע חברים האָבן געצאַפּט דיין בלוט און דיך געוואָלט פאַרמיאוסן אין מיינע אויגן. אויך דערפאַר וואָס די ביסט אַ געטריייע מוטער צו מיינע קינדער.** ער דערלאַנגט איר דעם קאָנווערט און קוקט אויף איר מיט פרייד.

חוה:

אין אַ פאַרלעגנהייט. **דאָס אַלץ פאַר מיר? ביסט משוגע...** קוקט אויף פרענצעסן, וואָס שטייט נעבן דעם פייער־קאַמין און שמייכלט. אויך בעלקין שמייכלט פון פרייד. זי ווענדט זיך צו איר מאַן. **פרענצעס ווייסט וועגן דעם?...**

בעלקין:

**זי ווייסט! זי ווייסט! ביי מיר איז נישטאָ קיין סודות פאַר מיינע קינדער...**

פרענצעס גיט אַ לויף צו חוהן און נעמט זי אַרום, ביידע פרויען קושן זיך. בעלקין שטייט, ווישט אַן אויג און שעפּט נחת. עס איז שטיל אַ וויילע. חוה גייט צו בעלקינען. נעמט אים אַרום און גיט אים אַ שטאַרקן קוש. זי האַלט אים אַרומגענומען אַ וויילע. באַלד באַפרייט זי זיך פון אים און דערלאַנגט אים די פּאַפּירן.

חוה:

**נאַ. לייג דאָס אַוועק צווישן דיינע פּאַפּירן. איך האָב דאָס נישט**

חוו צו האַלטן. זי גייט אָפּ און רעדט ווי צו זיך אַליין. די בעסטע מתנה וואָלט געווען, ווען דו באַפרייסט אונדז אַלעמען פון דעם באַנקעט.

פרענצעס:

טאַקע, פּאַ, איצט וואָלט געווען די בעסטע צייט. וואַרף אַראָפּ די מאַסקע און ווער אַ פרייער מענטש מיט אַ רויק געוויסן.

בעלקין:

דו מיינסט, אַז דיין טאַטע איז אַ היפּאָקריט און טראָגט אַ מאַסקע? דו מיינסט, אַז איך האָב נישט געגלייבט אין דעם אַלעמען אָדער איך בין געווען טויב, בלינד און שטום אַלע מיינע יאָרן?

פרענצעס:

איך קאָן אַנדערש נישט פאַרשטיין דיין האַנדלונג.

בעלקין:

מיין קלוגע טאָכטער קאָן אפשר באַווייזן, מיט וואָס איז איר פאָטער געווען אַ היפּאָקריט? האַאַאַ... עס איז שטיל. פאַרוואָס קאָנט איר נישט פאַרשטיין מיין לאַגע?... קוקט אויף חוהן. דו גלייבסט מיר אויך נישט?

חוה:

ווי קאָן מען דיר גלייבן — אַז זיי פירן דיך ביי דער נאָז, ווי אַ לעמעשקע. מען זאָגט אַז דער שכל וואַקסט מיט די יאָרן. איך זע נישט. זאָגסט דאָך, אַז דו ביסט אַ רעוואָלוציאָנער, אַ קעמפער. וואָס האָסטו מורא?

בעלקין:

זעצט זיך אַוועק פאַרטראַכט. ביידע פרויען קוקן אויף אים. עס איז שטיל. מיטאַמאָל. דערוויילל האָב איך נאָך גאָרנישט געטאָן עס זאָל שאַדן מיינע קינדער.

פרענצעס:

זעצט זיך אין דער צווייטער זייט פון פאָטער. ער זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. וואָס קאָנען זיי דיר טאָן, ווען דו זאָלסט זאָגן, אַז דו ווילסט נישט קיין באַנקעט?

בעלקין:

זיפצט. רעדט צוביידן מיט געבעט. אויב איר מיינט, אַז בלויז

אין סאָוויעטנפאַרבאַנד קאָנען זיי דיך צושטעלן צום ווענטל און אין אַמעריקע קאָנען זיי דיר גאָרנישט טאָן — מאַכט איר אַ גרויסן טעות. אויך דאָ קוקן אויף דיר טויזנט אויגן. ער איז שטיל. זיפצט. די ערגסטע צייט ווען איך שרעק זיך, איז ביינאַכט, איידער איך ווער אַנטשלאָפן. טיילמאָל שרעק איך זיך פאַר דעם טיק־טאַק פון מיין אייגענעם פולס, וואָס קלינגט אָפּ, ווי פון אַ וויטן מהלך. איך פרוביר מיר אַליין מאַכן הארץ. טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, אָדער דער־קלערן זיך אַליין, אַז אַלץ איז נאַרישקייט. אָבער די סיטואַציעס, די געשטאַלטן און די שרעק קומען כסדר צוריק אויף די געדאַנקען.

חוה:

וואָס האָסטו מורא? דאָ איז דאָך נישט מאָסקווע.

בעלקין:

גייט זיך אַ שטעל אויף. ניין, זאָגסטו? ווייסטו נישט וואָס עס טוט זיך. איר זענט אַלע זייער נאַאיוו. אַמאָל איז דערשיסן שוין בעסער: אויס, אַ סוף. מען זעט נישט מער און מען הערט נישט. דאָ וועסטו זיך אַרומדרייען ווי אַ לעבעדיקער מת. קיינער וועט נישט רעדן צו דיר. ביסט אין חרם. מען וועט דיך באַרעדן, באַשמוצן און אויסטראַכטן אויף דיר פאַרשידענע באָבע־מעשיות. מען וועט דיך רופן פחדן, פאַר־רעטער, קאָסמאָפּאָליט, בראָדיאַגע, פאַרברענטער ציוניסט, רענעגאַט, פאַרקויפטע נשמה און וואָס אין דער קאָרט איז. איר ווייסט וואָס עס מיינט אין מיינע יאָרן אָנהייבן זוכן נייע פריינד, נייע קאַנטשאַפט?... עס איז שטיל אַ ווייל. מיטאַמאָל צו פרענצעסן. קלוגע טאָכטער מיינע, זאָג מיר אָפן, דענקסטו נישט, אַז עס איז שוין אַ ביסעלע צו שפעט פאַר אַ ייד אין מיינע יאָרן צו בייטן דעם גאַנצן סדר?... קיינער ענטפערט נישט. אָ... איר וועט קיינמאָל נישט פאַרשטיין... ער גייט איבערן צימער אַן אומרויקער. אייך איז לייכט צו רעדן, איר זענט קיינמאָל נישט געווען פאַרבונדן מיט זיי...

פרענצעס:

איך גלייב נישט, אַז דו ביסט אַזוי אַלט, אַז דו זאָלסט זיך נישט קאָנען צופאַסן צו נייע פריינד און נישט קאָנען געפינען אַ נייעם אינטערעס אין לעבן.

בעלקין:

וווּנדער שבוווּנדער! איר מיינט, אַז איך וויל נישט? אוי, וויל

איך! טיף אין האַרצן ווילן אַלע, עס גריזשעט אַלעמען אין האַרצן, קיינער זעט נישט קיין אויסוועג...

בעלקין וויל נאָך עפּעס זאָגן, נאָר אין דעם מאָמענט הערט זיך קלינגען דאָס גלעקל פון דער טיר. חוה לויפט עפענען. פּרענצעס בלייבט זיצן אויף איר פּלאַץ. בעלקין בלייבט שטיין, קוקנדיק צו דער טיר. באַלד קומען אַריין חוה, פּאקס און קרופּניק. זיי קומען אַרונטער ווי זיי וואָלטן געקומען צו זיך אין הויז אַריין. קרופּניק פאַרנעמט גלייך די באַקוועמסטע שטול, אַז מען זאָל איר גוט אַרויסזען. פּאקס נעמט אַרויס די ליולקע פון מויל און ווענדט זיך גלייך צו בעלקינען און צו פּרענצעסן. חוהן איגנאָרירן זיי.

פּאקס:

אַ גוטן אָוונט. גוד איווענינג, מיס בעלקין.

פּרענצעס:

גלייכגילטיק. גוד איווענינג.

בעלקין:

האָט נישט דערוואַרט די געסט. ער איז פאַרוווּנדערט. איר האָט ווידער עפּעס פאַרגעסן? איך האָב אייך נישט דערוואַרט.

פּאקס:

גוט אויפגעלייגט. עס מאַכט נישט אויס. אייגנטלעך בין איך געקו־מען זען מיס בעלקין. נאָר, אַז מיר זענען שוין דאָ, וויל איך אייך באַריכטן: ווען מיר האָבן פאַרלאָזן אייער הויז, זענען מיר אַוועק אין פּאַרטיי־אָפיס. דאָרט האָט שוין געוואַרט אויף אונדז אַ טעלעגראַם פון ניו־יאָרק. איר ווייסט ווער עס קומט צו פליען צו אייער באַנקעט? איר וועט נישט טרעפן...

בעלקין:

מיטאַמאָל. דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי!

פּאקס:

מיט פרייד צו בעלקינען און פּרענצעסן. נו, וואָס זאָגט איר איצט?.. מיר האָבן גלייך טעלעפאָנירט דעם סאָוויעטישן קאָנסול. ער האָט אָנגענומען מיט פאַרגעניגן. דאָקטער מעק־פּערסן, פון דער יוניטאַרי־שער קירכע, האָט אויך מסכים געווען אייך צו באַגריסן.

חוה:

סאַרקאַסטיש. אַזאַ כבוד. אַזאַ כבוד... איר האָט שוין אין איינ־

ווענס געמעגט פאַרבעטן דעם מופטי' אויך...

פאַקס:

איגנאָרירט חוהס באַמערקונג. ער זעצט פאָר זיין פריילעכן באַריכט. איר זעט, מיר שלאָפן נישט. אַזוי גיך ווי מיר זענען געווען זיכער אַז דער קאָנסול מיטן גלח האָבן אָנגענומען די איינלאַדונגען, האָבן מיר גלייך אַוועקגעשיקט מודעות אין די צייטונגען. עס וועט אויך זיין אַ באַגריסער פון די נעגערישע מאַסן...

פרענצעס:

מיט אַ שמייכל. געניאַל! געניאַל, זאָג איך אייך. איר פאַרגעסט קיין איין זאַך נישט.

פאַקס:

באַמערקט נישט איר סאַרקאַזם. ניין, מיר בעלקין דערנענטערט זיך צו איר. איר וואָלט זיך געמעגט צוויילן אָנשרייבן די בריוו צו אייערע ברידער און די ביאָגראַפיע פון אייער מוטער.

פרענצעס:

שמייכלט. און וואָס נאָך?

פאַקס:

זעצט זיך נעבן איר. מיר האָבן זיך היינט צופעליק באַגעגנט מיט דעם יונגן פּראָפעסאָר, וועגן וועלכן מיר האָבן היינט בייטאָג גערעדט. אויב איר ווילט, קאָנען מיר אים איינלאַדן צו דעם באַנקעט. ער וועט גערן קומען. איך האָב אים געזאָגט וועגן אייך.

פרענצעס:

גיט זיך אַ שטעל אויף. איר זענט דאָך איצט נישט געקומען מיר רעדן דעם שידוך?

פאַקס:

קוקט אויף איר און אויף בעלקינען. ניין. דעם אמת זאָגנדיק, זענען מיר געקומען אייך דערמאָנען. אַז איר זאָלט זיך צוויילן מיט די בריוו צו אייערע ברידער און, אין איינוועגס, אויפנעמען עטלעכע קליינינקייטן מיט אייער פאָטער. חבר שוחט וועט דאָ באַלד זיין. ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן ביי אַ וויכטיקן מיטינג אין פּאַרטיי־אָפיס.

פרענצעס:

ווי עס זעט אויס, איז דער באַנקעט גאָר וויכטיק פאַר אייך. איר

זשאַלעוועט נישט קיין מי.

פּאקם:

אַבי איר פאַרשטייט וואָס מיר טאָן פאַר אייער פּאָטער. ער האָט זיך אָבער פאַרדינט.

פּרענצעס:

דאָס איז קיין פראַגע נישט.

פּאקם:

מיר האָבן שוין אויסגעגעבן אַריבער פינף הונדערט דאָלער. שוין געדונגען דעם זאַל און די קוכערס. שוין אַוועקגעשיקט „פּובליסיטי." דער דרוקער האָט שוין אויסגעזעצט אַ צאָל אַרטיקלען. מיר האָבן מאָביליזירט אַלע אָרגאַניזאַציעס צו שאַפן באַגריסונגען, אַדוועררטייז־מענטס און פאַרקויפן בילעטן. אָפּדרוקן דעם בילעט האָט אונדז גע־קאָסט מיט אַכט דאָלער מער, ווייל מיר האָבן געוואָלט האָבן אַ שיינעם בילעט. מיר האָבן שוין אפילו באַשטעלט בלומען. אַלץ צוליב אייער פּאָטער. און דאָס איז נאָך נישט אַלץ, מיס בעלקין.

פּרענצעס:

עס איז געגנוג, אַז איך זאָל האָבן אַ באַגריף. צום פּאָטער, וואָס שטייט אָנגעלענט אָן ביכער־שענקל און האָט אַלץ אויסגעהערט מיט קאָפּ. פּאַפּאַ, זיי אַזוי גוט און זעץ זיך אַוועק. איך וויל אייך אַלעמען עפּעס פרעגן. ער זעצט זיך נעבן חוהן. זאָג מיר, פּאַ, דו ביסט טאַקע אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם באַנקעט? עס איז שטיל. שעם זיך נישט, פּאַפּאַ. מיר זענען אַלע היימישע מענטשן.

בעלקין:

פּילט זיך אומבאַקוועם. קוקט אויף פּאקסן. וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע?

פּרענצעס:

נעמט אים אַדורך מיט די אויגן. אַז דיינע קינדער זאָלן זיין גליק־לעך, ווילסטו אויך.

בעלקין:

איך פאַרשטיי נישט. וועלכער פּאָטער וויל דאָס נישט?

פּרענצעס:

און דו, חוה, דו ווילסט דאָך אויך, אַז דיין מאַן זאָל זיין גליקלעך.

חוה:

אוודאי. אַז נישט וואָלט איך נישט חתונה געהאַט מיט אים.

קרופּניק:

פֿאַלט אַריין אין די רייד. פֿאַרגעסט נישט, אַז חבר בעלקין האָט באַלאַנגט צו דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג נאָך איידער איר האָט חתונה געהאַט.

חוה:

איך ווייס.

קרופּניק:

און די קינדער זענען פֿון זיין ערשטער פֿרוי.

חוה:

מיט זיכערקייט. איצט זענען זיי מיין מאַנס קינדער, יידישע קינדער.

פּאַקס:

איך ווייס באמת נישט, צוואָס איר צילט, מיס בעלקין.

פּרענצעס:

אַז איר וועט האָבן געדולד, וועט איר זען. אָן געדולד קאָן מען צו קיין ציל נישט קומען. איר קענט מיין פֿאָטער שוין אַ סך יאָרן. איר זענט חברים. איר ווילט באמת, אָן שום דריידלעך, אָפּגעבן כבוד אַן אַלטן וועטעראַן וואָס האָט אַלע זיינע יאָרן געטריי געדינט אייער באַוועגונג? עס איז שטיל. ענטפֿערט פֿריי, שעמט זיך נישט.

פּאַקס:

מיט אייך וועל איך זיין אָפֿנהאַרציק. איר זענט אַן אינטעליגענט, פּראָגרעסיוו מיידל. איר וועט פֿאַרשטיין. דער פּרינציפּ אונדזערער איז — דער יחיד זאָל דינען דעם כלל.

פּרענצעס:

איך פֿאַרשטיי: איר מאַכט דעם באַנקעט, אַז אייער באַוועגונג זאָל האָבן אַ נוצן. דער יחיד דאַרף דינען דעם כלל. לאָגיש, נישט קיין עוולה.

פּאַקס:

אַזוי איז דאָס. איר האָט דאָס ריכטיק פֿאָרמולירט.

פרענצעס:

זאָגט זשע מיר, איז דאָס נישט קיין פּאַראַדאָקס, וואָס אַ כלל פון הונדערטער מיליאָנען מענטשן, בוקן זיך, פאַלן אויף די קני כדי צו דינען אַ יחיד. איר זאָגט אמן צו אַלץ וואָס ער זאָגט און טוט. ווו איז אייער אויסגעהאַלטנקייט?...

קרופּניק:

וואָס האָט דאָס צו טאָן מיטן חבר סטאַלין? מיר לעבן אין אַמעריקע. סאָוויעטנפאַרבאַנד האָט מיט דעם גאָרנישט צו טאָן.

פרענצעס:

איר ווילט דאָך, אַז מיר זאָלן זיך אַלע נעמען אַ ביישפּיל פון דאָרט.

קרופּניק:

גיט זיך אַ שטעל אויף אין כעס. אוי, גאָטעניו, ווען איר מאַמע זאָל איצט אויפשטיין פון איר קבר, וואָלט זי...

פּאָקס:

חברטע קרופּניק, איר ווייסט זייער גוט, אַז די גאַנצע צרה מיט דער אַמעריקאַנער יוגנט איז, וואָס זיי טראַכטן נישט. זיי זאָגן דאָס, וואָס די געלע פּרעסע האָט זיי אַריין אין די קעפּ. קיין אייגענע מיינונג...

פרענצעס:

שמייכלט. פּאַלט אַריין אין די רייד. אויב די אַמעריקאַנער יוגנט טראַכט נישט און דענקט נישט, ווו האָט אַמעריקע גענומען פּראָפעסאָרן, אינזשענירן, שרייבער, קינסטלער, מוזיקער, אַרכיטעקטן, דיפּלאָמאַטן און נאָך...

חוה:

און וואָס האָט די געלע פּרעסע צו טאָן מיט דעם באַנקעט?

קרופּניק:

זי האָט שוין גאָר צו טאָן! זי קויפט אונטער אַלע שרייבער, אַז זיי זאָלן פירן אַ שמוציקע, „רעד־בייטערישע” פּראָפּאַגאַנדע!

חוה:

קעגן דעם באַנקעט?...

קרופניק:

יאָ, קעגן דעם באַנקעט! מען ווייסט, די געגנאָסן לאָזן זיך קאָסטן מיליאָנען כדי צו צעשטערן די פּראָגרעסיווע באַוועגונג. מען ווייסט אַלצדינג! אַלצדינג ווייסט מען! איך קאָן אייך ברענגען אַ גאַנצן פּאַק מיט ליגנס און פּראָפּאַגאַנדע! אונדז וועט איר נישט פאַרבלענדן די אויגן! אַדאַנק חבר סטאַלינען, הונדערט און צוואַנציק יאָר זאָל ער לעבן און זיין געזונט, אַדאַנק אים, איז פאַראַן אַ וואַך אויג וואָס קאָנטראָלירט אַלץ...

חוה:

מיסטער פּאקס, איר זענט דאָך אַ פירער, זאָגט איר כאָטש...

פרענצעס:

אויב איר זענט אַזוי שטאַרק זיכער אין אייער גלויבן, פאַרוואָס זאָלט איר נישט זאָגן...

פּאקס:

גיט זיך אַ שטעל אויף, כאַפּט אַרויס די ליולקע פון מויל. פאַלט אַריין אין די רייד. יאָ, מיס בעלקין. איך בין שטאַרק זיכער, אַז אונדזער גלויבן איז שאַרפער פון אַ שווערד און מעכטיקער פון אַן אַטאָמישע באָמבע! מיט אונדזער גלויבן באַזיגן מיר דעם אמת און די לאָגיק, די ליבע און די עמאָציעס. מיר היפּנאָטיזירן די דענקער און די פּאָעטן, וויסנשאַפטלער און דיפּלאָמאַטן! איר זענט גאָרנישט אַזוי נאַאיוו, אַז איר זאָלט גלייבן, אַז מען קאָן כאַפּן פיש מיט אַ הוילער ווענטקע. דער פיש וועט מיט זיין אייגענעם ווילן נישט אָנהענגען זיינע ליפּן אויף דעם ליידיקן האָק. מען דאַרף צושפּעפּן אַ ווערעמל אויף דעם העקל אויב מען וויל פאַנגען פיש.

פרענצעס:

שמייכלט. רויק. און איר האָט ווערעמלעך פאַר יעדן סאָרט פיש: פאַר מוטערס און כלות האָט איר אַן אַנטי־מלחמה ווערעמל, פאַר יידן — אַן אַנטיפאַשיסטיש ווערעמל. פאַר די אָרעמע פעלקער — אַן אַנטיאימפּעריאַליסטיש ווערעמל. פאַר נאַציס — אַ געשמאַק זאַך־ווערעמל. אין דערזעלבער צייט זענט איר אימפּעריאַליסטיש, אַנטיסעמיטיש און פאַר מלחמה. לאַכט.

קרופּניק:

זיכער! אַז דו ווילסט כאַפּן פיש, מוזטו גיין צום טייך. איר מעגט

אונדז רופן מיט אַלע נעמען. דער עיקר, מיר דערגרייכן דאָס אונדזעריקע.

חוה:

אַזוי לאַנג ווי מײַנע אויגן וועלן זײַן וואַך, וועט איר מיסטער בעלקינס קינדער נישט כאַפּן אויף אייערע האָקעס, מעגט איר אפילו אָנהענגען די גרעסטע ווערעם.

פּאַקס:

צו חוהן זייער בייז. אַז מען ווילנט אין אַ גלעזערן הויז, וואַרפט מען נישט קיין שטיינער צו יענעמס פענצטער. צו פרענצעס. מיס בעלקין: איר ווייסט וואָס פאַר אַ סאָרט פרוי אייער שטיפמוטער איז, זאָל זי זיך נישט באַהאַלטן אונטער אייערע ברידערס מאַנטלען...

פרענצעס:

צום פאָטער. פּאַפּאַ, דו זעסט נישט וואָס זיי מאַכן פון אייך אַלעמען ?...

בעלקין:

וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט שטיל און געררייכערט פּאַפּיראָסן. גייט זיך אַ שטעל אויף. מען האָט מיך שוין געמאַכט! שוין געמאַכט! גייט איבערן צימער אויפגערעגט.

עס גייט אַ קום אַריין מיסטער גוטמאַן. ער איז שיין אָנגעטאָן, ווי צו אַ מיטאָג. ווי אַלעמאָל, איז ער איצט אויך גוט אויפגעלייגט. אַלע זענען שטיל. אַריינקומענדיק, רופט ער אויס:

גוטמאַן:

אַזעלכע געוואַלדן! געשרייען! מען הערט דאָך אייך אין „סיטי־האָל." ער קוקט זיך אַרום. זע נאָר, אַ גאַנצע סאָבראַניע. ער דערזעט פּאַקסן און קרופּניקן. זע נאָר ווער עס איז אַלץ דאָ?... חבר פּאַקס. חברטע קרופּניק. די גאַנצע סמעטענע. ווו איז חבר שוחט?... צו אַלעמען נאָך אַלץ וועגן דעם באַנקעט ??

חוה:

ווי נאָר ער איז אַריין, איז זי אים אַנטקעגן געלאָפן אַ שמייכלענדיקע. ווו איז טילי ?

גוטמאַן:

אין דער צייט האָט זיך פּאַקס אוועקגעזעצט אין אַ זייט רייכערן די ליולקע. טילי האָט מיך דאָ אַרונטערגעלאָזן און זי אַליין איז צוגע־פאָרן מבקר חולה זיין אירע אַ פריינדין. זי וועט דאָ באַלד זיין.

חוה:

נעמט גוטמאַנען אונטערן אָרעם. זי ווענדט זיך צו איר מאַן. סעם, זעץ זיך אַוועק. פּרענצעס, זעץ זיך אויך אַוועק. ביידע זעצן זיך. לאָמיר נישט מיינען אַז מען קוילעט דאָ יידן. מיט איר ברודער אונטערן אָרעם גייט זי צו פאקסן וואָס זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און פּיפקעט. מיסטער פאקס, איז דאָס דער מאַן וועגן וועמען איר האָט דערציילט מיין מאַן און זיין טאָכטער?...

פאקס:

צו קרופּניק. איך קאָן נישט פאַרשטיין פאַרוואָס חבר שוחט איז נאָך נישטאָ.

קרופּניק:

איך זיץ אויף שפּילקעס. איך האָב נאָך היינט אַ מיטינג. ווען איך ווייס, אַז עס וועט זיך פאַרציען אַזוי לאַנג, וואָלטן מיר דאָס געוועז אָפּגעלייגט.

חוה:

מיסטער פאַקס, איר וועט זיך נישט אַרויסדרייען פון אַן ענטפער. איר האָט אָנגעמאַכט אַ פייער ביי מיר אין הויז, פאַרלאַנג איך, אַז איר זאָלט דאָס פאַרלעשן. אַלע זיצן און קוקן אָנגעשטרענגט אויף פאקסן.

גוטמאַן:

צו דער שוועסטער. וועגן וואָס האַנדלט זיך?

חוה:

איך האָב דיר נעכטן געהאַט דערציילט וועגן דעם מאַן...

גוטמאַן:

נו?... כאַפּט זיך, אַז זי מיינט אים. צעלאַכט ער זיך. איך בין דאָס דער?.... קאָן זיך נישט איינהאַלטן פון לאַכן. וואַרט, איך וועל דערציילן טילין וועגן דעם...

חוה:

פאַרעקשנט, צו פאקסן. מיסטער פאקס, זעט, אַלע וואַרטן אויף אייער דערקלערונג.

פאקס:

חבר בעלקין פאַרשטייט.

בעלקין:

אַ דערשלאָגענער. איך פֿאַרשטיי. צי וועט מיין האַרץ פֿאַרשטיין...

פּאקס:

חבר בעלקין ווייסט, עס איז גאָרנישט אַזוי טראַגיש, ווי די אָפּגעשטאַנענע קליינבירגער באַנעמען דאָס. איר ווייסט בעסער...

בעלקין:

אַ פֿאַרציטערטער. איך ווייס בעסער. יאָ, איך ווייס... איר זעט מיינע גרויע האָר? איך האָב אַלעמאָל שטאָלצירט מיט זיי. נאָך אין צאַרישן רוסלאַנד זיינען זיי גרוי געוואָרן. איצט זענען מיין האַרץ און נשמה גרוי געוואָרן. דער הימל איבער מיין קאָפּ איז פֿאַרוואָלקנט געוואָרן. מיינע האָפֿענונגען זענען צעבראָכן געוואָרן ווי אַן ערדענער טאָפּ.

קרופּניק:

נו, אַ טאַקטישער טעות. חבר בעלקין, איר דאַרפֿט פֿאַרשטיין...

בעלקין:

איך פֿאַרשטיי. מיינע געפֿילן אָבער האָבן זיך נאָך אַלץ נישט צוגעוווינט, אַז מען זאָל זיך רייצן מיט זיי. עס דערמאָנט זיך: ווען איך האָב געלערנט אין חדר, זענען געווען יינגלעך, וואָס פֿלעגן כאַפּן פֿליגן און אויסצופּן די פֿליגל. איך האָב דאָס קיינמאָל נישט געקאָנט צוקוקן. איך האָב בעת־מעשה געטראַכט: ווי וואָלטן זיי געפֿילט, ווען עמעץ טוט אַזאַ זאַך צו זיי... קאָנט איר זיך פֿאָרשטעלן ווי עס פֿילט אַ האָן ווען מען צופּט לעבעדיקע פֿעדערן פֿון זיין גוף?... ביין, חבר פּאקס. איר קאָנט זיך דאָס נישט פֿאָרשטעלן...

פּאקס:

מיך וווּנדערט שטאַרק, חבר בעלקין, וואָס איר, אַן אויסגעשמידטער לעניניסט, נעמט אויף דעם ענין אין קעגנוואַרט פֿון קליינבירגערלעכע פּיליסטערס, וואָס באַגרייפֿן נישט דעם אלף־בית פֿון קאָמוניזם.

בעלקין:

וווּנדערט זיך נישט, איר וועט דאָס אַלצאיינס נישט באַגרייפֿן. מיט אַ געבראָכן געמיט. איך האָב נישט קיין חרטה אויף דעם, וואָס איך בין געווען. אַ סך געלערנטע און פּשוטע מענטשן האָבן געגלייבט, אַז פֿון מאָסקווע וועט קומען די ישועה. איז דאָס אַן עבירה וואָס איך האָב

געהערט צו דער פראַגרעסיווער באַוועגונג? איז דאָס שלעכט, וואָס איך האָב געגלייבט אין דער גאולה? אַלע יידן וואַרטן דאָך שוין טויזנטער יאָרן אויף משיחן... איך בין געווען גרייט צו ברענגען מיינע קינדער פאַר קרבנות. אויפן מזבח פון פרייהייט. דעם בלבול וואָס איר האָט אויסגעטראַכט, דאָס וואָס איר האָט באַליידיקט און באַשמוצט מיין פרוי וועלכע גיט מיר האָפענונג און פרייד אין מיינע עלטערע יאָרן, דאָס זעט איר, איז שוין געווען אַ ביסעלע צופיל... צופיל...

פאקס:

שטעלט זיך אויף. איך וועל גיין טעלעפאָנירן, וואָס איז דער מער מיט חבר שוחטו.

פרענצעס:

פאַרהאַלט אים. ערשט היינט אינדערפרי האָט איר מיר דערקלערט, אַז איר האָט עדות, וואָס האָבן אַליין געזען מיט זייערע אויגן אַט אַ די שוועסטער און ברודער אין זייער נישט קיין שיינע סצענעס. אַז איר ווייסט אויף זיכער, אַז חוה האַלט אויס אַן אפּאַרטמענט און גיט אים וויזיט אויף גוטמאַנען. געלט. זי דרייט זיך אויס צום פאָטער. מיין פאָטער האָט דאָס אויך געהערט. וואָס האָט איר צו זאָגן אויף דעם?...

פאקס:

פרובירט זיך אַדורכשטופן. אַנטשולדיקט. אַנטשולדיקט. איך וויל גיין טעלעפאָנירן. אָפּ.

פרענצעס זעצט זיך אַוועק אַ בייזע. אויך חוה זעצט זיך אויף איר פריערדיקן פלאַץ. עס הערשט אַ געדריקטע שטימונג. בעלקין שטייט נעבן קאַמין. גוטמאַן רייסט איבער די שטילקייט.

גוטמאַן:

ווער עס איז נישט געווען פאַרבונדן מיט זיי, קאָן זיך נישט פאָר־שטעלן ווי אַזוי זייערע אַפּאַראַטן אַרבעטן.

בעלקין:

שטאַרק דערשלאָגן. געוואָלט צעשטערן מיין גליק. חוזק מאַכן פון מיר. די האָר אויפן קאָפּ שטעלן זיך אויף. עס איז אומגלויבלעך...

שטייט פאַרטרויערט. זיפצט.

פאקס קומט אַריין. זעצט זיך אַוועק רייכערן די ליולקע.

גוטמאַן:

דאָס וואָס זיי ווילן, אַז דו זאָלסט זאָגן: אומגלויבלעך. מיר זאָגן אומגלויבלעך און זיי פֿאַרכאַפּן דערווייל איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער. פֿאַרסמען איין מוח נאָך דעם צווייטן. ווען היטלער האָט איינגעפֿירט די גאַז־אויוונס, האָבן מיר אויך געזאָגט אומגלויבלעך. דערווייל האָבן די קולטורעלע דײַטשן אויסגעמאָרדעט זעקס מיליאָן ייִדן. זיי ווידער זענען אַנטי־פֿאַשיסטן און קושן זיך מיט היטלערן. זיי שרייען אַז זיי זענען קעגן מלחמה און פֿאַרכאַפּן לענדער און דריקן אונטער פֿעלקער. זיי זענען קעגן פּראָדוצירן אַמוניציע און אַליין פֿאַרקויפֿן זיי געווער צו די קליינע פֿעלקער, אַז זיי זאָלן זיך אַליין אויסמאָרדן...

חוה:

זיפֿצט. דער וואָס איז אינעווייניק, זעט נישט אַז ער ליגט אין אַ סדום־בעטל.

קרופּניק:

צו פּאַקסן. וואָס האָט חבר שוחט געזאָגט?

פּאַקס:

מירן מוזן וואַרטן. איך האָב אים נישט געקאָנט קריגן אויפֿן טעלעפֿאָן.

גוטמאַן:

היינט זענען אַנדערע צייטן. היינט איז רעוואָלוציע אַ גרויסער „רעקעט" (שווינדל). אַמאָל האָבן זיי געפֿירט דעמאָנסטראַציעס פֿאַר ברויט און פֿרייהייט. היינט צעשיסן זיי די, וואָס וואָגן צו בעטן ברויט. זיי האָבן אפֿילו אָפּגעשאַפֿן די פֿרייהייט צו וויינען אין דער שטיל. איר זעט, ווייזט אויף פּאַקסן און קרופּניקן. איך פֿאַרזיכער אײַך, אַז זיי וועלן נישט שטאַרבן פֿאַר דער רעוואָלוציע. אויב זיי וועלן איר דערלעבן, וועלן זיי באַלד צומאַרגנס דערשאָסן ווערן, ווי שמוציקע הינט. זיי ווייסן דאָס אויך. זיי זענען אָבער אַזוי פֿאַרפֿלאָכטן אין דער נעץ וועלכע זיי האָבן פֿאַרוואָרפֿן, אַז זיי אַליין קאָנען זיך נישט אַרויס־פּלאָנטערן. אוי, וואָלטן זיי זיך געוואָלט באַפֿרייען...

חוה:

רעוואָלוציאָנערן זאָלן נישט האָבן קיין אייגענעם ווילן, קיין מוט...

קרופּניק:

אונדז אַרט נישט וואָס איר רעדט. מיר וואָלטן שוין לאַנג אָוועק־

געגאַנגען, נאָר די פּאַרטיי האָט געהייסן וואַרטן. מיר וועלן אפילו אויסשטיין די גרעסטע באַליידיקונגען, אָבער נישט ברעכן די פּאַרטיי־דיסציפּלין. איר קאָנט זיך נישט באַרימען מיט אַזאַ זאַך...

חוה:

גיט אַ קוק ווי די גאַנצע געזעלשאַפט קוקט אויף אייך...

פאקס:

צעשרייט זיך. איך ווייס ווי די געזעלשאַפט קוקט אויף איינעם וואָס איז פאַרבונדן מיט דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג: אַ משוגענער, אַן אידיאָט, אַ פאַרטעמפּטע נשמה, אַ פאַרפירטער מענטש! אָבער די וועלט ציטערט פאַר אונדז! מיר, און נאָר מיר האָבן אויפגעריסן דעם בויך פון דער ערד! ווען איינער שעלט, וואַרפן מיר דעם גאַנצן גאַוועער צוריק אין פּנים אַריין.

בעלקין:

פאַלט אַריין אין די רייד, מיט כעס. איך וועל אַראָפּ פון זינען פון אַזויפיל רייד! דער ציט אַהין און דער אַנדערער אַהער! דער פּראָסטער מענטש ווערט צעריבן אונטער די שווערע מילשטיינער פון ווערטער. פון אַלע זייטן הערט מען שיינע, געקינצלטע, קלוגע, לאָגישע ווערטער. אַלע זענען פול מיט שיינע צוזאָגן, איינער שרייט דיין פאָלק, דער צווייטער שרייט דיין קלאַס. איינער שרייט טראַדיציע און דער צווייטער שרייט אַ נייַ לעבן גייט אויף.

גוטמאַן:

רוסלאַנד שרייט פרייהייט און פירט איין שקלאַפעריי. זי צעשיסט די גערעכטיקייט און יושר פאַרשיקט זי קיין סיביר!

בעלקין:

די פשוטע מענטשן ווערן אַרייַנגעצאַרט אין אַ נעץ פון שיינע ווערטער! די שטילע מענטשעלעך ליגן אין דער ערד. אַלע וואָס האָבן חוצפּה טרעטן אויף זיי!...

פרענצעס:

אָבער רוסלאַנד זאָגט דאָך, אַז זי ווייזט אַ שענערן ביישפּיל..

בעלקין:

צו דער טאָכטער. שטיל זאָל זיין! שטיל! דער טאַטע רעדט! צו די איבעריקע. לאַכט! פאַרוואָס לאַכט איר נישט? איר וווּנדערט זיך

פאַרוואָס איך רעד אַזוי? איר זענט פאַרגאַפּט, וואָס צום ערשטן מאָל לאָז איך הערן מיין שטים? איר וווּנדערט זיך פאַרוואָס איך שריי? איך שריי, ווייל איך וויל מיך אַליין פאַרטומלען! ווען מען שניידט מיינע געפילן, האָב איך רעכט צו שרייען! אוודאי איז לייכטער צו זאָגן יענעם מוסר. פאַרדאַמען און פאַרלוימדן אַ צווייטן איז זייער לייכט. אָפּלאַכן פון יענעם איז גאָר גרינג. הערט אויף טומלען וועגן פרייהייט און גלייכהייט! נו, בין איך נישט אַזוי שטאַרק געבילדעט, אָבער אַ מענטש בין איך דאָך! אַ סך גרויסע מענטשן, וואָס זענען אין פריוואַטן לעבן שלעכטע מענטשן, זיי מעג מען מאַכן באַנקעטן? און דיפּלאָמאַטן, און גענעראַלן וואָס שיקן מיליאָנען מענטשן צו דער שחיטה, זיי דאַרף מען אָפּגעבן כבוד, באַוואַרפן מיט בלומען און אויפ־שטעלן מאָנומענטן. זיי אַרט נישט ווער עס מאַכט פאַר זיי אַ באַנקעט. דער פּראָסטער חי־וקיים, וואָס האַלט זיך נידעריקער פון גראָז און טוט אַלע עבודות פרך, ער דאַרף בלויז פּאַטשן בראַוואָ. אים קומט קיין שום פרייד נישט פון לעבן?.... רעדט מיט ווייטיק, אַ ביסל אָפּגעשוואַכט ס'איז אַ גרויס רחמנות אויף אונדז אַלעמען. הומאַניזם, סאָציאַליזם, קאָמוניזם, אַלע, אַלע האָבן מפיל געווען. דער כאַראַקטער פון דעם מענטשן איז אויסגערונען, אָן שום נאָכווייען. די נשמות זענען נאַקעט. נישטאָ קיין תיקון!... העכער. אפילו גאָט האָט נישט באַוויזן קיין בעסערע קונץ: נישט איך דאַרף חרטה האָבן אויף מיינע זינד, נאָר גאָט דאַרף זיך שלאָגן על חטא פאַר די זעקס מיליאָן קדושים. מיט אַ ציטערדיק געבעט. דער שר המשחית האָט קיינעם נישט אויסגעלאָזן!

קרופּניק:

הייבט אָן פּאַטשן מיט די הענט פון פרייד. גערעכט, חבר בעלקין! גערעכט! קיינער רעאַגירט נישט אויף איר האַנדלונג. זי בלייבט זיצן אַ פאַרשעמטע.

בעלקין:

צופיל קשיות עקבערן שוין לאַנג מיין מוח. איך קאָן מער נישט זיין קיין בלינדער שותף און זאָגן אמן אויף אַלע פירעכצן... די וועלט איז פאַלש. אויב דו ווילסט לעבן, בייס זיך אַריין מיט דיינע ציין, ווי אַ וואָלף. רייס, שנייד, כאַפּ, זאָל דיך נישט אָנגיין וואָס מען וועט זאָגן. וואָס מער דו וועסט פאַרכאַפּן, אַלץ אַ גרעסערן מאָנומענט וועט מען דיר שטעלן. גראַפּמאַנען און זייטשיקן האָט נישט געאַרט צי די „פרייהייט" אָדער דער „איקוף" מאַכט פאַר זיי אַ באַנקעט. זיי זענען

קלוג: זיי שטיצן אַלע שרייבער און אַלע באַוועגונגען. איבעראַל גיט מען זיי אָפּ כבוד. נו, וואָלט מיך אויך געקאָסט אַ פּאָר דאָלער... ער זעצט זיך אַוועק. ער נעמט אַרויס אַ טיכל און ווישט דאָס פּנים. עס איז שטיל.

גוטמאַן:

רייסט איבער די שטילקייט. ביסט אַרויס מיט אַ מענה־לשון, ווי אַ גאַנצער פילאָזאָף.

בעלקין:

אוודאי האָט איר נישט וואָס צו זאָגן. ווען איר וואָלט געווען אין מיין לאַגע, וואָלט איר אויך אַזוי געפילט. אַלע מענטשן האָבן די זעלבע פאַ־לאַנגען. יעדער מענטש וויל באַקומען אנערקענונג, ליבע כבוד און אויספירן דאָס זייניקע...

פרענצעס:

איך האַלט, אַז דער פּאַפּאַ האָט כשר פאַרדינט אַ ביסל פרייד פון לעבן. עס איז אָבער אַ פראַגע, ווער זענען די מענטשן וואָס ווילן דיר אָפּגעבן דעם כבוד...

בעלקין:

פאַלט אַריין אין די רייד. און וואָס וואָלט מיין קלוגע טאָכטער פאָרגעשלאָגן, אַז איר פאָטער זאָל טאָן?...

פרענצעס:

זיי ווילן דיר מאַכן אַ באַנקעט — גוט און פיין. דער פּאַ דאַרף אָבער זען, אַז זיין ביסל פאַרגעניגן זאָל נישט רואינירן די לעבנס פון זיינע קינדער. זיין פערזענלעכע פרייד זאָל נישט ברענגען קיין אומגליק אויף דעם לאַנד וואָס שפּייזט אים און אויך אויף די מענטשן, אין וועמען עס פליסט דאָסזעלבע בלוט, וואָס אין אים. דער פּאַפּאַ וויל געבן די קאָמוניסטן געלט — זאָל ער זיי געבן. עס איז זיין געלט און ער קאָן טאָן מיט דעם, וואָס ער וויל. ער וויל טאַנצן און פרייען זיך מיט זיי — זאָל ער דאָס טאָן. מיר לעבן אין אַ פרייער מדינה. ער מוז אָבער אונדז אַרויסלאָזן פון דער נעץ...

בעלקין:

מיין געטרייע טאָכטער האָט געמאַכט אַ פיינעם, בורזשואַזן קאָמ־פראָמיס: דער לייב זאָל זיין זאַט און דער שעפּס זאָל זיין גאַנץ.

עס קלינגט דער טעלעפאָן. חוה לויפט ענטפערן.

פאקס:

צו פרענצעסן. ווי איר זעט, איז אייער פאַטער אַן אויסגעהאַלטע־נער מענטש. די פּאַרטיי, די באַוועגונג שטייט ביי אים פיל העכער, ווי דאָס פּריוואַטע לעבן. איך האָב געמיינט, אַז איר זענט געראָטן אין אייער פאָטער.

פּרענצעס:

צו פאַקסן. ווי מייסטערהאַפט איר טייטשט אויס די מענטשלעכע געדאַנקען פאַר אייער טובה וועגן. איר זעט בלויז דאָס, וואָס איר ווילט זען...

חוה באַווייזט זיך אויף דער שוועל. זי ווענדט זיך צו פאַקסן.

חוה:

מיסטער שוחט קאָן נישט קומען. ער האָט געבעטן, אַז איך זאָל אייך שיקן צום טעלעפאָן. פאַקס גייט שנעל אָפּ. חוה קומט אַריין און זעצט זיך אַוועק.

בעלקין:

זיפצט און רעדט מיט אַ געבראָכן געמיט. מיין פרוי האָט געזאָגט אַ קלוג וואָרט: אַ מענטש קאָן נישט אַנטלויפן פון זיך אַליין. ניין, איך קאָן נישט זיין אַנדערש ווי איך בין. עס איז בילכער אַ ריין געוויסן, ווי אַ סך וויסן... ניין. אפילו דער סאָוויעטנפאַרבאַנד האָט נישט געקאָנט פועלן, אַז עלטערן זאָלן פאַרמסרן זייערע קינדער... איך דאַרף נישט קיין שותפים צו מיינע עבירות... איך האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז די פאַרטיי וועט גיין אַזוי ווייט: מיט צווי פעטלעס האָט די באַוועגונג מיך געוואָלט דערווערגן. זאָל מען מיך בעסער רופן קאָסמאָפּאָליט און ציוניסט, איידער ברענגען מיינע קינדער אויף אַ פאַלשן מזבח. חברטע קרופּניק, איר מעגט דאָס אַלץ פאַרשרייבן. חבר פאקס וועט אַריינקומען, וועל איך מיך נישט שעמען און אים אויף זאָגן, אַז...

ער בלייבט מיטאַמאָל שטיל ווייל פאַקס האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. ער איז ווייס ווי קאַלך. אַלע ווענדן איצט זייערע בליקן צו אים. קרופּניק דערנענטערט זיך צו פאַקסן, בעת ער גייט אַראָפּ די טרעפּלעך אין דעם זאַל אַריין. אַלע וואַרטן אַז ער זאָל עפּעס זאָגן.

קרופניק:

**וואָס איז, איז עפּעס פאָרגעקומען אין דעם דיסטריקט־קאָמיטעט?...**

פּאקס:

מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און אַ געבראָכן געמיט. **חבר שוחטן האָט מען באַזייטיקט... דזשאָנסאָן איז באַשטימט געוואָרן אויף זיין פּלאַץ... עס וועט נישט זיין קיין באַנקעט... עס האָט זיך געביטן די פּאַרטיי־ליניע...** ער קאָן נישט רעדן.

אלע:

**וואָס? ווען? פאַרוואָס? נישט קיין באַנקעט? פּאַרטיי־ליניע? אויס באַנקעט?...**

פּאקס:

נעמט זיך אָן מיט מוט. ציילט זיינע ווערטער. **חבר שוחט האָט ערשט גערעדט מיט מיר. ער איז נאָך אין דיסטריקט־קאָנסול. עס איז פאָרגעקומען אַ הייסע זיצונג, דעריבער האָט ער נישט געקאָנט קומען. בעת דער זיצונג זענען אָנגעקומען צוויי טעלעגראַמען פון צענטראַל־קאָמיטעט, אַז מען זאָל גלייך צוריקרופן דעם באַנקעט, ווייל עס האָט זיך געביטן די פּאַרטיי־ליניע...** עס איז שטיל אין זאַל. מיטאַמאָל, מוטיקער. **וואָס דאַרף מען זיין אַזוי פאַרזאָרגט?** מיט אַ געמאַכטן שמייכל. **ווען מיר ווייסן, וואָלטן מיר נישט אַריינגעבאָדן אַזויפיל געלט...**

גוטמאַן:

גיט זיך אַ שטעל אויף. **פּאַרטיק! געענדיקט! געביטן די ליניע! קיינער ווייסט נישט די סיבה, קיינער קאָן איצט גאָרנישט טאָן. אַ דעקרעט פון קרעמל! אַ באַפעל! אַ געבאָט און פאַרחתמעט!** צו פּאקסן. **מיט וואָס וואָלט די רעוואָלוציע אייערע געליטן, ווען עס וואָלט יאָ פאָרגעקומען אַ באַנקעט? מיט וואָס וואָלט דער דיאַלעקטישער מאַרק־סיזם און דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם מיט זיין לעניניזם און סטאַליניזם געליטן, ווען דער באַנקעט וואָלט יאָ פאָרגעקומען?... וווּ איז שכל, מענטשלעכקייט, דרך ארץ פאַר אַן אַלטן וועטעראַן, וואָס האָט אייך געדינט זיין גאַנץ לעבן?...** אַ מאַך מיט דער האַנט. **נישטאָ מיט וועמען צו רעדן...** גיט זיך אַ זעץ אַוועק.

פרענצעס:

שפּאַנט בייז איבערן צימער. **אויף אַזויפיל האָב איך מיר אויך נישט פאָרגעשטעלט.**

חוה:

גייענדיק צו בעלקינען וואָס שטייט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און זיפצט הויך, אַז עס איז אַזש אַ רחמנות צו הערן. **אַ טראַגי־קאָמישער חוזק..**

די פאָרהאַנג לאָזט זיך גיך אַרונטער.

סוף.

## אין פאַרלאַג י. ל. פרץ־ביבליאָטעק
## זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדע ביכער.

| | |
|---|---|
| י. זרבבל: | בלעטער פון אַ לעבן — באַנד I |
| י. זרבבל: | בלעטער פון אַ לעבן — באַנד II |
| מענדל מאַן: | נאָכט איבער גלושינאָ |
| אברהם סוצקעווער: | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן: | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי: | בילדער און דערציילונגען |
| י. פאַפּיערניקאָוו: | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן: | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק: | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין: | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קיבוץ לעבן) |
| מלך נוי—ניישטאַדט: | דאָס ערשטע און דאָס צענטע יאָר מדינת־ישראל |
| אפרים שרייער: | קונסט און טעאַטער (העברעיש) |
| יצחק לעוו: | אין גערּאַנגל — געקליבענע שריפטן |
| מרדכי יפה: | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פאַנער: | שלום אש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין: | מענטשן פון נעכטן |
| נחמן דרוזדוב: | אחד העם |
| עזרא קאַרמאַן: | צייכנס און צירופים |
| ה. לייוויק: | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| י. לעשצינסקי: | הדמות הלאומית של יהדות הגולה (דאָס נאַציאָנאַלע פנים פון גלות־יידנטום) — העברעיש |
| יעקב פאַט: | שיחות עם סופרים יהודיים (שמועסן מיט יידישע שרייבער) — העברעיש |
| רבקה באַסמאַן: | טויבן ביים ברונעם |
| י. צ. שאַרגעל: | פון וויי און גלויבן |
| דוד זאַקאַליק: | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש: | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס: | מיט דער שיף „טשיטשערין“ |

| | |
|---|---|
| מאַטעס דייטש: | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש (לידער) |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע — באַנד I |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע — באַנד II |
| יוסף ראָזען: | געקליבענע שריפטן (העברעיש) |
| י. גלבוע: | אויף די חרבות פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד (העברעיש) |
| מרדכי אורן: | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט — באַנד I |
| מרדכי אורן: | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט — באַנד II |
| יוסף כרמל: | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| הערש הענדל: | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |

**דערשינען פון דעם זעלבן מחבר:**

חיים סאָלאָמאָן: — אַ היסטאָרישע שטייגער־דראַמע פון דער צייט, פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, 1767.

מרימס חלום: — אַ פּראָבלעם־דראַמע פון דעם איצטיקן, יידישן לעבן אין אַמעריקע.

**עס זענען גרייט צום דרוק פון דעם זעלבן מחבר:**

ד ר אַ מ ן:

אויף פרעמדער ערד

אחספר און דער אַריער

די מוטער

ווען חלום ווערט ווירקלעכקייט

אידעאַליסטן

נ אָ ו ו ע ל ן:

דער רענעגאַט

דער ל״וו׳ניק

אַ בוך דערציילונגען

אַ בוך שפּריכווערטער, חכמות, אידיאָמען

אַ בוך עסייען